Samuel Zacher

ד"ר מ. לעהמאן

פאָלקס-ערצעהלונגען

איבערזעצט דורך י. שפּירא.

# דער יודישער מיניסטער

(אינטערעסאַנטע ערצעהלונג פון יודישען לעבען אין פּוילען
אין 18-טען יאָהרה נדערט)

הויפּט-פערקויף:
Sz. Cukier, Warszawa
Dzielna 18.

1921
וואַרשאָ,
פערלאַג: „אַלט-יודיש".

## 1) דער חורבן בית־הכנסת.

דעם 18-טן מערץ 1669 האָט זיך פערזאַמעלט אַ גרויסער המון אין די נגרענצשטראַסע אין האַלבערשטאַדט פאַר דער שוהל. ס'האָט זיך פערשפרייט אַ קלאַנג, אַז די יודישע שוהל וועט איינגעוואָרפען ווערען. אין־דערביה 11 אַזייגער איז ערשינען פאָלקאָווניק בורגסדאָרף מיט פופציג מוסקעטערען און האָט פערנומען דעם פלאַץ פאַר דער שוהל. דאַן איז אַרויסגעטראָטען דער נאָטאַריוס דניאל גראָסהיים מיט פיעל מויערער און בויער. דער נאָטאַריוס האָט געעפענט אַ רעסקריפט און אָנגעהויבען הויך צו לייענען.

„אין נאָמען פון זיין קורפירשטליכען דורכלויכט אונזער אַלערגנעדיגסטען קורפירשט און הערר;

„נאָכדעם ווי זיין קורפירשטליכע דורכלויכט, פרידריך ווילהעלם, פון ג—טס גנאָד קורפירשט פון דער הייליגער רוימישער מלוכה, מאַרקגראַף פון בראַנדענבורג, פירשט פון האַלבערשטאַדט א. א. וו. א. א. וו., האָט איינגעשטימט אַלערגנעדיגסט אויף די אונטערטעניגסטע ביטע פון די געטרייע קלאַסען, אַז די יודען פון האַלבערשטאַדט זאָלען קיין שוהל ניט האָבען, האָט דער וואוילקלוגער מאַגיסטראַט און ראַט פון דער שטאָדט בעשלאָסען, דאָס מען זאָל היינט, דעם 18-טען מערץ 1669 צושטערען די יודישע שוהל און מאַכען זי גלייך מיט דער ערד“.

ווערענד מען האָט דעם רעסקריפט געלעזען, האָט אַרום געהערשט אַ טויטע שטילקייט. ווען דער נאָטאַריוס איז פערשוויגען געוואָרען, האָט דער המון אויסגעבראָכען מיט אַן אונגעדולדיגען פרייד־געשריי. דער נאָטאַריוס האָט דאַן גענומען אַ מעכטיגען האַמער און איינגעבראָכען די טהיר פון דער שוהל; די מויערער און בויער האָבען מיט העק און לאָמען זיך דאַן גענומען פאַר דער צושטערונגס־אַרבייט.

ווי אַ בליץ און העלער הימעל האָט די שרעקליכע ידיעה דערגרייכט צו די יודען פון האַלבערשטאַדט; זיי האָבען זיך אַלע אַ לאָז־געטהון פון זייערע היימער, ווייענדיג אויס'ן קול, און זענען געלאָפען צום אָרט, וואו ס'איז פאָרגעקומען דער שרעקליכער חורבן. אָבער די מוסקעטערען האָבען

זײַ אָבגעהאַלטען און ניט געלאָזען צו־קומען צום אָרט, װעהרענד דער המון האָט די אומגליקליכע אויסגעלאַכט און אָבגעשפּאָטעט פֿון זײ.

אײנער פֿון די חשוב'סטע בעלי־בתּים פֿון דער קהלה איז געװען דאַמאָלס רבי יהודה לעהמאַן פֿון עסען. ער איז געשװינד צום בירגער־מײסטער צוגעגאַנגען און געזאָגט:

— הער בירגערמײסטער, װאָס טהוט מען עס מיט אונזער שוהל?

— האַ—האַ—האַ — האָט זיך צולאַכט דער בירגערמײסטער — מען װאַרפט זי אײַן.

— ניט מעלדענדיג װענען דעם פריהער די פאָרשטעהער פֿון דער קהלה?

— ס'פערשטעהט זיך! װען מען װאָלט עס אײַך פריהער געמעלדעט, װאָלט איהר באַלד געלאָפען און געמאַכט אַ ליאַרם בײַם קורפירשט, ביז איהר װאָלט אויסגעפועל'ט, אַז מען זאָל דעם בעפעהל אָבשאַפען.

— הער בירגערמײסטער, װי אַזױ קענט איהר דאָס פערענטפערן פֿאַר ג—ט?

— איך האָב געפרעגט בײַם אויבער־גלח; ער האָט דערױף מסכּים געװען. דאָס יודישע בית־הכּנסת מוז אײַנגעװאָרפען װערען און מען מוז עס גלײַך מאַכען מיט דער ערד.

— ערלױבט אונז לפּחות אַרױסצונעהמען פֿון אָרון־הקודש די ספרי־תּורה'ס, כּדי די הײליגע ספרים זאָלען ניט פערשװעכט װערען.

— כ'װעל אײַך קײן זאַך ניט ערלױבען, קײן זאַך ניט! אַלץ מוז חרוב ומוחרב װערען!

רבי יהודה לעהמאַן איז שרעקליך דערשראָקען געװאָרען. אַ שטראָם טרעהרען האָט זיך אַ גאָס־געטהון פֿון זײַנע אױגען.

— הערר בירגערמײסטער, זענט דאָך גנעדיג!— האָט ער אױסגערופען — ערלױבט, אַז מיר זאָלען אַרױסטראָגען די ספרי־תּורה'ס און אַזױ פערהיטען זײ פֿון חלול־הקודש! תּורת משה איז דאָך אױך פֿאַר אײַך הײליג, פֿאַר די קריסטען, װי פֿאַר די יודען.

— מאַרש, אַװעק פֿון דאַנען, יוד, אָדער איך װעל אײַך לאָזען אַרױסװאַרפען דורך דעם פאָליצײ־בעדיענטען!

— נו, נו, הערר בירגערמײסטער, איך גײה אַװעק; אָבער איך זאָג אײַך, אַז מיר אַלע, מאַנסביל, װײבער און קינדער, װעלען מיט אונזערע לײַבער דעקען און בעשיצען דעם אָרון־הקודש, װאָס ס'געפינען זיך די הײליגע קמיען. הרג'עט אונז אױס בעסער אַלעמען, אײדער מיר זאָלען דערלעבען צו זעהן, װי מען פערשװעכט אונזער הײליגע תּורה. אָבער אױף אײַער קאָפּ װעט פאַלען די פערענטװאָרטליכקײט. דער קורפירשט װעט פאָרערן פֿון אײַך אַ רעכנונג פֿאַר'ן פערגאָסענעם בלוט!

דער בירגערמײסטער איז מבולבל געװאָרען. ער האָט אײַנגעזעהן, אַז אין די רײד פֿון'ם יודען ליגט גרױסער ערנסט. דער קורפירשט פריגריך

ווילהעלם, וועלכער איז געווען באוואוסט מיט'ן נאמען „דער גרויסער קורפירשט" איז קיין שונא ישראל בכלל נישט געווען. דאס האט ער מיט עטליכע יאהר שפעטער ערלויבט די פון ווין ארויסגעטריבענע יודען צו באזעצען זיך אין בערלין. נאר לויט דער דרינגענדער ביטע פון די האלבערשטעדטער קלאסען, האט ער באשלאסען, אז „די האלבערשטאדטער יודען זאלען קיין שוהל נישט האבען". די מעשה איז טאקי געווען, אז די האלבערשטעדטער יודען האבען עובר געווען אויף דער ערלויבניש פונ'ם קורפירשט, איינצוארדנען בלויז א פריוואטע שוהל, און האבען זיך אויסגעבויט א קהל'שע שוהל. וועהרענד דעם דרייסיג-יעהריגען קריעג איז די שוהל חרוב געווארען אום תשעה-באב ה' שפ"א (1621). ווען האלבערשטאדט איז דורכ'ן וועסטפאלישען שלום אין יאהר 1648 אבגעגעבען געווארען דעם בראנדענבורגער קורפירשט, האט דער קורפירשט ערלויבט, אז עלף יודישע משפחות זאלען וואוינען אין האלבערשטאדט און האבען דארט א פריוואטע שוהל.

דאמאלט איז געווען דער ראש-הקהלה רבי ירמיה, א איש נכבד ונשוא פנים, ער האט תיכף געלאזט אויפבויען א קהל'שע שוהל און האט אזוי ארום מעגליך געמאכט פאר פיעל יודען צו באזעצען זיך אין האלבערשטאדט. דורך זיין איינפלוס האט דאס אלץ געקאנט געשעהן, ווייל די אנגעזעהענסטע מיטגליעדער פון מאגיסטראט און פון ראט זענען איהם געווען פערפליכטעט און שולדיג א דאנק פאר פיעל טובות.

יעצט אבער איז שוין רבי ירמיה געווען אויפ'ן עולם האמת; דאן האבען די קלאסען-פארשטעהער תיכף נאך זיין טויט אנגעגעבען א ביטע דעם קורפירשט און אויסגעהויבען, אז מען זאל די שוהל צושטערען; דען זיי האבען זיך געקלאגט, אז דורך דער שוהל האט זיך שטארק פערגרעסערט דער יודישער ישוב אין האלבערשטאדט און זיי האבען אויף א העסליכען אופן פארגעשטעלט, אז די יודען האבען עובר געווען אויפ'ן קורפירשטליכען בעפעהל און זיין ערלויבעניש צו עפענען זיך בלויז א פריוואטע שוהל. אויף דער דאזיגער ביטע האט דער קורפירשט ארויסגעגעבען דעם דערמאהנטען בעפעהל איינצווארפען די שוהל. דער גרויסער קורפירשט איז געווען א שטרענגער, אבער א גערעכטער הערר, און פאר בלוט-פערגיסונג — דאס האט דער בירגערמייסטער גוט געוואוסט — וואלט ער שטרענג בעשטראפט.

און דעריבער, ווען דער בירגער-מייסטער האט דערזעהן, אז די יודען זענען העכסט ענטשלאסען צו פערטיידיגען און באשיצען זייערע ספרי-תורה'ס ביז לעצט, האט ער געגעבען די ערלויבעניש ארויסצונעהמען די הייליגקייט פון ארון-הקודש, איידער מען וועט איהם איינווארפען.

די מויערער און די בויערס האבען שוין געהאט איינגעלעגט א גרויסען טייל פון דער שוהל ווען מען האט זיי געגעבען א בעפעהל אבצושטעלען זייער צושטערונגס-ארבייט.

רבי יהודה לעהמאן אין דער בעגלייטונג פון אלע איבריגע שטאדט-

שוישע בעלי־בתים איז צוגעגאַנגען צום ארון־הקודש, וועלכען דער חזן האָט געעפענט, זינגענדיג מיט אַ מרויעריגע און פּײַערליכע שטימע: „ויהי בנסוע הארון ויאמר משה: קומה ד' ויפוצו אויביך וינוסו משנאיך מפניך". ווען דער ארון האָט זיך געעפענט און ווייג אַריין, האָט משה געזאָגט: דערהויב זיך ג—ט און זאָלען צושפּרייט ווערען דיינע פיינד און עס זאָלען אַנטלויפען דיינע האַסער פון דיין פּנים".

אַלע אָנוועזענדע יודען האָבען אָנגעהויבען וויינען אויפ'ן קול, ווען דער חזן האָט דאָס געזונגען, און דאָן האָבען זיי, איינער נאָכ'ן אַנדערען, אַרויסגענומען די ספרי־תורה'ס פון ארון־הקודש, האָבען זיי געקושט און אַוועקגעטראָגען פון דאָרט.

ווען די פּאָליקס־מאַסען, וואָס זיינען געווען פּערזאַמעלט אין דרויסען, האָבען דערזעהען די יודען אַרויסגעהן מיט די הייליגקייטען, האָבען זיי גע־מאַכט אַ וואַרע, און אַזוי־אַרום האָבען די יודען אַריינגעבראַכט די ספרי־תורה'ס אונגעשטערט צו רבי יהודה לעהמאַן און שטוב אַריין.

און אין דער געבענשטראַסע האָבען די אַרבייטער וועלכע געפיהרט זייער ציטערונגס־ווערק אַ פּאָר שעה שפּעטער איז פון דער שוהל געבליבען אַ זכר — אַ באַרג שטיינער קאַלך מיט צובראָכענע שטיקער האָלץ. די שוהל איז גלייך געמאַכט געוואָרען מיט דער ערד. אָבער אויך די שטיינער מיט'ן קאַלך מיט די האָלץ האָט מען באַלד אַוועקגעפיהרט און אַ זכר פון דער שוהל איז געבליבען נאָר — דער לעדיגער פּלאַץ צווישען די הייזער, וואו די יודישע שוהל איז אַ מאָל געשטאַנען און די האַלבערשטעדטער יודען האָבען דאָרט געפּילט אויסגיעסען זייער האַרץ פאַר'ן רבונו של עולם.

דער בירגערמייסטער און דער ראַט האָבען געמעלדעט וועגען דעם געשעהעניש און בערלין און געבעטען דערביי ביים קורפירשט אַרויסצוגעבען אַ פּעראָרדנונג, אַז און דער צוקונפט זאָלען די יודען און האַלבערשטאַדט זיין געצוואונגען צו טראָגען, ווי און אַלטע צייטען, געלע היט, כדי יעדערער זאָל זיי באַלד דערקענען פון דער ווייטען און האַלטען זיך אָן דער זייט פון זיי.

אָבער אויך די יודען האָבען געשיקט אַ שליח־מיוחד קיין בערלין, וועלכער האָט דאָרט איבערגעגעבען דעם קורפירשט די זאַך, לויט ווי זי איז ווירקליך געשעהען.

דער קורפירשט איז געווען העכסט אויפגערעגט איבער דער געוואַלד פון די קלאַסען און האָט דאָס ערקלערט אַלס אַ פערבּאַטונג פון זיין מאַכט און זייערע חענד און אַ מיסברויך פון זיינע סאָלדאַטען; ער האָט געפאָדערט אַ רשימה פון די שולדיגע, כדי זיי צו בעשטראָפען און האָט בעפוילען, אַז די שטאָדט זאָל אומקעהרען די יודען זייער שאָדען.

יעצט זענען שוין די יודען אַליין אַרויסגעטראָטען אַלס מליצי־יושר פאַר זייערע פיינד און האָבען געבעטען ביים קורפירשט, אַז ער זאָל די

קריסטלעכע שטאָדט־לײַט נישט בעשטראָפֿן, הײַל די יודען זאָגען זיך אָפּ פֿון נקמה און דער פֿאָדערונג אומצוקערען זײַ דעם שאָדען; זײַ האָבען אָבער דערבײַ אויך געבעטען, אַז מען זאָל זײַ ערלויבען ווידער אויפֿצובויען די שוהל.

דעם ערשטען טײל פֿון זײער ביטע האָט מען זײַ גנעדיג נאָכגע־געבען און מען האָט די קריסטען נישט בעשטראָפֿט. דער מאַגיסטראַט און דער שטאָדט־ראַט זענען אַמנעסטירט געוואָרען, אָבער די ערלויבניש ווידער אויפֿצובויען די שוהל האָט מען די יודען נישט געגעבען.

מיט אַזאַ מין גערעכטיגקײט האָבען זיך דאַמאָלס גוהג געווען די מאָנאַרכען, אַפֿילו שוין די בעסערע, בנוגע די יודען!

ווען די דאָזיגע ידיעה איז אָנגעקומען קײן האַלבערשטאַדט, האָט די גאַנצע קהלה מיעף געטרויערט. רבי יהודה לעהמאַן איז געזעסען בײַ זיך און שטוב געבען די פֿער־יתומ'טע ספֿרי־תורה'ס און האָט ביטער גע־וויינט. דאַן איז צוגעגאַנגען צו איהם זײַן אַכט־יעהריגער זוהן און האָט איהם געקושט די האַנד און געזאָגט:

— טאַטע, וויין נישט, איך וועל די שוהל שפּעטער צוריק אויפֿבויען!

און רבי יהודה האָט אַרומגענומען זײַן קלײנעם זוהן, געקושט איהם און געזאָגט:

— זאָל דער אויבערשטער געבען, אַז דו זאָלסט קאָנען מקיים זײַן וואָס דו זאָגסט! נישט אומזיסט דערצעהלען דאָך אונז אונזערע חכמים, אַז די קינדער זענען כמעט נבירים. יאָ, דו וועסט די שוהל ווידער אויפֿ־בויען פֿיעל שענער און הערליכער!

רבי יהודה האָט געלעגט גרויסע האָפֿנונגען אויף זײַן דאָזיגען זוהן. ווען אין יאָהר 1659 איז געשטאָרבען דער גרויסער יוד, דער פֿערטײדיגער פֿון זײַן פֿאָלק, רבי מנשה בן ישראל, האָט דאָס גאַנצע יודישע פֿאָלק נאָך איהם געטרויערט. די יודען האָבען זיך געשפּירט, ווי פֿער־יתומ'ט. דער טויט האָט צוגענומען בײַ זײַ זײער בעשיצער און דעם שתדלן לטובת די פֿערפֿאָלגטע. און ווען די דאָזיגע טרויעריגע ידיעה איז אָנגעקו־מען קײן האַלבערשטאַדט, האָט דער פֿרומער רבי יהודה לעהמאַן מתפּלל געווען צו ג—ט, אַז ער זאָל ממלא זײַן די גרויסע יודישע אבידה.

— רבונו של עולם — האָט ער תפֿלה געטהון — איך אַלײן בין צו־שוואַך, כדי צו קאָנען ווערען אַ צווייטער מנשה בן ישראל פֿאַר דײַן פֿאָלק, גיב מיר, רבונו של עולם, אַ זוהן, וועלכער זאָל ווערען אַ בעשי־צער פֿון די געדריקטע, אַ מושיע פֿאַר די פֿערפֿאָלגטע און אַ פֿערטײדיגער פֿון די געפּײניגטע!

אַ יאָהר שפּעטער איז בײַ רבי יהודה לעהמאַן געבוירען געוואָרען אַ זוהן, וועלכען ער האָט אַ נאָמען געגעבען בערמאַן. אַ אינערליכע שטימע, דאָס הארץ, האָט דעם פֿאָטער געזאָגט, אַז דער אויבערשטער האָט זײַן תפֿלה פֿערנומען און אַז דער קלײנער בערמאַן וועט אַמאָל הערען

אַ גדול בישראל. ווי האָט עס דערויבער דערפֿרעהט ז'אָם האַרץ פֿון פֿאָטער ווען דער אַלט-יעהריגער זוהן האָט מיט בעשטימטקייט פֿערזיכערט, אַז ער וועט ווידער אויפבויען די צעשטערטע שוהל. רבי יהודה האָט זיין קינד געקושט און אַ פֿעסטער בטחון האָט ערפֿילט זיין האַרץ.

---

## 2) אַ נגידישער שלש-סעודות.

האָסטו שוין, פֿערעהרטער לעזער, געהערט דעם שעהנעם נאָמען האַלט-עמאַ? ס'איז דער נאָמען פֿון'ם טייך, וואָס גיעסט זיך אַדורך ביי האַלבער-שטאַדט. די דאָזיגע שטאָדט בעשטעהט פֿון צוויי טיילען: איין טייל ליעגט אין טהאָל און הייסט: די אונטערשטאַדט, דער צווייטער—אויף אַ באַרג און הייסט: די אָבערשטאַדט. האַרט ביי'ם טייך שטעהט אַ גרויס שעהן הויז, און וועלכען ס'האָט מיט העכער צוויי הונדערט יאָהר צוריק געוואוינט רבי בערמאַן לעהמאַן. פֿיעל יאָהר זענען אַריבער, זינט ס'איז פֿאָרגעקומען די געשעהניש, וואָס איז דערצעהלט געוואָרען אין ערשטען קאַפּיטעל. דער גוטער און פֿרומער רבי יהודה לעהמאַן איז שוין לאַנג געווען אויפ'ן עולם האמת און זיין געליעבטער זוהן בערמאַן איז געוואָרען אַ חשוב'ער, רייכער סוחר, וועלכער האָט געפֿיהרט געשעפֿטען מיט די רייכע פּריצים אין דער סביבה. רבי בערמאַן האָט הצלחה אין אַלץ, זיינע עסקים געהען גוט; ער האָט גליק און איז געבענשט געוואָרען מיט אַן'אשת-חיל, מרים, וועלכע האָט געשמ'ט מיט איהר פֿרומקייט און גוטסקייט; זיין עלטערע טאָכטער איז שוין יעצט געווען אַ כלה פֿאַר אַ יונגען מאַן פֿון פֿראַנקפֿורט אַם-מאַין, רבי משה קאַהן, וועלכער האָט שפּעטער פֿערנומען אַ העכסט חשוב'ען אָרט אין זיין פֿאָטער-שטאָדט: ער איז געוואָרען ראש-הישיבה און פֿאָרשטעהער פֿון די בעריהמטע קאַהנ'ס אין פֿראַנקפֿורט.

און אַ געוויסען שבת האָט דער יונגער חתן געהאַלטען אַ דרשה אין שוהל—אָה, די שוהל איז נאָך אַלץ געווען אַ פּריוואַטע, ווייל די קהל'שע שוהל איז נאָך אַלץ נישט געווען אָבגעבויט! — די דרשה איז געווען פֿון תלמוד אין דער סוגיא „נגאל באלה" (קידושין כ"א) און האָט ביי אַלעמען נושא חן געווען. צו שלש סעודות האָט רבי בערמאַן איינגעלאַדען צו זיך זיין גאַנצע משפּחה און אַלע חשוב'ע בעלי-בתים פֿון דער קהלה. קיין רב איז דאַמאָלס אין האַלבערשטאַדט נישט געווען: די שלעכטע צייטען האָבען נישט ערלויבט צו אַנגאַזשירען אַ רב.

די פֿיעל געסט זענען געזעסען ביי אַ רייך צוגעגרייטען טיש. צוליעב שבת האָט מען דערלאַנגט קאַלט שפּייזען. בעזונדערס שטאַרק האָבען אויס-גענומען ביי אַלעמען די פֿערשיעדענע מיני פֿיש, וואָס די בעל'הבית'טע האָט געלאָזט דערלאַנגען צום טיש. די פֿיש האָבען געשטאַמט פֿון האַלבער-שטאָדטער טייך האָלטעמא. דער חתן, דער פֿראַנקפֿורטער מיוחס, האָט

חֲנִיג-וואָס געהאַלטען פוּן די האַלבערשטאַדטער פּיש.

— איך ווייס נישט — האָט ער געזאָגט — איטערע פּיש האָבען קענען אַ בעזונדערען בייגעשמאַק.

— דאָס קומט דערפון — האָט ערקלערט רבי יואל, רבי בערמאַנ'ס שוועהר—וואָס אונזערע פּיש שמאַמען פון קליינע טייכען, וועהרענד אייערע פּיש שטאַמען פון גרויסען מאַין.

— יאָ—האָט געענטפערט דער חתן רבי משה—דאָס מזג, משמעות, זיין די סבה; די פּיש פון רהיין, וואָס דאָס מאַינצער שיף ברענגט אונז, זעגען, ווי מען זאָגט, נאָך געשמאַקער. איך אַליין בין נישט קיין גרויסער מבין דערויף.

— אין ש"ס ופוסקים פערשטעהט איהר מעהר! — האָט געזאָגט דער האַלבערשטאַדטער סוחר שמואל, — מיר וועלען נאָך אַ מאָל דערלעבען צו זעהען, ווי איהר וועט ווערען פראַנקפורטער רבי.

— וואָס רעדט איהר? — האָט דער חתן געענטפערט — דאָס איז גאַנץ אוממעגליך; ערשטענס איז ביי אונז פאַרהאַן אַ תקנת הקהל, אַז קיין פראַנקפורטער זאָל אין פראַנקפורט נישט ווערען קיין רב, און צווייטענס, ווי אַזוי קום איך דערצו, צו וועלען זיך זעצען אויפ'ן כסא-הרבנות פון רבי שמואל קאַידאַנאָווער, זכרונו לברכה!

— איהר זענט אַ צו-גרויסער ענו — האָט רבי שמואל געענטפערט — אָבער זאָגט, צי איז טאַקי אמת די וואונדערבאַרע געשיכטע, וואָס מען דערצעהלט וועגען איהם?

— ס'איז פּאָלקאָם אמת! — האָט רבי משה געענטפערט.

— וואָס איז עס באַר אַ געשיכטע? — האָט רבי בערמאַן געפרעגט— איך האָב גאָר נישט געהערט דערפון.

— דערצעהלט, דערצעהלט! — האָט מען אויסגערופען פון אַלע זייטען.

רבי משה האָט דערצעהלט פאָלגענדעס:

— איינמאָל איז פאָרגעקומען אַ שאלה ביי אונזער פערשטאָרבענעם רב, זכרונו לברכה, וועלכער איז דאַמאָלס געוועזען נאָר אַ קורצער צייט רב ביי אונז אין פראַנקפורט. דאָס איז געוועזען אַ שאלה בעניני טריפות. דער רב האָט די שאלה מתיר געוועזען. איין דיין, וואָס כ'וויל זיין נאָמען נישט דערמאָהנען, האָט זיך דערוואוסט וועגען דעם און האָט איינגעזעהען, אַז אונזער רב האָט גע'פסק'ענט נעגען דעם ש"ך (שפתי כהן), ער האָט דעריבער ערקלערט, אַז אונזער רב האָט פאַלש געפסק'ענט און דורך איהם האָט גאַנץ פראַנקפורט געגעסען טריפות. דעם שבת, וואָס נאָכדעם איז געווען, איז אונזער רב אַרויף אויף דער בימה און אין אַ דרשה האָט ער ערקלערט פאָלגענדעס: „רבותי, אדונים נכבדים! מען האָט דערהייבען געגען מיר אַ שווערע בעשולדיגונג. ס'איז אמת, איך האָב גע'פסק'ענט געגען דעם

**ש"ך.** רבי שבתי כהן (דער ש"ך) איז געווען מיינער אַ חבר; מיר האָבען ביידע צוזאַמען געלערענט בײ'ם גרויסען רבי יהושע העשיל. מיר האָבען שוין דאַמאָלס זיך מפלפל געווען וועגען דער דאָזיגער שאלה און מיר האָבען נישט אײנגעשטימט, ווען יעדער פון אונז האָט זיך געהאַט זײן מיינונג וועגען איהר; איך האָב גע'פסק'ענט להיתר און ער לאיסור און יעצט וועל איך אײך דערצעהלען נאָך עפּעס־וואָס. ווען איך האָב בײ זיך אין דערהיים, אין פּוילען, דערהאַלטען דעם פאָרשלאַג צו ווערען רב אין פראַנקפורט האָב איך נישט געוואָלט אָננעהמען דעם כסא־הרבנות; איך האָב בכלל נישט גענומען אויף זיך דעם עול הרבנות, און אָט בין איך קראַנק געוואָרען; געפעהרליך קראַנק. מײנע מקורבים האָבען געזאָגט, אַז דאָס איז אַנ'עונש מן השמים, ווען ג—ט האָט בעשטימט, אַז איך זאָל זײן פראַנקפורטער רב און איך מוז זיך אונטערגעבען זײן הייליגען ווילען. דאַן האָב איך אָנגענומען אײער כסא־הרבנות און בין ווידער געזונד געוואָרען. מײנע פרײנד! מען האָט דאַמאָלס בעשײנפערליך געזעהען, אַז דאָס איז געווען ג—ט'ס ווילען, דאָס איך זאָל בײ אײך ווערען רב. ווען דאָס געפעהלט נישט, דער זאָל האָבען אַ טענה צום רבונו של עולם!

אינ'ם זעלבען מאָמענט איז דער דיין קראַנק געוואָרען. מען האָט געבעטען דעם רב, אַז ער זאָל מתפלל זײן פאַר'ן חולה. „זאָל ער חרטה האָבען אויף זײן ערקלערונג געגען מיר און ער וועט געזונד ווערען"! — האָט דער רב ערקלערט. דער דיין האָט דאָס נישט געוואָלט טהון און איז געשטאָרבען.

— יאָ,—האָט דער חתן רבי משה געענדיגט זײן ערצעהלונג,—אונזער רב איז געווען אַ גדול־הדור, זכרונו יגן עלינו! אײנמאָל האָט מען בײ איהם געפרעגט: ווי אַזוי קומט עס, אַז אַלץ, וואָס ער אונטערנעהמט, געלינגט איהם מיט גרויס חצלחה? דער רב האָט דערויף געענטפערט: „איך טהו ג—ט'ס רצון און דעריבער ערפילט ער מײן רצון."

די צוהערער זענען געבליבען זיצען אַ לאַנגע צײט טיעף פערטראַכט, נאָכדעם, ווי רבי משה האָט געענדיגט זײן רעדע.

— מיר מוזען אויך האָבען אַ רב,—האָט אויסגערופען רבי שמואל,— בלײבט דאָ, בײ אונז אין האַלבערשטאַדט, איהר וועט בײ אונז זײן רב!

— איהר לאַכט מסתמא,—האָט רבי משה געענטפערט,—איך זאָל פערלאָזען פראַנקפורט?! איהר קענט נישט אונזער פראַנקפורט! בעסער זײן שוהל־קלאַפּער אין פראַנקפורט, איידער רב אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל!

— און וואָס איז אַזוי דער יחוס מיט אײער פראַנקפורט?

— דאָס איז אַנ'עיר מלאה חכמים וסופרים, פול לומדים מופלגים און גאונים גדולים! דער עיקר אָבער: מיר פראַנקפורטער ליעבען אײנער דעם אַנדערן און שמיצען אײנער דעם אַנדערן; צווישען אונז הערשט נישט קײן

קנאה-שנאה, יעדער פֿון אונז פֿרעהט זיך, װען עמיצער פֿון אונז איז מצליח אין זײנע עסקים. אַ גמילות-חסד בעקומען בײ אונז — איז אַ גאַנץ לײכטע זאַך; קײן פֿראַנקפֿורטער לײדט נישט קײן נויט, כּל-זמן דער אַנדערער האָט גע־עסן און שטוב.

— גו, גו, אין אַנדערע קהלות זענען נאָך כּאַרהאַן פֿרומע און גוטע יודען!

רבי בערמאַן האָט איבערגעריסען דעם שמועס. ער האָט אָנגעפֿילט די גלעזער און אויסגערופֿען:

— חמרא וחיי לרבנן! (װײן און לעבען פֿאַר די לומדים).

ס'האָט זיך דערהערט אַ פֿרעהליכער „לחיים!"

— יעצט לאָ'מיר עפּעס-װאָס זינגען! — האָט אויסגערופֿען רבי יואל. — קום-נור אַהער, לעהמאַן, און זינג אונז אַ שענעם „צור משלו אכלנו!"

לעהמאַן, דער יונגערער זוהן רבי בערמאַנ'ס, װעלכער האָט געהײסען נאָך זײן זײדען יהודה, האָט ערפֿילט זײן זײדעג'ס בעפֿעהל. רבי יואל, זײן מוטער'ס פֿאָטער, האָט איהם בערוהיגט מיט אַ ליעבליכען שמײכעל און צו־געגעבען מיט צום זינגען. דאָס קינד האָט געהאַט אַ זעלטענס-שענע שטימע. דעם יודישען שבת-זמר, אַ שבח פֿאַר דעם איבערשטענס ליעבשאַפֿט און גוטסקײט (די מעלאָדיע איז אַלעמען געװען גוט בעקאַנט), האָבען אַלע מיט־געהאָלפֿען, און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע װינקעלעך אין שטוב האָבען מיטגעזונגען. אָבער אָט איז אַרײנגעקומען רבי בערמאַנ'ס משרת, עזריה, און האָט געמעלדעט דעם בעל-הבית:

— אַ חשוב'ער פֿריץ װאַרט אין פֿאָדער-שטוב; ער האָט עפּעס מיט אײך צו רעדען.

רבי בערמאַן איז אַרײן אין צװײטען צימער; דאָרט האָט איהם ער־װאַרטעט אַ שענער הער, קענטיג פֿון הויכען אַדעל.

— זענט איהר עס דער יוד בעהרענד לעהמאַן? — האָט דער הער געפֿרעגט.

— צו דינען אײך, מײן הערר!

— מײן נאָמען איז בײכלינגען, גראַף בײכלינגען. איך בין דער בעפֿולמעכטיגטער מיניסטער פֿון מײן גנעדיגען הערר, זײן קורפֿירשטליכער דורכלויכט פֿון זאַקסען. איך האָב מיט אײך צו רעדען װעגען אַ געשעפֿט.

רבי בערמאַן האָט זיך טיעף פֿערבויגען.

— אײער גראַפֿליכע גנאָד, עקסעלענץ, — האָט ער דאַן געזאָגט, — עס איז פֿאַר מיר אַ גרויסער כּבוד אויפֿצונעהמען אײך אין מײן הויז; אָבער װעגען געשעפֿטען קאָן איך נאָך יעצט מיט אײך נישט רעדען, דען עס איז שבת-קודש.

— צי האָט זיך נאָך דען אײַער שבת ניט געענדיגט? די זון איז דאָך שוין אונטערגעגאַנגען!

— דער שבת דויערט, ביז האַנגען עס זעהען זיך שטערען אין הימעל.

— נו, דאָס וועט שוין יעצט לאַנג ניט דויערן, איך וועל וואַרטען.

— איך וועל אַרײַנפֿיהרען אײַער עקסעלענץ צו מיר אין קאַבינעט.

— ניין, איך האָב געהערט בײַ אײַך זינגען. איך וויל בעסער טײלנעהמען אין אײַער מאָלצײַט און זעהן אײַערע צערעמאָניעס. אָבער איהר וועט מיר מוזען אַלץ גוט ערקלערען. און נאָך עטוואָס: אײַערע געסט דאַרפֿען ניט וויסען, ווער איך בין.

— ווי אײַער עקסעלענץ בעפֿעהלען.

---

## 3) די הויכע בעשטימונג.

רבי בערמאַן האָט אַרײַנגעפֿיהרט זײַן הויכען גאַסט אין זאַל. דער עולם האָט באַלד אויפֿגעהערט זינגען און אַלע זענען אויפֿגעשטאַנען פֿון זייערע ערטער.

— בעאונרוהיגט זיך ניט, — האָט דער גראַף געזאָגט, — איך וועל טײלנעהמען אין אײַער מאָלצײַט!

מען האָט באַלד דערלאַנגט אַ שטוהל און געשטעלט פֿאַר׳ן גראַף פֿערשיעדענע מאכלים. בײַ׳כלינגען האָט זיך גענומען געשמאַק צו די יודישע פֿיש, וועלכע ער האָט, קענטיג, געגעסען מיט גרויס הנאה. נאָכדעם, ווי ער האָט געשטילט דעם הונגער, האָט ער געזאָגט:

— איך האָב געהערט פֿריהער דאָ אַ שענעם קול־נגינה. ווער איז געווען דער זינגער?

רבי בערמאַן האָט צונערופֿען זײַן זוהן.

— איך האָב די עהרע — האָט ער געזאָגט — פֿאָרצושטעלען אײַער עקסעלענץ מײַן זוהן יהודה לעהמאַן.

— יהודה? — אַזוי האָט געהייסען, דאַכט זיך, אײַער פֿאָטער!

— יאָ, ס׳איז בײַ אונז יודען אַזאַ מנהג אָנצורופֿען דעם זוהן נאָכ׳ן זיידע׳ס נאָמען.

— זינגט דאָך עפּעס־וואָס, יונגערמאַן!

— זינג: „יום זה לישראל“, מײַן זוהן. דאָס איז אַ שבת לכבוד שבת. הויכער הערר.

דער יונגער לעהמאַן האָט אָנגעהויבען זינגען און. אויף בערמאַנ׳ס זאָגעץ, האָבען אַלע געסט מיטגעזונגען.

— די מעלאדיע איז גישט שלעכט,—האָט דער גראַף געזאָגט. אַשאָד נור, וואָס איך זינגער פעהלט שולע, יונגערמאַן, איהר האָט געדאַרפט בעהמען אונטערריכט אין מוזיק.

— ווען איינער עקסעלענץ ערלויבען, וועלען מיר יעצט זינגען אַ קאַפּיטעל תהלים אונ דאַן וועלען מיר בענשען. מיר וועלען זינגען קאַפּיטעל קכ"ו: „בשוב ד' את שיבת ציון היינו כחולמים"—ווען דער אויבערשטער האָט אומגעקעהרט צוריק די יודען קיין ציון, זענען מיר געווען, ווי מענשען, וואָס זעהען אַ וואונדערליכען חלום."

— צי האָפט איהר דען נאָך אַלץ און בענקט נאָך דער צייט פון אומקעהרען זיך צוריק קיין ציון?

— ווי אַזוי זאָלען מיר דען ניט בענקען נאָך דעם? צי האָט מען דאָ נישט חרוב געמאַכט אונזער שוהל און פערבאָטען אונז צו בויען אַ נייע? דרייסיג יאָהר ציהט זיך שוין דאָס!

— און זאַקסען קאָן אַזאַ זאַך נישט פאָרקומען!

— ווייל אין זאַקסען האַלט מען גאָר פערשלאָסען פאַר די יודען די טויערען, פונקט ווי פאַר פערפעסטעטע און מצורעים...

— נו, נו, ערגערט זיך נישט! ס'הייבט זיך אָן אַ נייע צייט. די אַלטע פינסטערע שנאת-הדת ווערט פערשווינדען. מיין אַלערגנעדיגסטער הערר אַליין ווערט געבען דערצו דעם סיגנאַל. אָבער יעצט זינגט, כ'בעט איך, ווייטער!

מען האָט אָבגעזונגען דעם „שיר המעלות", דאַן האָט מען מכבד געווען דעם חתן מיט בענשען, און ער האָט עס געטהון פייערליך און מיט געפיהל.

דערווייל איז געוואָרען נאַכט.

— גנעדיגסטער הערר!—האָט רבי בערמאַן געזאָגט,—מיר וועלען יעצט דאַווענען מעריב, דערנאָך בין איך גרייט איך צו דינען.

נאָך מעריב האָט רבי יואל, דער עלטסטער און שטוב, גענומען דעם בעכער צו מאַכען הבדלה. רבי בערמאַן האָט ערקלערט דער גראַף די בעדייטונג דערפון.

דער אַלטער ר' יואל האָט געטראָגען, ווי עס איז דאַמאָלס געווען אין דער מאָדע ביי יודען, אַ ווייס ביינערנעלן קאַפּעלע. אין דער אויפרעגונג, וואָס ער דאַרף מאַכען הבדלה אין דער געגענוואַרט פון אַזאַ הויכען הערר, האָט ער זיך אָנגעהויבען שטאַרק שאָקלען און זיך איינגעבויגען איבער דער הבדלה. דאָס קאַפּעלע האָט זיך דערפון אָנגעצונדען אויפ'ן קאָפּ פון'ם זקן.

— וואָס,—האָט גראַף בריהל אויסגערופען,—צי געהערט דען אויך דאָס צו דער צערעמאָניע?

בינו־לבינו איז צוגעלאָפען צו זיין זיידען דער יונגער לעהמאַן און

האָט איהם אַראָבגעריסען פֿון קאָפּ דאָס ברענענדע קאַפּעל. רבי בערמאַן האָט ערקלערט דעם גראַף דעם צופֿאַל, און יענער האָט הערצליך געלאַכט פֿון זיין איינגענעם משוגה'דיגען איינפֿאַל.

— גנעדיגסטער הערר,—האָט רבי בערמאַן געזאָגט,—יעצט בעט איך אייך, קומט מיט מיר אין אויבערשטען שטאָק, אין מיין קאַבינעט, דאָרט וועל איך אייך שטעהן צו דיענסט.

אַ משרת האָט אָנגעצונדען ליכט און אַ זילבערנעם לייכטער גענן בעלויכטען די טרעפּ.

אין'ם בעקוועם-איינגעאָרדענטען און גוט-בעלויכטענעם קאַבינעט האָט דער גראַף זיך געזעצט אויף אַ פּאָטעל. רבי בערמאַן איז געבליבען שטעהן אין ערוואַרטונג צו הערען, וואָס יענער וועט רעדען.

— בעהרענד,—האָט דער גראַף געזאָגט,—איהר זענט מיר זעהר וואַרים רעקאָמענדירט געוואָרען דורך מיין פריינד, גראַף האָים, וועלכער האָט דאָ אין דער סביבה גיטער. ער שילדערט אייך אַלס אַנ'עהרליכען, טיכטיגען און—דער עיקר—געשיקטען געשעפטס-מענש. ביי אונז אין זאַקסען זענען קיין יודען ניטאָ, דעריבער בין איך געקומען צו אייך, כדי צו אַנגאַזשירען אייך אין דיענסט פֿון מיין אויבערגנעדיגסטען הערר, זיין קורפֿירשטליכער דורכלויכט פֿון זאַקסען.

רבי בערמאַן האָט זיך בערנויגט.

— עס פרעהט מיך צו זעהן,—האָט דער גראַף געזאָגט,—אַז איהר זענט גוט געשטימט פֿאַר אונז. מיין הערר און איך, מיר ליעבען ניט, אַז עמיצער זאָל זיך לאָזען לאַנג בעטען; אונזער פּאַראָלע איז: מוטיג איינגעשטימט! יעצט, בעהרענד, וועל איך אייך אָנפֿערטרויען וויכטיגע מלוכה-סודות. פֿון דעם אויגענבליק געפינט איהר זיך אין דיענסט פֿון זיין דורכלויכט. אויב איהר וועט מיסברויכען די אָנפֿערטרויטע סודות, קאָנט איהר דאַפֿאַר בעשטראָפֿט ווערען מיט'ן טויט.

— עקסעלענץ, איך בין אונטערטעניג פֿון בראַנדענבורגער קורפֿירשט. און מלוכה-סודות, וואָס קאָנען זיין געגען די אינטערעסען פֿון מיין לאַנדעסהערר, קאָן איך ניט...

— זענט רוהיג! דאָס, וואָס איך האָב אייך מיטצוטיילען, האָט לגמרי ניט קיין שייכות צום בראַנדענבורגער קורפֿירשט. אַלזאָ, הערט-אויס: מיין אַלערגנעדיגסטער הערר שטרעבט צו דער פּוילישער קרוין און ער האָט אַלע אויסזיכטען צו בעקומען איהר.

— ס'טייטש, דער קורפֿירשט פֿון זאַקסען! ער איז דאָך אַ פּראָטעסטאַנט, ציי וועט ער דען ווערען קעניג אין קאַטוילישען פּוילען?

— איהר זענט אַ פֿיינער פּאָליטיקער. געוויס, אַזאַ זאַך וואָלט אוממעגליך געוועזען—אַ פּראָטעסטאַנטישער פֿירשט וואָלט ניט געקאָנט ווערען קעניג פֿון פּוילען. אָבער מיין אַלערגנעדיגסטער הערר איז שוין אפשר אונ-

בערגענאַנגען אין קאַטױלישען גלױבען.

— ס'טײַטש, דער קורפֿירשט פֿון זאַקסען! זאַקסען איז די נעסט פֿון דער פּראָטעסטאַנטישער קירכע!

— אונזער קורפֿירשט איז ניט דער אײנציגער, װאָס האָט שױן געטהון אַזאַ זאַך. זײַן קוזין פֿון זאַקסען־צײַטש האָט איהם שױן געגעבען אַ בײַשפּיעל און דער הינזיכט און ער איז יעצט קאַרדינאַל און דער קאַטױלישער קירכע; ער װעט עס יעצט אַדורכפֿיהרען אױך מײַן קורפֿירשט'ס איבערגאַנג צום קאַטױלישען גלױבען. און צי איז עס דען ניט גוט אַזױ? איהר, אַ'ס יוד, דאַרפֿט זיך פֿרעהען מיט אַזאַ געשעהעניש. אַ קאַטױלישער קעניג פֿון פּױלען, װעלכער איז אױך קורפֿירשט פֿון פּאַנאַטיש־פּראָטעסטאַנטישען זאַקסען, אַזעלכער מוז זײַן טאָלעראַנט און רעליגיעזע ענינים. אָט האָט איהר דאָך שױן דעם בעסטען בעװײַז פֿון זײַן טאָלעראַנץ, װען ער האָט מיך געשיקט מיט אַ װיכטיגער שליחות צו אײַך, צו אַ יודען! איך רעכען, אַז דער פֿאָטער און דער זײדע פֿון מײַן העררן װאָלטען בעסער געשטאָרבען, אײדער צו נעהמען צו זיך און דינענסט אַ יודען. אָבער לאָ'מיר װײַטער רעדען װעגען אונזער אַנגעלעגענהײט. אַלזאָ, דער פּױלישער קעניג, יאָהאַן סאָביעסקי, איז טױט און די פּױלישע קרױן דאַרף װידער איבערגעגעבען װערען אַ נײַעם קעניג און דערצו — הערט נור מיט קאָפּ! — דעם פֿירשט, װאָס װעט אַממײַסטען געלד געבען דערפֿאַר! קורפֿירשט אױגוסט האָט געגעבען אַ פּרײַז, װאָס איז גרעסער פֿאַר אַלע אַנגעבאָטענע פּרײַזען. ער װעט בעצאָהלען צעהן מיליאָן גילדען!

— צעהן מיליאָן גילדען! װאָס־פֿאַר אַ שרעקליך גרױסע סומע! עקסעלענץ, צי האָט זיך דער קורפֿירשט געמאַכט אַ פֿאָרשטעלונג װעגען דער גרױסקײַט פֿון דער דאָזיגער סומע? דער גרעסטער טײל מענשען רעדען װעגען מיליאָנען, ניט־האָבענדיג קײן שום השגה װעגען דער בעדײַטונג פֿון דער סומע. װי אַזױ זאָל איך אײַך געבען אַ בעגריף דערפֿון? הערט־נור, גנעדיגער העררע, װען מען גיט־אָב צעהן מיליאָן, איז דאָס אַלץ־אײנס, װי מען זאָל אױף אײביגע צײַטען, טאָג־פֿאַר־טאָג, צאָהלען 1700 גילדען!

— איהר זענט אַ גוטער רעכענער! איהר רעכענט זעקס פּראָצענט. יאָ, דער פּרעזידענט פֿון אונזער רעכענונגס־פּאַלאַטע האָט אונז אױך געזאָגט דאָסזעלבע. דאָך, זאָל די סומע זײַן גרױס, װי זי װיל, מען מוז זי בעקומען אײַנגאַנצען. קורפֿירשט אױגוסט איז דער שענסטער און שטאַרקסטער מאַן פֿון אונזער צײַט און ער װיל, אַז זײַן מאַיעסטעטישער קאָפּ זאָל בעפּוצט װערען מיט אַ קעניגליכער קרױן. „קורפֿירשטליכע גנאַדען" — װי העסליך דאָס קלינגט פֿאַר אַזאַ הױכען העררע, װי אױגוסט איז! צו איהם מוז מען רעדען מיט'ן נאָמען „מאַיעסטעט"; ער מוז זײַן קעניג, קעניג פֿון אַ גרױס און מעכטיג לאַנד, כּדי ער זאָל קאָנען אַרױסװײַזען דעם ריכטיגען װערט פֿון דער גרױסער קראַפֿט, װאָס ליגט אין איהם. דאָס איז אַ פֿאַקט, װאָס קאָן אױן דאַרף

ניִשט געענדערט ווערען. יעצט איז נור די פראַגע וועגען שאַפען געלד. איך האָב אייך דאָ געבראַכט אַ רשימה פֿון די גיטער, וועלכע איהר דאַרפט פֿער־קויפֿען אָדער פֿער'משכנ'ען. וואָס־פֿאַר אַ ווערט האָבען דען פאַר'ן קורפֿירשט עטליכע קוואַדראַט־מייל דייטשיש לאַנד, ווען ער קאָן בעקומען גרויסע לענ־דער־מאַסען פֿאַר זיך און זיינע קינדס־קינדער אין פוילען? דען אויגוסט וועט ענדערן די פוילישע קאָנסטיטוציע און מאַכען פֿון דער פוילישער רעפובליק מיט איהרע קעניג־וואַהלען אַ ירושה־מאָנאַרכיע. נו, זאָגט, בעהערענד, צי נעהמט איהר אויף זיך די שליחות און צי פֿיהלט איהר זיך פעהיג אויסצו־פֿיהרען איהר?

— איך נעהם אויף זיך די שליחות און בין פֿעהיג אויסצופֿיהרען איהר. איך האָב פֿערבינדונגען מיט די בעדייטענדסטע באַנק־הייזער אין אַמ־שטערדאַם, אין האַנאָווער, אין ווין, אין פֿראַנקפֿורט־דמאַין, וועלכע וועלען אויף גוטע משכנות געבען בהלואה גרויסע סומען געלד. אָבער בנוגע דער מכירה פֿון די גיטער גלויב איך, אַז איך וועל פֿאַר אייניגע פֿון זיי קאָנען געפֿינען גוטע קונים.

— און ווער זאָלען זיין די דאָזיגע קונים?

— קיין אַנדערער, ווי דער בראַנדענבורגער קורפֿירשט. דער פֿער־שטאָרבענער קורפֿירשט, פרידריך ווילהעלם, האָט געלאָזען בירושה אַ רייך־אָנגעפֿילטע מלוכה־קאַסע, און איצטיגער הער, קורפֿירשט פֿרידריך ווילהעלם III, וועט געוויס אָנגעהמען גערן די געלעגענהייט איינצוקויפען חאָס מעגליך מעהר לאַנד.

— איך גלויב, אַז איהר האָט רעכט; די בראַנדענבורגער האָבען אַ שטאַרקען דורשט נאָך דייטשע לענדער. נו, פֿאַר אונז איז עס אַלץ־איינס; דער דאָזיגער דורשט איז יעצט גוט פֿאַר אונז. טהוט אַלזאָ, וואָס איהר געפֿינט פֿאַר נויטיג. זעהענדיג־פֿאָראויס, אַז איהר וועט אָננעהמען אונזער פֿאָרשלאַג, האָב איך אייך געבראַכט אַ בעפֿולמעכטיגונג. זי איז דורך זיין דורכלויכט, דעם זאַקסישען קורפֿירשט, מיט דער אייגענער האַנד אונטערגע־שריבען און גע'חתמ'עט.

נראַף בייכלינגען האָט דערביי אַרויסגענומען פֿון אַ פּאַקעט אַנ'אַקטען־שטיק, וועלכען ער האָט פֿונאַנדערגענומען אין דערלאַנגט רבי בערמאַנ'ען, וועלכער האָט דערויף געקוקט נעשפּאַנט.

רבי בערמאַן האָט גענומען דעם אַקט און אויפמערקזאַם איהם דורכ־געלעזען ביז'ן סוף.

— איז עס גוט צוזאַמענגעשטעלט? — האָט דער גראַף געפֿרעגט.

— 'איז פּאָלקאָם אין אָרדנונג. אייער עקסעלענץ מוז מיר ערלויבען בעקאַנט צו מאַכען מיט'ן סוד אַלע מיינע אייגענע לייט, אַלע זיכערע מענ־שען, חייל איך קאָן דאָך, נאַטירליך, ניט זיין אַליין אומעטום.

— דאָס פֿאַרשטייט זיך פֿון זעלבסט. יענע זעהט נור מצליח צו זיין אין אייער אונטערנעהמונג, בעהרענד. אויב די זאַך וועט אייך גיין גוט געלינגען, זענט איהר אַ געמאַכטער מענש אויף אייער גאַנץ לעבען. אויגוסט איז אַ גרויסער הער, אַ מענש מיט אַ פרייער האַנד, אַנ׳עכטער קאַוואַליער. און יעצט זייט מיר געזונד! מאָרגען פריה פאָהר איך אָב קיין דרעזדען, וואו איך וועל ערוואַרטען אייערע ידיעות. זענט אַזוי גוט און לאָזט מיר פאָרלייכטען אויפ׳ן וועג צום „גאָלדענעם פערד“, וואו איך האָב מיין קוואַרטיר. אייער האַלבערשטאַדט איז אַ וואונדערליך אַלטע נעסט: אַנ׳אויבער-שטאַדט און אַנ׳אונטערשטאַדט און דאָך — כאַ-כאַ-כאַ! — נור אַ האַלבער-שטאַדט! אַלזאָ, לאָזט עמיצען מיר פאַרלייכטען, כדי איך זאָל זיך נישט אַראָבקייקלען פון אַלע גלאַטע שטיינערנע טרעפ.

רבי בערמאַן האָט געהייסען זיינע צוויי משרתים אָנצינדען צוויי לאַמפערנעס און לייכטען זיין עקסצעלענץ אויפ׳ן וועג; און גראַף ביבלינגען האָט גענומען פון איהם אָבשייד.

רבי בערמאַן איז אַרייַנגעקומען צו זיינע לייט אין שטוב. די פרעמדע געסט זענען שוין געווען אַוועקגעגאַנגען. די הויז-לייט האָבען איהם אַרומגערינגעלט נייגיריג. ער אָבער האָט געזאָגט:

— מאָרגען, מיינע טייערע, מאָרגען וועל איך אייך מאַכען וויכטיגע מיטטהיילונגען.

מען האָט דערלאַנגט צום טיש מלוה-מלכה. נאָכ׳ן בענטשען איז רבי בערמאַן אַרייַנגעקומען צו זיך אין קאַבינעט, וואו ער האָט ביז שפעט אין דער נאַכט געמאַכט זיינע חשבונות. ערשט אַ שטיק נאָך האַלבער נאַכט איז ער שלאָפען געגאַנגען.

## 4) אַ העלדישקייט פון אַ יודען.

אויף צומאָרגענס אין דער פריה, באַלד נאָכ׳ן דאַווענען, האָט רבי בערמאַנס גאַנץ הויז-געזונד זיך פערזאַמעלט בײַם פריהשטיק; קיין פרעמדע מענשען זענען דערביי נישט געווען, אויסער איין עזריה, וועלכער איז געווען אַ נאָהענטער קרוב און איז בעהאַנדעלט געוואָרען אַלס אַ בן-בית.

— ליעבער שוועהר, ליעבע פרוי און ליעבע קינדער! — האָט רבי בערמאַן ענדליך געזאָגט — דער אייבערשטער — געלויבט זאָל זיין דער היילינגער נאָמען זיינער! — האָט דערוויזען מיין הויז אַ גרויסען חסד. דער גרויסער חבר, וואָס איז נעכטען ביי מיר געווען, איז גראַף ביבלינגען, דער מיניסטער פון זיין קורפירשט. זיין דורכלויכט האָט מיך דערהויבען צום אַלערהעכסטען געשעפטס-פערטרעטער.

— געלויבט דער אויבערשטער—האָט געזאָגט דער אַלטער רבי יואל— מעלכער דערוויַיזט דיר זיין חסד און גוטסקייט! די תפלה פון דיין פֿאָטער איז אָנגענומען געוואָרען ביים כסא-הכבוד! דו וועסט יעצט געפינען די געלעגענהייט צו שטיהן פאַר'ן טראָהן פון מלכים און שרים און קאָנען העלפֿען דיינע געדריקטע ברידער!

— דאָס איז מיין טיעפֿסטער וואונש! קודם-כל איז מיין אויפֿגאַבע, צו ערפילען די שליחות פון קורפירשט און דאָס וועט זיין נישט לייכט. דער קורפירשט ברויכט צו האָבען צעהן מיליאָן גילדען.

— צעהן מיליאָן גילדען]—האָבען אַלע אויסגערופֿען אין איין קול.

— בערוהיגט זיך, דאָס זענען בלויז פּוילישע גילדען, וועלכע גייען זעקס אויפ'ן טהאַלער. אָבער אַ סומע איז עס אַ גרויסע און ס'וועט קאָסטען פיעל מיה צוזאַמענצונעהמען זי. מיר מוזען אַלע, אַלע אַרבייטען מיט אָנגעשטרענגטע כחות. דער קורפירשט האָט מיר געגעבען גענעראַל-פולמאַכט צו פערקויפען אָדער פער'משכנ'ען גיטער פאַר טויזענס, וואָס בעטרעפען אַ פינפט-חלק פון זייער ווערט. איך אַליין פאָהר קיין בערלין צו בעזאָרגען דאָרט די מכירה; דו, עזריה, פאָהרסט קיין אַמסטערדאַם און האַאַג, כדי צו זעהען זיך מיט די דע-פּינטאָ'ס און מיט אַנדערע גרויסע באַנקירען. דו, מיין זוהן לעהמאַן, פאָהרסט קיין האַנאָווער צו מיין אַלטען פריינד, דעם אויבער-פאַקטאָר ליפמאַן. איהר, רבי משה, פאָהרט זיך סיי ווי סיי קיין פראַנקפורט; דאָרט וועט איהר תיכף זיין ביי די דייַפּוסעס, הערץ און אַנדערע און אָנפרעגן ביי זיי, אויב זיי וועלען געבען געלד אויף גוטע פּראָבירטן נאָגען זיכערע משכנות, און וויפיעל זיי קאָנען געבען. געכטען ביי נאַכט האָב איך שוין צוגעגרייט פאַר יעדערן פון אייך די נויטיגע דאָקומענטן און אינסטרוקציעס. איהר, מיין ליעבער שוועהר, בלייבט אין דער היים און בעזאָרגט די שטענדיגע געשעפטען מיט'ן פירשט פון דעסוי, מיט'ן גראַף פון אָסענבורג, מיט'ן גראַף פון שטאָלבערג און אַנדערע הויכע הערען, וועלכע וועלען אפשר האָבען צו אונז נויטיג. מיין פרוי און מיינע טעכטער אסתר און רויזעלע וועלען אייך דערביי העלפען. וויכטיגערע ענינים וועט איהר זיך בעמיהען אָבצולעגען ביז מיין צוריקקומען.

אין דאָזיגען אויגענבליק האָט זיך דערהערט אַ שרעקליך געשריי. אויף דער שטענדיג שטילער גאַס איז געוואָרען שטאַרק לעבעדיג. „דער בער, דער בער!"—האָט מען געהערט שרייען פון אַלע זייטען.

לעהמאַן איז צוגעגאַנגען צום פענסטער.

— ס'איז גענעראַל מאַרוויטש'ס בער!—האָט ער געזאָגט.

פון נאָס האָט זיך דערהערט אַ האַרץ-רייסענד יאָמער-געשריי:

— מיין קינד, מיין פעסעלע, מיין האַרץ-קינד!

דאָס האָט געיאָמערט אַ פרוי זייבער איהר דער'הרג'עט קינד.

אַלע האָבען זיך אַ לאָז-געטהון אויפ'ן גאַס-אַרויס. דאָ האָט מען דערזעהען אַ שרעקליך בילד: אַ גרויסער, מעכטיגער בער מיט אַ געפלאָכטענעם דראַטענעם קויש אויף דעם מויל און געפּענטעטע פאָדער-פיס האָט אומגעוואָרפען אַ פיער-יעהריגע מיידעלע און דערשטיקט עס. די מוטער האָט אין פערצווייפלונג געבראָכען די הענד איבער'ן קינד. דאָס קינד איז גור-וואָס אַרויס אויפ'ן גאַס פריש און געזונד; יעצט איז עס געלעגען טויט.

אין אונזערע צייטען קאָנען מיר זיך קוים פאָרשטעלען, וואָס עס פלעגען זיך ערלויבען די גרויסע לייט און פריצים אין יענע אַלטע צייטען. גענעראַל פאָן מאַרוויטש איז געווען קאָמענדאַנט אין האַלבערשטאַדט, און אָט האָט ער צו זיין פערגניגען געהאַלטען אַ גרויסען בער, וועלכען ער פלעגט אָפט לאָזען אַרומשפּאַצירען פראַנק און פריי אין די גאַסען פון שטאָדט. דער גרויסער בער פלעגט וואַרפען אַנ'אימה אויף אַלעמען, וואו ער האָט זיך נור בעוויזען. איינמאָל האָט ער זיך שוין אַריינגעריסען אין אַ קאָמפּאַניע קינדער, וואָס האָבען זיך געשפּיעלט אויפ'ן גאַס, און האָט דערשטיקט איין קינד. דאָס איז געווען אַנ'אָרים קינד! טאָ וואָס איז דאָ דאָס אונגליק! אַנ'אָרים-קינד—מה הרעש? אמת, דער אויבער-בירגער-מייסטער האָט אַפילו געלאָזט בעטען זיין עקסעלענץ מיט דרך-ארץ, אַז ער זאָל חייטער האַלטען זיין בער פערשלאָסען; אָבער זיין עקסעלענץ האָט מיט זיין גרויסער גנאָד נישט בעווילליגט צו ערפילען די דאָזיגע ביטע. יעצט איז ווידער אַ קינד געפאַלען אַ קרבן פון זיין קאַפּריז.

ווען דער בער האָט דאָס קינד פערלאָזען, האָט מען דאָס קינד אַריינגעטראָגען צו דער מוטער אין שטוב און געבראַכט אַ דאָקטאָר, וועלכער האָט עס בעטראַכט און ערקלערט, אַז דאָס קינד איז טויט.

די לופט איז פול געוואָרען מיט יאָמער-געשרייען און קללות. דער בער אָבער האָט זיך געלאָזען ווייטער געהן אויף זיין שפּאַציער.

רבי בערמאַן איז אַריינגעקומען צוריק אין שטוב.

— פעטער!—האָט ער געזאָגט צו זיין קריסטליכען משרת, וועלכער פלעגט איהם תמיד בעגלייטען אין וועג—פעטער, מיינע פּיסטאָלעטען זענען אין אָרדנונג? איך מוז הייגט פאָהרען קיין בערלין!

— יאָ, גנעדיגער הערר, זיי זענען אין אָרדנונג.

— פעטער, דו קאָנסט גוט שיסען. ציי ווילסטו פערדינען דורך אַ גוטען שאָס צעהן דוקאַטען? געה און דערשיס דעם בער!

פעטער האָט געקוקט אויף זיין הערר מיט אַ פראַגע.

— דער בער פון גענעראַל פאָן מאַרוויטש האָט גור-וואָס דער'הרג'עט אַ קינד. דאָס איז שוין דער צווייטער מענש, וואָס ער דער הרג'עט. נעהם מיין פּיסטאָלעט און דערשיס דעם בער. דו בעקומסט דערפאַר צעהן דוקאַטען.

— אָבער, הערר, דער גענעראַל פאָן מאַרוויטש...

— איך נעהם די פעראַנטוואָרטליכקייט אויף זיך. די ביבט מײַן דינער און דו טהוסט נור מײַן בעפעהל. ס'איז מײַן האַנד, וואָס מאַכט דורך דיך דעם שאָס.

פעטער האָט גענומען די פיסטאָלעטען און זײַ שאַרף אָנגעלאָדען, דאַן האָט ער זיך געלאָזען געהן נאָכ'ן בער. באַלד האָט ער איהם אָנגעיאָגט און מיט צוויי גוט-געטראָפענע שאָסען האָט ער איהם געלעגט טויט.

בינו לבינו האָט גענעראַל פאָן מאַרוויטש דערהאַלטען די ידיעה וועגען דעם דער'הרג'עטען קינד. ער האָט באַלד אַרויסגעשיקט זײַן קנעכט צו ברענגען דעם בער צוריק אַהיים. אָבער דער קנעכט האָט געפונען דעם בער שוין טויט און אַרום איהם אַ המון מענשען.

— ווער האָט זיך עס דערוואויגען—האָט ער געפרעגט—צו דערשיסען דעם גענעראַל'ס געליבטען בער?

— דער ייד בערהענר לעהמאַן — האָט מען איהם געענטפערט — ער האָט איהם געלאָזען דערשיסען דורך זײַן קנעכט, ווייל דער בער האָט דער'הרג'עט אַ יודיש קינד.

ווען גענעראַל פאָן מאַרוויטש האָט דאָס דערהערט, האָט זיך אָנגעצונדען זײַן צאָרן. ער האָט תיכף געגעבען אַ בעפעהל, אַז אַ ראָטע סאָלדאַטען זאָל געהן אַרעסטירען רבי בערמאַן. דער לעצטער האָט עס אָבער פאָראויסגעזעהען און געזאָגט צו זײַנע בני-בית:

— קינדער, לעגט אָקאָרשט אָב אַלע אונזערע נסיעות, ביז ס'וועט זיך ערלעדיגען די מעשה ביט'ן בער. איך געה שוין צום בירגערמייסטער און וועל פאָדערן פון איהם, אַז ער זאָל מיך בעשיצען פאַר'ן גענעראַל'ס צאָרן.

— וואָס האָסטו געטהון?—האָט רבי בערמאַנ'ס פרוי זיך צעוויינט — און דווקא נאָך אין אַזאַ מאָמענט, ווען דו האָסט אַזעלכע וויכטיגע געשעפטען פאַר זיך!

— איך האָב נישט קיין וויכטיגערען געשעפט, ווי צו פערטיידיגען די אונטערדריקטע פון די געוואַלטיגע לײַט! דער אויבערשטער וועט מיך נישט פערלאָזען.

רבי בערמאַן איז אַוועקגעגאַנגען צום בירגערמייסטער.

— איהר קומט אַוודאַי—האָט דער בירגערמייסטער געזאָגט—אָנצוגעבען אַנ'אָנקלאַגע געגען גענעראַל פאָן מאַרוויטש? זײַן בער האָט דאָך דער'הרג'עט אַ יודיש קינד.

— ניין, העהר בירגערמייסטער—איך קום, כדי צו שטעלען זיך אונטער אייער בעשיצונג. איך האָב געלאָזען דערשיסען דעם בער.

דער בירגערמייסטער איז געוואָרען בלאַס, ווי קאַלך.

— וואָס האָט איהר געטהון, בערמאַן?—האָט ער אויסגערופען:—דער

גענעראַל איז קאָמענדאַנט פֿון אונזער שטאָדט, ער קאָן אײך תיכּף לאָזען דערשיסען.

— איהר װעט מיך ניט אַרױסגעבען דעם גענעראַל.

— ער װעט אָנװענדען געװאַלט און לאָזען נעהמען אײך דורך סאָלדאַטען!

— הערר בירגערמײסטער, איך ערװאַרט פֿון אײך, אַז איהר זאָלט מיך בעשיצען. אױב איהר װעט עס ניט טהון, שטעלט איהר זיך אַלײן אין געפאַהר. איהר װײסט דאָך, אַז דער פֿירשט פֿון דעסױ איז מײן גנעדיגער גוט-פרײנד; די גראַפֿען פֿון שטאָלבערג, אָסענבורג און האָין זענען מיט מיר בעפרײנדעט, און אָט לײענט אַ בעפֿולמעכטיגונג: זײן קורפֿירשטליכע דורכלױכט פֿון זאַקסען האָט מיך בעשטימט פֿאַר זײן גענעראַל-בעפֿולמעכטיגטען. איך האַלט בײם פֿאָהרען קײן בערלין, כּדי צו שליסען דאָרט װיכטיגע געשעפֿטען מיט אונזער גנעדיגסטען הערן, דעם בראַנדענבורגער קורפֿירשט.

דער בירגערמײסטער איז אין פֿערצװײפֿלונג אַרומגעלאָפֿען איבער'ן צימער.

דעם גענעראַל'ס סאָלדאַטען זענען דערװײל געקומען צוריק צום קאָמענדאַנט און ערקלערט, אַז זײ האָבען דעם יודען בערמאַן ניט געפֿונען. דער גענעראַל האָט געלאָזען שליסען די טױערען פֿון שטאָדט און בעפֿױלען צו לאָזען דורכזוכען די גאַנצע שטאָדט, כּדי צו געפֿינען דעם בערען-מערדער.

דער בירגערמײסטער האָט ניט געפֿונען קײן אַנדער עצה, חוץ לאָזען פֿערשליסען אין טורמע רבי בערמאַן. דאַן האָט ער געשיקט זאָגען דעם גענעראַל, אַז דער „פֿערברעכער" געפֿינט זיך בײ איהם אין אַרעסט.

גענעראַל פֿאָן מאַרװיטש האָט געפֿאָדערט, אַז מען זאָל איהם אַרױסגעבען דעם יודען; אָבער דער בירגערמײסטער האָט זיך אָבגעזאָגט צו ערפֿילען די דאָזיגע פֿאָדערונג. דאַן האָט דער גענעראַל געגעבען דעם בירגערמײסטער 24 שעה אױף ישוב-הדעת. אױב דער יוד װעט אין משך פֿון 24 שעה זיך ניט געפֿינען אין זײן געװאַלט, װעט ער לאָזען איבערבּרעכען די טורמע און, אױב עס װעט נױטיג זײן, װעט ער זי באָמבאַרדירען.

---

## 5). אין טורמע.

רבי בערמאַן איז געזעסען אױף דער האַרטער האָלצערנער באַנק אין זײן ענגער טורמע. ס'איז געװאָרען נאַכט און פֿינסטערע געדאַנקען האָבען זיך דערװעקט בײ רבי בערמאַנ'ען אין מוח. דער בירגערמײסטער איז בײ איהם געװעזען און איבערגעגעבען איהם דעם פֿטראַשונעק פֿון גענעראַל. רבי בערמאַן האָט געבעטען דעם בירגערמײסטער צושיקען אַ קריגעל מיט דעפּע

שען צו דער רעגירונג און צום אויבערקאָמאַנדיר אין מאַגדעבורג און מעלדען דאָרט וועגען דער געשעהעניש. ס'איז קיין ספק ניט געווען, אַז די הויכע מאַכט וועט ניט רערלאָזען די געוואַלט-טאַמען פון גענעראַל, אויב נור מען זאָל בעווייזען בעצייטענס צו מעלדען זיי וועגען דער זאַך. ווי איז אָבער, ווען די הילף וועט קומען צו-שפּעט? דאַן וועט זיין אַ סוף צו אַלץ... דער ווילדער גענעראַל וועט קיין רחמנות געווים ניט האָבען, און רבי בערמאַן וועט מוזען שטאַרבען מיט'ן טויט פון אַ קדוש, וואָס איז דער'הרג'עט געוואָרען, ראַטעווענדיג מענשען פון אַ שרעקליכען טויט. איין טרייסט איז איהם נור געבליבען: ער וועט שטאַרבען פאַר אַ גוטער טאַט! אָבער צי האָט ער ווירקליך געדאַרפט יעצט טהון אַזאַ זאַך? צי האָט ער זיך ניט צוגעאיילט און געלאָזען פּערפיהרען פון ערשטען אימפולס, אָהן אַ געהעריגען ישוב-הדעת? צי האָט ער דען געדאַרפט אַנווענדען געוואַלט געגען געוואַלט? צי וואָלט דען ניט געווען גלייכער צו פערקלאָגען דעם גענעראַל אין בערלין און בעטען ביים קורפירשט צו בעפרייען האַלבערשטאַדט פון גענעראַל'ס בער? אמת, ווען אַפילו דער קורפירשט וואָלט געגעבען אַ בעפעהל אַרויסצופיהרען דעם בער פון שטאָדט, וואָלט דער גענעראַל דאָך ניט געהאָרכט! אין יענע צייטען, ווען קיין באַהן איז נאָך ניט געווען, מען האָט ניט געוואוסט ניט פון קיין צייטונגען, ניט פון קיין פּאַרלאַמענטען, דורך וועלכע די אָנקלאַגעס פון פאָלק וואָלטען געקאָנט עפענטליך אויסגעדריקט ווערען,— אין יענע צייטען איז לייכט מעגליך געווען, אַז אַנ'אונשולדיגער זאָל בעי שטראָפט ווערען אויך מיט'ן טויט.

מיט'ן טויט! „בידך אפקיד רוחי.“—אין דיין האַנד, רבונו של עולם, גיב איך איבער מיין אונשטערבליכע נשמה!

רבי בערמאַן האָט יעצט שוין ניט צום ערשטען מאָל געקוקט דעם טויט גלייך אין די אויגען. שוין איינמאָל איז עס פאָרגעקומען מיט איהם מיט פיעל יאָהרען צוריק. זיין יוגענד האָט רבי בערמאַן פערבראַכט אין האַנאָווער, צוערשט אַלס ישיבה-בחור; ער האָט אָבער דאָרט געלערנט אויך אַנדערע זאַכען. דער גרויסער וועלט-בעריהמטער פילאָסאָף לייבניץ, מיט וועלכען ער האָט זיך בעקענט דורך אַ צופאַל, האָט איהם געלערנט די מאַטעמאַטיק. שפּעטער איז דער יונגער בערמאַן אַריינגעטראָטען אין געשעפט ביים אויבער-פאַקטאָר פון קעניגליכען הויף, ליפמאַן, וועלכער האָט באַלד ליעב בעקומען דעם געטסבריייכען, פעהיגען און געשיקטען יונגענמאַן און האָט איהם געברויכט אין וויכטיגע געשעפטס-אונטערנעהמונגען. ער פלעגט איהם בעזונדערס גערן שיקען צו פירשטען און אַנדערע הויכע שרים. איינמאָל האָט ער געשיקט מיט איהם דרייסיג טויזענד טאָלער דעם פירשט פון דעסוי. דער יונגער בערמאַן איז געפאָהרען אין דער קאַרעטע פון זיין פּרינציפּאַל; צוויי גוט-בעוואָפענטע משרתים האָבען איהם בעגלייט. פּלוצלונג, אויפ'ן מיטען וועג און אין מיטען העלען טאָג, האָט זיך דערהערט דער אויסרוף: „האַלט!

שטעהט, ווען דאָס לעבען איז אַזוי טייער!" דער קוטשער האָט אָנגעהויבען שמייסען די פערד, אָבער אַ גאַנצע קאָמפּאַניע רייטער האָבען פערשטעלט דעם וועג. וועגען פערטיידיגען זיך האָט מען גאָרנישט געקאָנט טראַכטען. די קאַרעטע האָט זיך אָבגעשטעלט. ביי די משרתים האָט מען זייער געוועהר צוגענומען.

— ווי הייסטו, יוּד?—האָט געשריגען איינער פון די רייטער צום פערצייטערטען בערמאַנ'ען.

— בעהרענד לעהמאַן!—האָט ער אויסגעשטאַמעלט.

— פון וואַנען ביסטו?

— פון האַלבערשטאַדט.

— פערשרייב עס, פרויז! בעהרענד לעהמאַן פון האַלבערשטאַדט. דו האָסט מיט זיך פיעל געלד!

— געלד? ניין, גנעדיגער הערר, נור פופציג דוקאַטען!

— כאַ, כאַ, כאַ! און צו בעשיצען אָט די פופציג דוקאַטען האָסטו צוויי בעוואָפענטע משרתים?

דער רייטער האָט אַרויסגענומען אַ פּיסטאָלעט, צוגעשטעלט איהם בער־מאַנ'ען צום פנים און געזאָגט:

— יוּד! אויב דו וועסט מיר נישט זאָגען דעם ריינעם אמת, דערשיס איך דיך, ווי אַ הונד. וויפיעל געלד האָסטו אין דער קאַרעטע?

— דרייסיג טויזענד טאָלער אין גאָלד.

— פונקט, וויפיעל איך ברויך צו האָבען. הער נור, בעהרענד לעה־מאַן פון האַלבערשטאַדט! איך וויל מאַכען ביי דיר אַ הלואה. איך וועל דיר אַלץ צוריק־אָבגעבען מיט פראָצענט און פראָצענט־די־פראָצענט. אָבער איך קאָן נאָך נישט בעשטימען, ווען דאָס וועט פּאַרקומען. גיב אַהער דאָס געלד!

— גנעדיגער הערר: איך בין נור אַנ'אָרימער אָנגעשטעלטער, איך קאָן קיין געלד נישט אַנטלייהען. דאָס געלד געהערט מיין הערר.

— דאָס איז מיר אַלץ־איינס.

— אָבער איך וועל נישט אַרויסגעבען מיין הערר'ס געלד!

— וועל איך דיך דערשיסען און וועל דאָס געלד סיי־ווי־סיי צונעהמען. זיי נישט קיין נאַר, בלייב בעסער לעבען און פערשפּאָר מיר די אונגעוויטיגע בלוט פערגיסונג.

די ערקלערונג איז געווען קלאָר און דייטליך. בערמאַן האָט אָבגע־געבען דאָס געלד, און דער פרעמדער רייטער איז נאָך געווען אַזוי פריינדליך, אַז ער האָט איהם איבערגעלאָזען זיינע פופציג דוקאַטען רייזע־געלד. בער־מאַן איז זיך אָבער ווייטער געפאָהרען קיין דעסוי צום פירשט, וועלכען ער האָט געמעלדעט וועגען דער געשעהעניש. דער פירשט איז העכסט אויפגע־רעגט געוואָרען, אַז אַזאַ זאַך האָט זיך געקאָנט טרעפען אין זיין לאַנד אין מיטען העלען טאָג. די גאַנצע מיליטערישע מאַכט פון לאַנד איז מאָבילי־

ווירט געוואָרען; יערעס דערפאָלג האָט מען אַדורכגעגישטערט, אָבער פון די רויבער האָט מען קיין שפּור נישט געפונען.

מיט אַ וואָך אין האַרצען איז בערמאַן געקומען צוריק קיין האָגאָווער. דרייסיג טויזענד טאָלער זענען נאָך היינט אויך אַ גרויסע מטבע; אָבער מיט צוויי הונדערט יאָהר צוריק איז דאָס געווען אַ געוואַלדיגע סומע געלד, וואָס איהר אבידה איז פאַר'ן אויבערפאַקטאָר געווען זעהר שווער. מען קאָן זיך פאָרשטעלען, ווי אַזוי ליפמאַן האָט אויפגענומען בערמאַנ'ען, ווען ער האָט איהם געבראַכט די טרויעריגע בשורה. דערצו האָבען זיך נאָך געפונען בעלי-קנאה, וועלכע האָבען אַרויסגעזאָגט אַ חשד, אַז די מעשה מיט די רויבער איז נאָר אַנ'אויסגעטראַכטע, און בערמאַן האָט געהאַט אָבגערעדט מיט די משרתים וועגען דעם, כדי צוצעטיילען צווישען זיך דאָס געלד. עס איז דאָך ווירקליך אויפפאַלענד: אין מיטען העלען טאָג אין אויפ'ן מיטען וועג! דער חשד האָט זיך באַלד אָנגענומען און דער הויף-פאַקטאָר, ליפמאַן, האָט אָבגעזאָגט בערמאַנ'ען פון דער שטעלע; אַזאַ פסק האָבען אויך געהאַט ביידע משרתים אין דער קוטשער.

בערמאַן איז געקומען צוריק אַהיים קיין האַלבערשטאַדט; די גלענצענדע אויסזיכטע, וואָס האָבען זיך איהם פאָרגעשטעלט אין האַנאָווער, זיינען פערשוואונדען געוואָרען. ער האָט זיך איינגעאָרדענט אין האַלבערשטאַט אַ קליין געשעפטעל מיט לאַנד-פּראָדוקטען. דער נישט-גרויסער קאַפּיטאַל, וואָס ער האָט בעקומען בירושה פון זיין פאָטער, האָט איהם נישט ערלויבט צו עפענען אַ באַנק-געשעפט. ער האָט חתונה-געהאַט און זיך געלעבט אין אַ קליינעם קרייז ביי גאַנץ-מיטעלמעסיגע בעדינגונגען. אַזוי-אַרום זענען אַריבער פינף יאָהר. אין אַ געוויסען טאָג האָט זיך אָבגעשטעלט אַ קאַרעטע פאַר'ן איינפאַכען הייזעל רבי בערמאַנ'ס (בערמאַן האָט צו דער חתונה בעקומען אין דער ישיבה דעם טיטול „החבר" און האָט געהאַט דאָס רעכט צו רופען זיך „רבי"). אַ פאָרנעהמער פריץ איז אַרויסגעשטיגען פון דער קאַרעטע און מיט איהם איז געגאַנגען אַ דינער אין אַ רייכער ליווריי, וועלכער האָט געטראָגען אַ קעסטעלע.

— נו, בעהרענד לעהמאַן!—האָט דער פריץ געפרעגט, אַריינקומענדיג אין צימער:—צי דערקענט איהר מיך נאָך?

רבי בערמאַן האָט צו זיין שרעק דערקענט דעם רויבער, וועלכער האָט דעמאָלס צוגענומען ביי איהם די דרייסיג טויזענד טאָלער פון זיין פרינציפּאַל.

— הער!—האָט לעהמאַן געזאָגט,—איך האָב געמאַכט אייער בעקאַנטשאַפט ביי אומשטענדען, וועלכע האָבען געבראַכט דערצו, אַז איך זאָל אייך קיינמאָל נישט פערגעסען.

דעם פריצ'ס בעדיענטער איז אויך אַריינגעקומען אין צימער. דער פריץ האָט גענומען ביי איהם דאָס קעסטעלע און בעפוילען איהם אַרויסצוגעהן.

— בעֶהרעֶנד!—האָט דעֶר פּריִץ געֶזאָגט,—איך האָב דעֶמאָלס נאָר געֶמאַכט בײַ אײַך אַ הלואה. יעֶצט בין איך געֶקומעֶן צו בעֶצאָהלעֶן עֶס מיט פּראָצעֶנט און פּראָצעֶנט־די־פּראָצעֶנט. איך בין זיך דעֶמאָ״ס בעֶגאַנגעֶן שלעֶכט, זעֶהר שלעֶכט. איך בין געֶוועֶן אַ צעֶלאָזעֶנעֶר, לײַכטזיניגעֶר יונג; מײַן פאָטעֶר איז געֶוועֶן קאַרג און האָט מיר געֶגעֶבעֶן וועֶניג געֶלד; איך האָב געֶמוזט בעֶצאָהלעֶן עֶהרעֶן־חובות און אָט האָב איך זיך געֶהאָלפעֶן, ווי איהר וױיסט, דורך אַ צוואַנגס־הלואה בײַ אײַך. ג—ט איז מײַן עדות, אַז איך האָב שפּעֶטעֶר חרטה געֶהאַט דעֶרויף, נעֶמליך: ווען איך האָב זיך דעֶרוואוסט, אַז איהר האָט דורך מיר פעֶרלוירעֶן אײַעֶר שטעֶלע און איהר זענט אַרויסגעֶשלײַדעֶרט געֶוואָרעֶן פון אײַעֶר קאַריעֶרעֶ. מײַן פאָטעֶר איז מיט אַכט טעֶג צוריק געֶשטאָרבעֶן. יעֶצט וויל איך ווידעֶר גוט מאַכעֶן דעֶם בעֶגאַנגעֶנעֶם אומרעֶכט. דאָס איז דעֶר עסק מײַנעֶר, וואָס איך מאַך, איבעֶרגעֶהמעֶנדיג די רעֶגירונג.

— איבעֶרנעֶהמעֶנדיג די רעֶגירונג העֶרר, ווער זעֶנט איהר דען?

— ניט אַבי־ווער, נאָר דעֶר פירשט פון דעֶסוי.

— דעֶר פירשט פון דעֶסוי!

— יאָ, מײַן ליעֶבעֶר, ביז דעֶר פאָריגעֶר וואָך נור דעֶר פּרינץ פון אַנהאַלט־דעֶסוי. איך האָב בײַ אײַך אַנטליהעֶן דרײַסיג טויזענד טאָלעֶר. אין דעֶם דאָזיגעֶן קעֶסטעֶלעֶ געֶפינעֶן זיך זעֶכציג טויזענד טאָלעֶר. דאָ האָט איהר דעֶם קאַפּיטאַל מיט די פּראָצעֶנטעֶן און דאָס איבריגעֶ נעֶהמט זיך צו פאַר'ן שרעֶק, וואָס איהר האָט דאַמאָלס איבעֶרגעֶלעֶבט און די שלעֶכטעֶ קאָנסעֶקװעֶנצעֶן, וואָס די זאַך האָט פאַר אײַך געֶהאַט. און יעֶצט נאָך וואָס: פון הײַנט אָן וועֶט איהר האָבעֶן אין מיר אַ פרײַנד און אַ בעֶשיצעֶר, און אַלעֶ מײַנעֶ געֶלד־געֶשעֶפטעֶן וועֶל איך מאַכעֶן דורך אײַך. לעֶבט גליקליך!

ניט וואַרטעֶנדיג אויפ'ן ענטפעֶר, איז דעֶר פירשט געֶשווינד אַרויסגעֶגאַנגעֶן פון צימעֶר, אַרײַנגעֶשפּרונגעֶן אין זײַן קאַרעֶטעֶ און איז אַוועֶקגעֶפאָהרעֶן.

רבי בעֶרמאַן האָט דעֶמוזעֶלבעֶן טאָג געֶנומעֶן אַן'עֶקסטרעֶנעֶם פּאָסט־וואָגעֶן און איז אָבגעֶפאָהרעֶן קײַן האַנאָווער. דאָ האָט ער איבעֶרגעֶגעֶבעֶן זײַן פריהעֶרדיגעֶן פּרינציפּאַל די גאַנצעֶ סומעֶ.

— אײַך—האָט ער געֶזאָגט—געֶהעֶרט אַלץ; איהר זענט דאָך יאָהרעֶנלאַנג געֶוועֶן אָהן דעֶם געֶלד.

אָבעֶר דעֶר הויף־פאַקטאָר האָט זיך ענטשיעֶדעֶן אָבגעֶזאָגט אָנצונעֶהמעֶן מעֶהר, ווי דעֶם קאַפּיטאַל מיט די פּראָצעֶנטעֶן. אַזוי־אַרום איז בעֶרמאַנ'עֶן איבעֶרגעֶבליבעֶן נאָך אַ סומעֶ געֶלד, וואָס איז געֶוועֶן זעֶהר בעֶדײַטעֶנד לויט דעֶר דעֶמאָלסדיגעֶר צײַט. ער האָט זיך געֶקויפט אַ שעֶן הויז און געֶמאַכט גרויסעֶ געֶשעֶפטעֶן. דאָס איז בעֶזונדעֶרס מעֶגליך געֶוואָרעֶן

דורכ'ן אונבעגרענצטען קרעדיט, וואָס ער האָט בעקומען בײַ זײַן פריהערדי־גען פּרינציפּאַל, דעם הויף־פּאַקטאָר ליפּמאַן פון האַנאָווער.

יעצט, זיצענדיג אין טורמע האָט רבי בערמאַן זיך דאָס אַלץ דערמאָהנט.

— פאַרוואָס פּײַניג איך זיך אַזוי און בין זיך מייאש?—האָט ער גערעדט צו זיך אַליין—איך האָב דאָך שוין אייניגמאָל אַריבערגעלעבט אַ שווע־רע סכנה מיט'ן אויבערשטענס הילף און דער סוף איז געווען, אַז דורך גרויסען נסיון איז מײַן מאַטעריעלער צושטאַנד אײַנגעפּינדלעוועט געוואָרען. ווען דער אויבערשטער וועט מיר נור קומען צו־הילף, וואָס קאָן מיר דען טהון אַ מענש? אויך יעצט וועט דער אויבערשטער מיך ראַטעווען און בע־שירמען, זאָל זײַן נאָמען זײַן געבענשט אויף אייביג.

מען האָט אָנגעקלאַפּט אין טהיר פון זײַן צימער'ל; דאַן האָט מען פון אויסענווייניג געעפענט, דער טורמע־אויפזעהער איז אַרײַנגעקומען און דערלאַנגט איהם אַ פּאַקעט פער'חתמ'עט מיט צוויי חתימות. אין פּאַקעט איז געלעגען כשר־עסען. ער האָט אויך געבראַכט בעט־געוואַנד רבי בערמאַן האָט אָבגעגעסען אָווענד־ברויט מיט אַ גוטען אַפּעטיט, דאַן האָט ער זיך געלעגט רוהיג שלאָפען, ניט קוקענדיג אויף דער גרויסער סכנה, וואָס איז איהם פּאָרגעשטאַנען, און איז געשמאַק געשלאָפען ביז'ן גרויסען טאָג.

---

## 6) די בעפרייאונג און די גדולה.

ווען רבי בערמאַן האָט זיך אויפגעכאַפּט אין דער פריה אויף צו־מאָרגענס, ווען די שטראַהלען פון דער זון אַרײַנגעפאַלען העל און פרײַנד־ליך דורך די אײַזערנע גראַטעס פון זײַן פענסטער צו איהם אין צימער אַרײַן. ער איז אויפגעשפּרונגען פון זײַן געלעגער, האָט זיך אַדורכגעוואַשען, געלעגט תפילין און געדאַווענט קריאת־שמע בזמנה. ווי נור ער האָט געענ־דיגט דאַווענען, האָט ער דערהערט דומפּע שטימען אויף דער גאַס, שטימען פריהליכע, ווי דער המון וואָלט עמיצען בעגריסען, וואָס האָט דאָס געקאָנט בעדײַטען?

דער טורמע־אויפזעהער איז אַרײַנגעקומען און געבראַכט איהם פריהשטיק.

— הערר יוד,—האָט ער געזאָגט—אונזער שטאָדט איז בעשערט אַ הויכען כבוד. זײַן קורפירשטליכע דורכלויכט מיט איהר גנאַדען זײַן פריי וועגען געקומען צו אונז מיט אַ וויזיט.

— געלויבט דער אויבערשטער!—האָט רבי בערמאַן אויסגערופען — איך בין געראַטעוועט! יעצט איז אין שטאָדט בעל־הבית אַ העכערער פאַר'ן גענעראַל פאָן מאַרוויטש! דאָ האָט איהר, מײַן פרײַנד, אַ מתנה פאַר דער גוטער בשורה!

און ער האָט דערלאַנגט דעם אויפזעהער אַ דוקאַט.

— איך דאַנק אײַך — האָט דער אויפֿזעהער אויסגערופֿן — אָה, העררי יוד, ווען איהר אונ אײַער גלײַכען וואָלט דאָך געקומען אָפֿטער צו מיר און לאָך אַהער, וואָלט עס געווען אַ פֿערגניגען צו זײַן טורמע-אויפֿזעהער! עס קומען אָבער אַהער תּמיד נור גנבים און גאַסען-יונגען!

רבי בערמאַן האָט געלאַכט.

— איך דאַנק אײַך פֿאַר אַ פֿרײַנדליכען וואונש — האָט ער געזאָגט — זײַן איהר וועט מיר עפֿענען די טהיר פֿון טורמע צו מײַן בעפֿרײַאונג, וועל איך אײַך געבען נאָך איין דוקאַט. אָבער דאַן האָף איך מעהר אײַך קיינמאָל ניט צו זעהען.

אַ האַלבע שעה שפּעטער האָט דער טורמע-אויפֿזעהער שוין בעקומען זײַן צווייטען דוקאַט. רבי בערמאַן איז פֿרײַ געוואָרען און האָט געקאָנט געהן אַהיים. צוויי אַזייגער בײַטאָג האָט ער געדאַרפֿט זיך פֿאַרשטעלען דעם קורפֿירשט.

וואָס פֿאַר אַ שמחה ס'איז געווען פֿאַר בערמאַנ'ס בני-בית, ווי אויך פֿאַר די יודען פֿון האַלבערשטאַדט, ווען ער איז ערשיינען צוריק אַ בעפֿרײַטער! אָבער צו דער פֿרייד האָט זיך צוגעמישט די זאָרג: מען האָט מורא געהאַט, אַז סוף-כל-סוף וועט דער קורפֿירשט האַרט בעשטראָפֿען פֿאַר'ן אַרויסטרעטען געגען זײַן קאָמענדאַנט דעם געגעראַל פֿאָן טאַרוויטש.

— זאָרגט ניט — האָט רבי בערמאַן געזאָגט — דער קורפֿירשט וועט מיך ניט אויפֿהענגען. און ערגסטען פֿאַל וועל איך אָבקומען מיט אַ שטראָף פֿון געלד.

אַ ווײַלע פֿאַר צוויי אַ זייגער איז רבי בערמאַן אַוועקגעגאַנגען צום בירגערמײַסטער, וואו דער קורפֿירשט איז אײַנגעשטאַנען. דער בירגערמײַסטער האָט אַליין אַרײַנגעפֿיהרט רבי בערמאַנ'ען אין סאַלאָן.

דער קורפֿירשט איז געזעסען מיט'ן פֿרעזידענט פֿאָן רוק בײַ אַ קליינעם טישעל און האָט געשפּיעלט שאָך. דער הויכער העררר איז אַזוי שטאַרק געווען פֿערטיעפֿט אין שפּיעל, אַז ער האָט גאָרניט בעמערקט, ווי דער יוד איז אַרײַנגעקומען. רבי בערמאַן איז געבליבען שטעהן פֿון דער ווײַטען מיט'ן מיטפּסטען רעספּעקט, בעאָבאַכטענדיג דערבײַ דאָס שפּיעל. ענדליך איז דער קורפֿירשט אויפֿגעשטאַנען פֿון אָרט און האָט אויסגערופֿען: „מאַט, פֿערלוירען"!

— ענטשולדיג, קורפֿירשטליכע דורכלויכט — האָט רבי בערמאַן זיך דערוואויגען צו בעמערקען: „דאָס שפּיעל איז נאָך ניט פֿערלוירען. מען וואָלט נאָך געקאָנט געווינען די פּאַרטיע!

דער קורפֿירשט האָט בעטראַכט דעם פֿרעמדען מענשען פֿון קאָפּ ביז די פֿיס; דאַן האָט ער אַ וואָרף געטהון אַ שאַרפֿען בליק אויפ'ן שאַך-ברעט און האָט אויסגערופֿען:

— ווער ס'קאָן נאָך געווינען די דאָזיגע פּאַרטיע, דער קאָן מעהר ווי ברויט עסען! זאָל ער זיך זיצען און שפּילען ווייטער.

רבי בערמאַן האָט זיך געזעצט אויפ'ן קורפירשט'ס אָרט און באַלד האָט ער אַרום זיך אַלץ פערגעסען, זועהענדיג פאַר זיך נור דאָס שאַך-ברעט מיט די פיגורען. ער האָט געמאַכט אַנ'איבערראַשענדען גאַנג: דאַדורך איז דער פּרעזידענט פון רוק גאַר מבולבל געוואָרען און האָט געמאַכט אַ פאַלשען שריט. רבי בערמאַן האָט דאַן תיכּף אָנגעזאָגט „שאַך" און באַלד גאָכדעם מאַט.

דער קורפירשט האָט די פּאַרטיע געוואונען.

— ער איז אַ פיינער שאַך-שפּילער—האָט דער קורפירשט געזאָגט—ווער איז ער?

— אונטערטעניגסטער דינער פון אייער קורפירשטליכער דורכלויכט און שוץ-יודע, בעהרענד לעהטאַן.

— האַ, דער דרייסטער בערען-טוימער! ווי אַזוי האָט ער זיך געקאָנט אונטערשטעהן זיך אַליין דאָס רעכט צו נעהמען?

— דורכלויכט, רער וועג קיין בערלין איז וויט, ביז דער בריוו וועט געהן אַהין און צוריק, וואָלט דער בער געקאָנט אויס'הרג'ענען נאָך פיעל מענשען.

— מאַ, דאָס איז דאָך געוועזן גישט מעהר, ווי אַ יודיש קינד!

— מיין מאַן—האָט די קורפירשטין זיך אָבגערופען יעצט—אויך די נשמה פון אַ יודיש קינד איז אַ מאָנאַדע (אַ וועלט'ל פאַר-זיך), און וועלכער עס שפּיגעלט זיך אָב די גאַנצע וועלט.

— אייער דורכלויכט האָבען געלערנט ביי'ם גרויסען לייבניץ — האָט רבי בערמאַן זיך ערלויבט צו בעמערקען.

— וואָס ווייס ער דען פון לייבניצ'ן? — האָט דער קורפירשט אַ זאָג געטהון.

— און איך האָב געלעבט אין האַנאָווער, האָב איך געהאַט דאָס גליק צו לערנען ביי איהם מאַטעמאַטיק.

— ער איז דאָך אַ גאַנץ מערקווירדיגער יוד! נו, ווייל ער איז אַזוי געשיקט אין שאַך-שפּיעל און איז אפילו בעקאַנט מיט לייבניצ'עס פילאָסאָפיע, בין איך איהם גנעדיג מוחל די שטראָף פאַר זיין נעהמען זיך אַליין דאָס רעכט נעגען דעם בערן. ער קאָן געהן.

— זאָל אייער קורפירשטליכע גנאָד אָננעהמען מיין הערצליכען דאַנק. ווייל אָבער איך האָב שוין אַמאָל געהאַט דאָס גליק צו ערשיינען פּנים-אל-פּנים פאַר מיין ערלויכטער לאַנדס-הערין, וואָלט איך געבעטען די גנאָד צו ערלויבען מיר עפּעס-וואָס פאָרצושלאָגען.

— זאָל ער רע[illegible]ן!

— דער זעליגער הערר פאָטער פון אייער דורכלויכט האָט זיך גע-

שטעלט די אויפֿגאַבע פֿון זיין לעבען צו דערהויבען קיר-בראַנדענבורג צו דער ערשטער מדינה אין דייטשלאַנד, דער בראַנדענבורגישער אָדלער איז שוין פֿערפֿליגען אויף די ברעגען פֿון רהיין און האָט פֿערנומען די קלעווישע ירושה, להכעיס גאַנץ אייראָפּאַ. דאַן איז ער אַריבערגעפֿליגען די ברעגען פֿון באַלטישען ים און האָט ווידער אָבגעריסען ביי די שוועדען אַ גרויסען טייל דייטשלאַנד. דער גרויסער זהן פֿונ'ם מיט רוהם בעקריינטען פֿאָטער ווייס געוויס אָננעהמען גערן די געלעגענהייט צו בעקומען דייטשלאַנד, בפֿרט ווען דאָס קאָן פֿאָרקומען איינפֿאַך אויס'ן וועג פֿון רעכט אָהן געוואַלט, אָהן בלוט-פֿערגיסונג און אָהן די שרעקענישען פֿון מלחמה.

— וואָס פּלאַפּלט דאָרט דער יוד? וואָס וויל ער זאָגען? צי וויל ער מיך דען לאָזען אויסרופֿען פֿאַר אַ קעניג פֿון ירושלים?

— קורפֿירשטליכע דורכלויכט, דאָס איז נישט אין מיין מאַכט. אָבער איך וואָלט געוואָלט פֿאָרשלאָגען אייער דורכלויכט צו קויפֿען לענדער, וועלכע ליגען נישט ווייט פֿון אייער דורכלויכטס אייגענעם לאַנד און קאָנען דערביי פֿערגרעסערן אייערע אייגענטומער. איך לעג-פֿאָר אייער דורכלויכט צו קויפֿען די פֿירשטענטימער וועטין און קוועדלינבורג, ביידע שטעדט מיט די ערטער, וואָס געהערען דערצו, מיט די וועלדער און הערשאַפֿטען, קורץ מיט דער גאַנצער סביבה.

— רוהיג! — האָט דער קורפֿירשט אויסגערופֿען דערשראָקען, און דערביי האָט ער צוגעגעבען אויף פֿראַנצויזיש: צי מיינסטו נישט, אַז דער יוד איז אַ משוגע'נער?

— דורכלויכט — האָט דער פּרעזידענט געענטפֿערט אין פֿראַנצויז — מיר דאַכט זיך, אַז דער מענש איז שוין גראָד צו-קלוג.

— און וואָס מיינט מיין קלוגע פֿרוי? — האָט דער קורפֿירשט זיך געווענדעט צו זיין פֿרוי.

— איך בעמערק אָן דער מינע פֿונ'ם דאָזיגען מענשען, — האָט די פֿירשטין געזאָגט — אַז ער פֿערשטעהט די שפּראַך, אין וועלכער מיין העררס האָט נאָר-וואָס גערעדט. ווער ס'האָט געלערנט ביי לייבניצ'ען מאַטעמאַטיק, דער האָט מסתם אויך געלעזען זיינע ווערק אין דער פֿראַנצויזישער שפּראַך.

רבי בערמאַן האָט זיך פֿערבויגען פֿאַר דער קורפֿירשטין.

— די חכמי-התלמוד — האָט רבי בערמאַן געזאָגט אויף פֿראַנצויזיש — לערנען אונז, אַז די פֿרויען האָבען אַ בעזונדערען טאַלענט צו דערקענען מענשען.

— ער איז אַ יוד, ווי איך האָב נאָך קיינמאָל אַזעלכע נישט געזעהען — האָט דער קורפֿירשט אויסגערופֿען — און יעצט זאָל ער אונז זאָגען, ווי אַזוי קאָן ער אונז פֿערקויפֿען וועטין און קוועדלינבורג?

— קורפֿירשטליכע גנאָדען, דער פּויליש‌ער טראָהן איז לעדיג...

— האַ, יעצט פֿערשטעה איך שוין! מײַן קוזין אויגוסט פֿון זאַקסען וויל פֿאַר זיך בעקומען די קעניגליכע קרוין, ער וויל, אַז מען זאָל איהם רופֿען „מאַיעסטעט"! מאַיעסטעט! דאָס איז טאַקי שײן און ס'לוינט דערפֿאַר צו ברענגען אַ קרבן.

— אָבער זײַן דורכלויכט פֿון זאַקסען — האָט בעמערקט די קורפֿירשטין — איז דאָך פּראָטעסטאַנט!

— זאָלען מיר אײַער דורכלויכט מוחל זײַן — האָט רבי בערמאַן געזאָגט — ווי עס שײַנט, איז הײַנט שוין פֿון פּראָטעסטאַנטישען הערן געוואָרען אַ קאַטוילישער. דער קאַרדינאַל פֿון זאַקסען-צײַטש האָט דער ערשטער געגעבען אַ בײַשפּיעל זײַן קוזין.

אין זאַל האָט געהערשט אַ טיעפֿע שטילקײַט. די ידיעה האָט געווירקט אויף די אַנוועזענדע זעהר טרויעריג. קורזאַקסען איז זינט די פּראָטעסטאַנטישע רעליגיע איז ענטשטאַנען, געווען שטענדיג די פֿעסטונג פֿון דער דאָזיגער רעליגיע! דער קורפֿירשט איז אויפֿגעשפּרונגען פֿון זײַן אָרט. די קורפֿירשטין האָט אָבגעווישט אַ טרעהר. רוק און דער בירגערמײַסטער זענען געשטאַנען בעטריבט און פֿערטראַכט.

— דורכלויכטיגער הערר! — האָט רבי בערמאַן זיך דערוואויגען איבערצורײַסען די שטילקײַט — פֿון הײַנט אָן איז קור-בראַנדענבורג די פֿעסטונג און דער פֿאָדער-קעמפּפֿער פֿון פּראָטעסטאַנטישען דײַטשלאַנד!

דער קורפֿירשט האָט אַ קוק געטהון אויפֿ'ן יודען מיט גרויס פֿערוואונדערונג. דאַן האָט ער זיך אַ קעהר געטהון צו זײַן פֿרוי און געזאָגט אויף פֿראַנצויז:

— מײַן טײַערע, דאָס איז אַ מערקווירדיגער, אַ זעלטענער מאַן! האַ, איך פֿערגעס — האָט ער באַלד צוגעגעבען אויף דײַטש — איך פֿערגעס, אַז דער מאַן קאָן אויך גוט פֿראַנצויזיש. בעהרענד, ער איז אַ פֿײַנער פּאָליטיקער! אַ שאַד, וואָס ער איז אַ יוד, ער וואָלט געקאָנט ווערען אַ מיניסטער! דאָך ערקלערט אונז, וואָס פֿאַר אַ שייכות האָט דער פּוילישער קעניגליכער טראָהן מיט וועטין און קוועדלינבורג?

— אײַער דורכלויכט ווייסען דאָך, ווי אַזוי די פּוילישע שרים פֿערקויפֿען די קרוין. עס זענען פֿאַרהאַן צעהן בעלנים צו קויפֿען איהר, און קורפֿירשט אויגוסט גיט דעם גרעסטען פּרײַז. כדי אָבער צו בעקומען די גיטיגע סומעס געלד, וויל זײַן דורכלויכט פֿערקויפֿען וועטין און קוועדלינבורג.

— און אָט בין איך דער אײַנציגער קונה! אָבער איך האָב דאָך נישט קײַן געלד אויף אַזעלכע קניות!

— זאָלען אײַער דורכלויכט מיר אַלערגנעדיגסט ערלויבען צו האָבען

װעגען דעם אַנ'אַנדער מײנונג. דרײַ דײַטשע פֿירשטען האָבען בעקומען קע־ניגליכע קרוינען. אײַער דורכלויכטס נאָהנטסטער קרוב, דער קורפֿירשט פֿון האַנאָווער, װעט װערען קעניג פֿון ענגלאַנד און אירלאַנד, הערצאָג אַדאָלף פֿון האָלשטײן איז געװאָרען קעניג פֿון שװעדען, קורפֿירשט אויגוסט פֿון זאַקסען װעט װערען קעניג פֿון פּוילען. אַלע דאָזיגע הויכע הערען װעלען פֿאַר דײַטשלאַנד מעהר אָדער װעניגער פֿערפֿרעמדט װערען. אויך אויף אײַער דורכלויכט'ס הויכען קאָפּ װעט אַ מאָל רוהען אַ קעניגליכע קרוין; אָבער פּרײַסען איז אַ לאַנד, װאָס זײַן בעפֿעלקערונג איז צום גרעסטען טייל דײַ־טשיש. דער קעניג פֿון פּרײַסען װעט בלײַבען אַ דײַטשער פֿירשט; ער װעט נישט נויטיג האָבען אַריבערצוטראָגען זײַן רעזידענץ קײן קעניגסבערג, ער װעט נאָך, װי פֿריהער, בלײַבען װאוינען אין בערלין.

— יודע, ער רעדט װי אַ נביא!

— איך בין נישט קײן נביא, אָבער די חכמי־התלמוד זאָגען, אַז אַ פֿערשטענדיגער מאַן קאָן לעזען אין דער צוקונפֿט פּונקט װי אַ נביא.

— שוין װידער אַ מאָל דער תלמוד! מען זאָגט דאָך, אַז דאָס איז אַ ספֿר פֿול װיסטע און משונה'דיגע מעשה'לעך! דאָך זאָל ער נור זאָגען, װאָס מײנט ער אָנצוװײַזען מיט זײַן נביאות?

— איך האָב געװאָלט מיר ערלויבען צו בעמערקען, אַז קור־בראַנ־דענבורג דאַרף נישט פֿערזעהען די געלעגענהײַט צו קויפֿען דײַטשיש לאַנד. בראַנדענבורגער צוקונפֿט ליגט אין דײַטשלאַנד. דער דײַטשער קײזער האָט זיך אָנגעקליבען צו־פֿיעל פּראָװינצען אויסער־דײַטשע, דעריבער קוקט ער גלײַכגילטיג דערויף, װאָס דער קעניג פֿון פֿראַנקרײַך רײַסט־אָפּ פֿון דײַטש־לאַנד אַ שטיק נאָך אַ שטיק. ס'װעט קומען אַ צײַט, װען די קעניגליכע פּאָר פֿון די האָהענצאָלערן װעלען מיט זײער הערשערישען בליק קוקען אַראָב אויף גאַנץ דײַטשלאַנד. אײַער דורכלויכט'ס העכסט זעליגער פֿאָטער האָט די זאַך אָנגעהויבען; זאָלען אײַער דורכלויכט נישט פֿערנאַכלעסיגען די געלע־גענהײַט צו ענטװיקלען איהר װײַטער.

— װאָס זאָגט איהר דערצו, רוק

— דורכלויכט, מיר דאַכט זיך, אַז דער יוד איז גערעכט.

— און װאָס זאָגט מײַן װײַב דערצו?

— איך שטים־אײַן מיט'ן הערן פּרעזידענט פֿאָן רוק פֿאָלקאָם.

— און װי איז אײַער מײנונג, הערר בירגערמײַסטער?

— אײַער דורכלויכט איז אַזוי גנעדיג צו פֿרעגען װעגען מײַן מײ־נונג; איך פֿערשטעה נישט פֿיעל אין דער הויכער פּאָליטיק. אָבער דאָס קאָן איך אײַער דורכלויכט פֿערזיכערן, אַז אין האַלבערשטאַדט איז געשטאָ קײן קלינגערער יוד. װי בערמאַן לעהמאַן.

— װאָס זאָגט ער? בערמאַן!

— זאָל מיר אייער דורכלויכט מוחל זיין: די יודען רופען איהם ניש בעהערענד. נאָר בערמאַן. ער אונטערשרייבט זיך אָבער בעהערענד.

— נו, גוט, בעהערענד! איך בין מסכים אויף אייער פאָרשלאַג און איך וועל קויפען ביידע פירשטענטימער בתנאַי, אַז ער זאָל ניט שטעלען קיין צוגרויסען מקח. זאָל ער בעטראַכטען די פרטים מיט'ן פרעזידענט פאָן רוק.

— ס'פרעהט מיך זעהר, וואָס איך האָב זיך מיט אייך בעקאַנט און דערפאַר זאָלט איהר זיך אויסבעטען אַ וועלכען-עס-איז חסד.

— אַ חסד, דורכלויכט? — האָט רבי בערמאַן אויסגערופען גליקליך איבעראַשט.

— יאָ, אַ חסד! אָבער בעטראַכט זיך גוט פריהער, כדי ניט צו בעטען עטוואָס צוגעאײלטערהייד!

— אָה, איך ברויך ניט צו בעטראַכטען זיך. זאָל אייער דורכלויכט ערפילען מיין הייסעסטען וואונש און ערלויבען גנעדיג, אַז די יודישע קהלה אין האַלבערשטאַדט זאָל זיך ווידער קאָנען אויפבויען אַ שוהל!

# ז) די חסדים פאַר יודען.

— ער איז אַ מערקווירדיגער מענש, בעהערענד! — האָט דער קורפירשט געזאָגט. — איך האָב איהם ערלויבט צו בעטען עטוואָס פאַר זיך און ער פערלאַנגט פאַר זיך אַליין גאָרניכט, נאָר ער בעט אַ ג'ערלויבניש אַ שוהל צו בויען.

— איך האָב עס, דורכלויכט, אַ מאָל צוגעזאָגט מיין פערשטאָרבענעם פאָטער, ווען איך בין נאָך געווען אַנ'אַכטיעהריג קינד, און יענע טעג, ווען די קלאַסען האָבען אויף אַנ'אונגערעכטען אופן און געוואַלטזאַם איינגעוואָרפען אונזער שוהל געגען דעם ווילען פונ'ם פערשטאָרבענעם קורפירשט. איך האָב דאַמאָלס געזעהען, ווי מיין פאָטער האָט געוויינט און האָב איהם צוגעזאָגט די שוהל ווידער אויפצובויען. איך דאַנק דעם אויבערשטען, וואָס אייער מאַיעסטעט'ס פאָרשלאַג מאַכט פאַר מיר מעגליך היינט צו ערפילען מיין הבטחה.

— גוט, אָבער איך מוז דאָך אייך אַליין אויך עטוואָס געבען, כדי איהר זאָלט האָבען פון מיר אַנ'אַנדענקען.

— אייער קורפירשטליכע דורכלויכט זעהען, ווי די זון, וואָס איהרע שטראַהלען גיבען ליכטיגקייט און וואַרמקייט. ווען אייער קורפירשטליכער גנאַד האָבען מיר ערלויבט היינט צו בויען פאַר יודען אַ הויז, וואו זיי זאָלען זייער האַרץ אויסגיסען פאַר'ן שעפער פון דער וועלט, בעט איך אַ צווייטע ערלויבניש, צו זאָרגען פאַר דער ליכטיגקייט פון ג–ט'ס תורה.

— איך פֿערשטעה איך ניט.

— דורכלויכט, די תּורה, וואָס דער רבּונו־של־עולם האָט אונז געגעבען, בעדאַרף אונזערע געמיטער, ווי די ליכטיגקייט; די דאָזיגע תּורה איז: דער תּנ״ך און דער תּלמוד, אָבער אונזער יוגענד האָט ניט קיין מעגליכקייט תּורה צו לערנען, ווייל ס'פעהלען ספרים. אונזערע בתּי־מדרשים שטעהען לעדיג, ווייל אונזערע בחורים און בעלי־בתּים האָבען ניט קיין גמרא'ס. נאָר זעלטען טרעפט מען אַ גאַנצען ש״ס אין אַ שטאָדט. צעהן לומדים מוזען זיצען איבער אַ ספר און די תּורה איז אין געפאַהר פֿערגעסען צו ווערען. דורכלויכט, די צווייטע גנאָד, וועלכע איך בעט, איז צו ערלויבען מיר לאָזען דרוקען דעם תּלמוד.

— ניין, דאָס קאָן איך ניט ערלויבען! דאָס, וואָס מען האָט מיר דערצעהלט וועגען דעם תּלמוד, זענען שרעקליכע מעשׂים.

— איך בעט, איהר זאָלט מיר מוחל זיין, דורכלויכט! ווער ס'דערצעהלט שרעקליכע זאַכען וועגען דעם תּלמוד, דער איז מיט איהם ניט בעקאַנט אָדער ער פֿערשטעהט איהם ניט. דער תּלמוד פֿערפֿליכטעט דעם יודען צו זיין געטריי דעם פֿירשט פֿון לאַנד און דעם פֿאָטערלאַנד; ער פֿאָדערט, אַז אַ יהוד זאָל זיין עהרליך, אויפֿפֿיהרען זיך מיט גערעכטיגקייט, מיט דיענסטפֿערטיגקייט און ליעבשאַפֿט געגען אַלע זיינע מיטמענשען. דער תּלמוד לערנט, אַז דער יוד מוז אָבהיטען די געזעצען פֿון'ם לאַנד, אין וועלכען ער לעבט און מהון אַלע מצוות־התּורה (בבא קמא קי״ג); ער בעפֿעהלט צו זיין די ניט־יודישע אָרימע לייט גלייך מיט די יודישע, צו זאָרגען פֿאַר די ניט־יודישע חולאים און מקבּר זיין זייערע מתים, פּונקט ווי ג—ט אַליין איז גוט צו אַלעמען און איז אַ רחמן אויף אַלע זיינע ברואים (גטין ס״א). דער תּלמוד פֿערבאָט אונז צו נעהמען אין געזעצליכע פּראָצענטען אַפֿילו פֿון די געצענדינער (בבא מציעא ע'); ער פֿערבאָט אָבצונאַרען אַפֿילו אַ געצען־דיענער (חולין צ״ד) בפֿרט נאָך היינט מעשׂים. ער לערנט אונז ...

— אַי, אַי, האַלט־אָב, בעהרענד! צי בין איך דען געקומען קיין האַלבערשטאַדט, כּדי צו הערען אַ פֿאָרלעזונג וועגען דעם תּלמוד? ער וועט דאָך אָבער ניט אָבלייקענען, אַז אין תּלמוד געפֿינען זיך גאַנץ נאַרישע מעשׂה'לעך! אַזוי, למשל, האָט מען מיר דערצעהלט, אַז דער תּלמוד לערנט דאָס ג—ט דאַרף ניט געהן אין דער וועלט מעהר ווי פֿיער איילען! חאַ—חאַ—חאַ!

העהר פֿאָן דוק און דער בירגער־מייסטער האָבען הויך מיטגעלאַכט ווי עכטע אונטערטאַנען, אָבער די קורפֿירשטין האָט נאָרנישט געלאַכט.

— מיין מאַן — האָט זי געזאָגט — איך האָב געהערט לייבניץ'ען רעדען מיט'ן גרעסטען רעספּעקט וועגען דעם תּלמוד און די רבנים.

— אַזוי! — האָט דער קורפירשט געזאָגט — זאָל ער גור זאָגען, בעהרענד, צי שטעהט אַזאַ דומהייט אין תלמוד?

— דאָס שטעהט אין תלמוד ניט, אײַער דורכלויכט!

— האט מען מיר אַלזאָ געזאָגט אַ ליגען?

— דאָס ניט! מען האָט גור ניט פערשטאַנען די געהעריגע שטעל אין תלמוד, פאַר די, וואָס האָבען פון דער יוגענד-אָן זיך ניט בעשעפטיגט מיט'ן למוד-התלמוד, פאַר יענע איז דאָס אַ זעהר שווערע אויפגאַבע. ניט-יודישע געלעהרנטע מיינען, אַז זיי קאָנען לעזען דעם תלמוד, אַ שטייגער, ווי מען ליינט דעם לאַטיינישען ציצעראָ אָדער דעם רוימישען האָמער, נאָכדעם ווי מען האָט גרינדליך אויסגעלערנט לאַטייניש אָדער גריכיש. אָבער איך האָב מורא, אײַער דורכלויכט קאָנען...

— זאָל ער רעדען אָהן מורא!

— טאָ וועל איך דעריבער געבען גור אַן אויפקלערונג איבער יענע שטעל, וואו ס'רעדט זיך אין תלמוד וועגען די פיער איילען. דאָרט ווערט נעמליך געזאָגט אַזוי: אין דער וועלט איז נישטאָ קיין בעסערע מעשים טובים, ווי לערנען תורה, כדי צו וויסען, ווי אַזוי מקיים צו זיין איהרע געבאָטען. די רעליגיעזע פראַקטיק ענטהאַלט זיך אין תלמוד אין דער „הלכה", וואָס הייסט בוכשטעבליך: געהן אין ג—ט'ס וועגען, כדי צו בעצייכענען אַ קליין צימער'ל, וואו אַ תלמיד-חכם לערנט תורה, געברויכט דער תלמוד דעם אויסדרוק „פיער איילען", ווייל דאָס איז דער קלענסטער שטח, וואו דער מענש מוז האָבען, כדי צו קאָנען אָבגעבען זיך מיט'ן למוד-התורה. און אָט שטעהט אין תלמוד וואָרט-אין-וואָרט פאָלגענדעס: „דער אויבערשטער, געלויבט זאָל זיין דער נאָמען זיינער, האָט אין זיין וועלט גור די פיער איילען פון דער „הלכה". פונ'ם דאָזיגען אויסדרוק האָבען די אין תלמוד וועניג געאיבטע אַרויסגענומען דאָס, וואָס אײַער דורכלויכט האָבען געהערט.

— דאָס איז מערקווירדיג! נו, פון מיינעטוועגען זאָל ער זיך לאָזען דרוקען דעם תלמוד! אָבער פאַר זיך האָט ער דאָך פאָרט גאָרנישט געבעטען! אָדער אפשר מיינט ער צו מאַכען אַ גוט געשעפט בײַ'ם דרוקען דעם תלמוד?...

רבי בערמאַן האָט געשמייכעלט.

— קורפירשטליכע גנאָד—האָט ער געזאָגט—דאָס וועט פיעל קאָסטען און הכנסה וועט דערפון זיין זעהר וועניג.

— ער איז אַ מערקווירדיגער יוד! אַזעלכען האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געזעהען! צי וויל ער דען גאָר ניט רייך ווערען?

— דער תלמוד לערנט אונז: „ווער איז רייך? ווער עס איז צופריעדען מיט דעם, וואָס ער האָט"!

— צי האָט דער תּלמוד אויך ניט געזאָגט—האָט זיך אַרײַנגעמישט די פירשטין—עטוואָס עהנליך וועגען גבורה? איך דערמאָהן זיך, אַז איך האָב עפּעס־וואָס געהערט וועגען דעם פון לײבּניצ'ען.

— דער תּלמוד לערנט: „ווער איז אַ גבור? דער וואָס פערשטעהט, ווי אַזוי אײַנצונעהמען זײַנע לײדענשאַפטען".

— שעהן, זעהר שעהן! — האָט אויסגערופען דער קורפירשט — זאָל ער אַלזאָ לאָזען דרוקען דעם תּלמוד און יעצט וויל איך בײַ איהם שוין מעהר ניט פרעגען צום דריטען מאָל, וואָס פאַר אַ חסד ער זאָל פאַר זיך בעטען. אַ קשיא אויף אַ מעשה! ער קען נאָך פערלאַנגען פון מיר, אַז איך זאָל פאַר יודען אײַנגעהמען ירושלים! איך וויל איהם אַלײן בעשטימען אַ חסד, ער האָט מוטיג געענטפערט, ווי אַן עכטער קאַוואַליער, דער'הרג'עט דעם גענעראַל'ס ווילדען בער. דער גענעראַל בעקומט דעמיסיע, ווען איהר וואָלט ניט געוועזען קײן יוד, וואָלט איך אײַך דערהויבען פאַר אײַער העלדישקײט צום אַדעל. יעצט אָבער פאַסט דאָס ניט. אָדער אפשר וויל ער זיך שמד'ן?

רבי בערמאַן איז שרעקליך דערשראָקען און בלאַס געוואָרען.

— נו, זאָל ער זיך ניט שרעקען. איך בין ניט קײן פרײַנד פון משומדים. אָבער ווײַל איך קען איהם ניט דערהויבען צום אַדעל־שטאַנד, וועל איך איהם ווענינגסטענס געבען אַ העראַב פון אַדעל־לײַט. דער בירגער־מײַסטער האָט אײַך פריהער גערופען „בערמאַן". זאָל ער אַלזאָ אויף זײַן התימה לאָזען זיך מאַכען אַזאַ העראַב: „אַ מאַן האַלט אַבער פאַר די פאָ־דערשטע פיס". יעצט זאָל ער זיך געהן מיט'ן פּרעזידענט פאָן רוק און ענדיגען די קניה פון וועטין און קוועדלינבורג, אָבער זאָל ער אונז שטע־לען ניט קײן שווערע בעדינגונגען. הערט ער! מיר בלײַבען פאַר איהם גנעדיג. און יעצט, הער בירגערמײַסטער: צי האָט איהר שוין בעזאָרגט אַ פרירשטיק פאַר אונז?

דער בירגערמײַסטער האָט זיך פערבויגען.

קורפירשט פרידריך האָט דערלאַנגט זײַן פרוי דעם אָרעם, כדי אַרײַנצופיהרען זי אין עס־צימער. און מהיר האָט ער זיך אַ קעהר־געטהאָן נאָך אַ מאָל און פרײַנדליך צוגעווינקט מיט דער האַנד רבי בערמאַנ'ען, וועלכער האָט זיך טיעף געבוקט. אויך די קורפירשטין האָט צו איהם פרײַנדליך און גנעדיג געשמײכעלט.

די געשעפטען מיט'ן פּרעזידענט פאָן רוק האָבען זיך באַלד גינ־סטיג געענדיגט.

ווען רבי בערמאַן האָט פערלאָזען די וואוינונג פון בירגערמײַסטער, האָט ער געפונען אויפ'ן גאַס כמעט די גאַנצע האַלבערשטעדטער יודישע קהלה, וואַרטענדיג אויף איהם. זײַן לאַנגע אוידיענץ בײַם קורפירשט האָט דערוועקט בײַ אַלעמען גרויסע בעזאָרגונג.

רבי בערמאַן איז אַרײַנגעטראָטן און מיטן קריַיז פון די פֿערזאַמעלטע יודען און האָט הויך געזאָגט:

— געלויבט זאָל זײַן דער אויבערשטער, דער טוב ומטיב, וועלכער מאַכט מעגליך גוטס צו טהון.

דאן איז ער צוגעגאַנגען צו זײַן שוועהר און האָט געזאָגט:

— לאָמיר מתפלל־זײַן בשלומו של מלכות, פֿאַר דער געזונדהייט און גליק פֿון אונזער גנעדיגען קורפירשט. זײַן דורכלייכט האָט מיט גרויס חסד ערלויבט אונז צו בויען אַ שוהל!

בײַ די דאָזיגע ווערטער האָט זיך בײַ אַלעמען אַרויסגעריסען אַ פֿרייד־געשרײַ פֿון הארצען. די עלטערע יודען, וועלכע האָבען נאָך געדענקט, ווי מען האָט די שוהל אײַנגעוואָרפען, האָבען געוויינט פֿאַר שמחה.

רבי משה קאָהן, רבי בערמאַנס חתן, איז אַרויסגעטרעטען און געזאָגט:

— וואָס וועלען מיר אָבער האָבען פֿון אַ שוהל! תפלה טהון צום רבונו־של־עולם קאָן מען אויך בחדרי־חדרים, און אַנ'אײַנזאַמע שטוב; ווען מיר וואָלטען בעסער דערהאַלטען אַנ'ערלויבניש צו דרוקען דעם תלמוד, כדי די תורה זאָל נישט פֿערגעסען ווערען אין ישראל!

— אויך אָט די ערלויבניש האָב איך דערהאַלטען, מײַן זוהן. מעהר וועלען מיר שוין נישט האָבען קיין דחקות אין גמרא ס.

יעצט זענען צוגעקומען לעהמאַנ'ס יונגער זוהן און עוריה. רבי בערמאַן האָט זיי אויסגעשטרעקט בײַדע הענד און געזאָגט:

— וועטין און קוועדלינבורג זענען פֿערקויפֿט געוואָרען פֿאַר אַ הויכען מקח. דער שווערסטער טייל פֿון מײַן געשעפֿט איז מיט'ן אויבערשטענס הילף שוין געשלאָסען געוואָרען.

אויך דער בראַווער פעטער, דער דערשיסער פֿון בער, איז אַרויס־געקומען בעגריסען זײַן הערר.

— די האָפט נישט מעהר וואָס מורא צו האָבען, פעטער—האָט רבי בערמאַן געזאָגט.— דער גענעראַל פֿאָן מאַרוויטש בעקומט דעמיסיע און מיר האָט זײַן קורפֿירשטליכע דורכלייכט בעשאָנקען מיט אַנ'ארעליגען הערב, אײַגענטליך געהערט ער דיר, דעם אמת'ן בערען־טויטער. נאַ, איך גיעב דיר דערפֿאַר צעהן דוקאַטען.

דער געטרײַער דיענער האָט דאַנקבאַר געקושט די האַנד זײַן העררן.

רבי בערמאַנס גאַנג אַהיים איז געווען אַנ'אמת'ער טריאומף־גאַנג. בײַ יעדער טהיר און טהויער איז ער בעגריסט געוואָרען דורך יונג און אַלט מיט פֿרייד־אויסרופֿען. אין דערהיים האָבען איהם בעגריסט מיט דער גרעסטער שמחה זײַן פֿרוי און טאָכטער. זײַן פֿרוי מרים האָט צוגעגרייט אַ סעודה, און וועלכער ס'האָבען טיילגענומען אַלע פֿריינד פֿון דער משפחה, אַלע זענען געווען פֿרעהליך און צופֿריעדען.

פאַר'ן בענטשען האָט רבי בערמאַן גענומען אין האַנד אַ פולען כוס חמין און געזאָגט:

— דעם כוס של ברכה דערהויב איך און רוף ג—ט'ס נאָמען. היינט איז דער פרעהליכער טאָג, און ווען איך קאָן ערפילען די הבטחה, וואָס איך האָב אַלס קליין קינד געגעבען מיין פאָטער, זכרונו לברכה. אמת, וויכטיגע געשעפטען פאָדערען, אַז איך זאָל תיכף אַוועקפאָהרען, אָבער איך וועל נישט לאָזען מיינע קינדער און עזריה'ן אָבפאָהרען. איך וועל אַליין אויך נישט אַרויספאָהרען פון שטאָדט, איידער איך וועל האָבען געלעגט דעם פונדאַמענט פאַר דער נייער שוהל.

— רבי בערמאַן — האָט געזאָגט איינער פון די חשוב'סטע בעלי-בתים אין האַלבערשטאַדט, רבי שמואל — רבי בערמאַן, מען קאָן אָפּקויפען ביים בענ.מטען רייכערט אַ פלאַץ אויף דער באָקענשטראַסע. פאַר דער נייער שוהל וועט דאָס פּאַסטען אויסגעצייכענט: ס'איז אַ גוטער מיט גענוג גרוים און קאָסט נישט טייער.

— גוט, רבי שמואל, קויפט עס, איידער רייכערט וועט זיך דער-וויסען, אויף וואָס מיר ברויכען צו האָבען דעם פלאַץ און יעצט, מיינע פריינד, גיסט-אָן אייערע כוסות און לאָמיר טרינקען „להיים" לכבוד דער שענער געביידע, וואָס מיר וועלען אויפשטעלען — אַ בית-מקדש מעט, וואָו אונזערע ברידער, קינדער און קינדס-קינדער וועלען ג—ט בעטען ביז משיח'ס צייטען, ווען ס'וועט קומען די צייט פון אונזער גאולה שלימה!

---

# 8) די קעניג-וואהל אין פוילען.

דעם 17-טען יוני 1696 איז געשטאָרבען יאָהאַן סאָביעסקי, קעניג פון פוילען, דערזעלבער וואָס האָט אין יאָהר 1683 אַזוי רוהמרייך בעפרייט די הויפט-שטאָדט פון עסטרייך און האָט פערטריבען די טערקען, וועלכע זענען שוין געווען צוגעטראָטען צו די טויערען פון וויען. פוילען איז גע-ווען אַ מדינה, וואו דער קעניג פלעגט תמיד אויסגעקליבען ווערען. צעהן פרעטענדענטען האָבען געשטרעבט צו פערנעהמען דעם לעדיג-געוואָרענעם טראָהן; צווישען זיי זענען געווען אויך ביידע זיהן סאָביעסקי'ס און זיין איידעם, דער קורפירשט מאַקס עמאַנועל פון ביירען. דער וויכטיגסטער קאָנקורענט פון זאַקסישען קורפירשט איז געווען דער דורך פראַנקרייך אַרויסגעשטעלטער קאַנדידאַט אויפ'ן טראָהן פרינץ לודוויג פון קאָנטי, אַ קוזין פון קעניג לודוויג דעם 14-טען. דער פראַנצויזישער געזאַנדטער, פּאָליניאַק, האָט געבאָטען די פוילישע שרים צעהן מיליאָן גילדען; אַזוי פיעל האָט אויך געבאָטען דער זאַקסישער קורפירשט דורך זיין געזאַנדטען גראַף פ״עמינג. ס'האָט אָבער אויסגעוויזען, אַז די וואָגשאָל איז נוטה לטיבת דעם פרינץ פון קאָנטי, וואָס אויף זיין צד איז געשטאַנען דער פרימאַס פון דער פוילישער מלוכה, דער קאַרדינאַל-ערציבישוף פון גנעזען, ראַדז

זווינעסקי. גראַף פּלעמינג האָט געקאָנט אַריבערציהען אויף זיין צד נור דעם וויצע-פּרימ-ס דעם בּיסקופּ פון קויאַווע, דאָמבּסקי. דאַגעגען האָט פּאַראַליזירט דעם מעכטיגען פראַנצויזישען איינפלוס עסטרייך מיט איהר יורש-המלוכה, דעם „רוימישען קעניג" יאָזעף, וועלכע איז שפּעטער געווען קייזער יאָזעף דער ערשטער. מיט איהם איז דער זאַקסישער קורפירשט אויגוסט געווען זעהר בעפריינדעט. אויך דער פּויפּסטליכער לעגאַט, דאַוויא, האָט גע-ווירקט בשתיקה לטובת אויגוסט, כאָטש ער איז עפּענטליך גישט אַרויסגע-טראָטען, מורא האָבענדיג פאַר פראַנקרייך.

דאָס איז געווען דעם 27-טען יוני 1697 ווען די פּוילישע שרים האָבען זיך פערזאַמעלט אויפ'ן וואָהל-פעלד וואָליאַ נעבען וואַרשא. פּלעמינג איז געווען אין פערצווייפלונג. דער פרימאס האָט אָבגעגעבען זיין שטימע פאַר'ן פּרינץ קאָנטי; די איבּריגע מעהלער האָבען זיך שווער געלאָזט נעה-מען, וויל ס'האָבען נאָך געפעהלט צוויי מיליאָן גילדען פון די צוגעזאָגטע צעהן. ס'האָט אויסגעוויזען, אַז אַלץ איז פערלוירען, אָבער פּלוצלונג איז געקומען צו פליהען אַ קאַרעטע, געשפּאַנט אין פיער פערד און האָט זיך אָבגעשטעלט נישט ווייט פון וואָהל-פעלד. פּלעמינג האָט דערקענט די זאַק-סישע פּאַרבען, ער איז צוגערייטען צו דער קאַרעטע, פון וועלכער עס זענען אַרויסגעשטיגען רבי בערמאַן מיט זיין געהילף עזריה.

— איהר זענט דער יוד בעהרענד? — האָט גראַף פּלעמינג געפּרענט — ברענגט איהר געלד?

— צו דיענען, העהר געגעראַל-פעלדמאַרשאַל — האָט רבי בערמאַן גע-ענטפערט.

— וויפיעל? איהר האָט דאָך צוויי מיליאָן גילדען?

— נאָך פיעל מעהר. איין מיליאָן מיט אַכטהונדערט טויזענד פראַנק אין גוט פראַנצויזישען געלד.

— געלויבט דער אויבערשטער, יעצט איז דאָס שפּיעל געוואונען.

מען האָט אויסגעלאָדען די קאַסטענס מיט געלד. באַלד זענען זיך צונויפגעקומען אַלע שרים, לויט זייער וואָיעוואָדשאַפטען. יעדע וואָיעוואָדשאַפט האָט בעקומען איהר חלק געלד און האָט אויסגערופען „וויוואַט זאַס"! עס הייסט: „לעבען זאָל דער זאַקס"! די לופט איז פול געוואָרען מיט אַזעלכע אויסרופען און דער קויאַווער בּיסקופּ האָט פּראָקלאַמירט דעם זאַקסישען קורפירשט פאַר אַ פּוילישען קעניג. די גלחים האָבען באַלד אָנגעהויבען זינגען אויפ'ן וואָהל-פעלד אַ טע דעאום לאַודאַמוס (אודך ד'), אונטער אַנ'-אונגעהויערען געשריי און אַנ'אונגעוועהנליכער שימערי זענען אַלע שרים אַוועק-געריטען צו דער וואַרשאָווער הויפּט-קירכע. אויך דאָרט האָט דער בּיסקופּ פון ליטאַ, דער דעקאַן פון דער מלוכה, געזונגען אָ טע דעאום. דער איבער-ריבער וואַגש פון זאַקסישען קורפירשט איז דערפילט געוואָרען: ער איז אויסגעקליבען געוואָרען אַלס קעניג פון פוילען.

שליחים מיוחדים האָבען זיך באַלד געלאָזען לויפען קיין דרעזדען מיט דער גליקליכער בשורה. אויגוסט איז תיכּף אָבגעפאָהרען און דער בעגלייטונג פון 8,000 מאַן זאַקסישע סאָלדאַטען קיין ברעסלוי; פון דאָרט איז ער געפאָהרען קיין טאַרנאָוויטש צו דער גרענעץ פון דער מלוכה, וואו ס'האָט איהם ערוואַרטעט אַ דעפוטאַציע פון זיינע נייע אונטערטאַנען.

דעם 12-טען סעפּטעמבער איז אויגוסט מיט גרויס פּאַראַד אַריינגעפאָהרען אין דער קרוינונגס-שטאָדט קראקא. דאָס איז געווען אַ גלענצענדער אַריינפאָהר, ווי מען האָט עס נאָך אין אייראָפּא נישט געזעהען. פאָראויס זענען בעגאַנגען די קראַקאָווער סוחרים, נאָך זיי — די צעכען — אַלע רייטענדיג, זיי זענען נאָכגעגאַנגען פערציג מיט גאָלד און זילבער בעלאָדענע קעמלען, נאָך זיי איז בעגאַנגען די פּוילישע גוואַרדיע, דער גאַרניזאָן פון קראקא, צוויי פּאָלקען דראַגונער, פיער און צוואַנציג פּאַזשען אויך אַזוי פיעל קעניגליכע האַנד-פערד, מיט זילבער געשטיקטע דעקען בעהאָנגען, צוויי און צוואַנציג פּראַכטפולע קאַרעטעס, די קעניגליכע לייב-קאַרעטע, געשפּאַנט מיט אַכט פּערל-געפאַרבטע פערד און מיט זאָטלען, בעזעצט מיט דימענטען און בריליאַנטען; איין און צוואַנציג טרומייטערס און צוויי פּויקער מיט זילבערנע טרומייטען און פּויקען, די זאַקסישע מיניסטאָרען און קאַוואַליערען, קיראַסירען-פּאָלקען, זאַקסישע און פּוילישע, אַ פּוילישער הוזאַרען-פּאָלק; די הוזאַרען זענען אַלע געווען בעדעקט מיט פעל פון טיגערען און וועלף; די פּוילישע קאַוואַליערען, די סענאַטאָרען און די שׂרים פון דער מלוכה, דער קרוין-מאַרשאַלעק, וועלכער האָט געטראָגען דעם מאַרשאַל-שטאַב פון קעניג, בעזעצט מיט דימענטען. דאַן איז ערשינען דער קעניג מיט זיין פּראַכטפולען אַנצוג פול בעזעצט מיט דימענטען; דער קעניג איז געגאַנגען אונטער אַ חופּה, וועלכע ס'האָבען געטראָגען סענאַטאָרען און דער קראַקאָווער בירגערמייסטער. צוזאַמען מיט'ן קעניג זענען געגאַנגען פופציג טראַבאַנטען און גאָלד-געשטיקטער ליווריע; דאַן זענען געגאַנגען די געזאַנדטע פון די פרעמדע מלוכות מיט זייער גרויסער סוויטע, לסוף איז געריטען די קעניגליכע לייב-גוואַרדיע.

דעם 13-טען סעפּטעמבער האָט לויט אַנ'אַלטען מנהג געזאָלט פאָרקומען די איינבאַלזאַמירונג פון'ם פערשטאָרבענעם קעניג, אָבער די פראַנצויזישע פּאַרטיי האָט אַרויסגענומען דעם קערפּער פון'ם פערשטאָרבענעם און געלאָזט איהם ברענגען קיין וואַרשא. פונדעסטוועגען האָט מען זיך אַנ'עצה געגעבען: מען האָט גענומען אַ נייע טרומנע, געלעגט אויף איהר סאָביעסקי'ס מאַרשאַל-שטאַב, זיין חתימה און זיין פאָהן — ווי דער מנהג איז געווען, און מען האָט דאָס אַלץ מקבר געווען.

דעם 15-טען סעפּטעמבער, זונטאָג איז עס געווען, האָט דער קויאַווער בישאָף אַרויפגעזעצט אין דער קראַקאווער הויפּט-קירכע דעם זאַקסישען קורפירשט אויפ'ן יאַגעלאָנישען קעניגליכען טראָהן און האָט איהם געקרוינט.

ווען אויגוסט האָט די קירכע פֿערלאָזען, כּדי צו פֿאָהרען אין שלאָס אַריין, האָט זיך דערהערט אַ געוואַלדיג - הויכער אויפֿרוף: „וויוואַט רעקס" ! — „לעבען זאָל דער קעניג" !

אויגוסט האָט זיך געשפּירט העכסט גליקליך. ער האָט אויסגעטיילט פֿיעל חסדים און מתנות און נעגעבען זיינע פֿריינד הויכע טיטולען און עהרען-שטעלען. אויך דעם יוד בעהרענד לעהמאַן האָט ער געהייסען זיך פֿאָרשטעלען.

— בעהרענד—האָט דער קעניג געזאָגט גנעדיג—איך בין איהם שולדיג אַ גרויסען דאַנק. ער האָט אויפֿ'ן בעסטען אופֿן אויסגעפֿיהרט מיינע שליחות און אויב איך בין היינט קעניג, פֿערדאַנק איך עס טיילוויז דער פֿליסיגקייט, מיט וועלכער ער האָט אויסגעפֿיהרט אַלע שווערע געשעפֿטען. איך וויל זיך איהם אַרויסווייזען דאַנקבאַר, און אויסער זיין כשר-פֿערדינטען רייוח, געבען איהם אַ צייכען פֿון מיין גנאָד. איך בעשטים איהם פֿאַר מיין קעניגליכען רעזידענט און גיב איהם די ערלויבניש צו וואוינען אין אַלע מיינע מדינות אין זאַקסען, ווי אין פּוילען, און אומגאָרנען געשעפֿטען וואו ער וויל.

— זאָל אייער מאַיעסטעט אָננעהמען מיין טיעפֿסטען דאַנק. פֿאַר מיר איז עס געווען אַ גרויסע שמחה צו קאָנען מיטווירקען כאָטש פֿיעל-ווייניג, אַז די קעניגליכע קרוין זאָל אָנקומען מיין אַלערגנעדיגסטען הערר! ס'איז נישטאָ קהן קאָפּ אויף דער וועלט, וואָס זאָל זיין מעהר ווערט די דאָזיגע קרוין צו טראָגען.

— ער רעדט גוט, בעהרענד. איך וועל נאָך אָפטער האָבען געלעגענהייט צו רייידען מיט איהם. ער זאָל אָבער אויך האָבען אַנ'אַנדענקען פֿון דער יעצטיגער שענער צייט.

דער קעניג האָט אַ וואונק געטהון, און אַ דינער האָט אַריינגעטראָגען אַ פֿרעכטיגען סאָבאָל-פּוטער פֿון אַ זעהר הויכען ווערט.

— ער ווערט יעצט האָבען אָפֿט עסקים אין פּוילען. אינ'ם דאָזיגען קאַלטען לאַנד איז נויטיג צו האָבען אַ גוט פּוטער, זאָל עס אָננעהמען דעם דאָזיגען פּוטער און ווען ער וועט זיך שפּירען אין איהם אַיינגעהעם, זאָל ער זיך דערמאָהנען אָן מיר, אָן דעם קעניג, וועלכער איז פֿאַר איהם גנעדיג. זאָל ער נור אָנמעסטען זיך דעם פּוטער. איך וויל זעהען אויב ער פּאַסט פֿאַר איהם.

— איך בעט מיר מוחל צו זיין, מאַיעסטעט! דער חסד פֿון אייער מאַיעסטעט און אייער גנעדיגע מתנה זעגען מיר אונגעדליך טייער, אָבער תיכף אָנטהון דעם פּוטער מאָר איך נישט. אונזער תורה פֿערבאָט אונז אָנצוטהון קליידער, אין וועלכע ס'איז צוזאַמענגעמישט פֿלאַקס מיט וואָל, דער שענער אויבערשלאַג פֿונ'ם דאָזיגען טייערן פּוטער איז פֿון וואָלענע שטאָף; איך מוז דעריבער זעהען, צו געפֿינט זיך נישט אונטער איהם קיין

לײַוונט און צו די נעהט זוענען נישט פֿון פֿלאַקסען-פֿאָדעם. ערשט ווען איך וועל האָבען די גערווסהײַט, אַז דאָ איז נישטאָ קיין שעטנז, וועל איך דאָס טײַערע פֿוטער מיט'ן גרעסטען פֿערגעניגען אָנטהון.

— איהר יודען האָט וואונדערליכע געבאָטען און אײַער תּורה.

— זײַ שטאַמען פֿון ג—ט'ס חכמה, וועלכע האָט איך בעשאַפֿען הימעל און ערד, פֿונ'ס ג—ט, וואָס ער איז דער מלך מלכי המלכים. ענטשולדיגט מיר, מאַיעסטעט, וואָס איך האָב זיך דערוואויגען און דער דאָזיגער בעציהונג נישט צו געהאָרכען אײַך תּיכף. אָבער איך זאָג מיט'ן מלך דוד: „איך וועל רעדען וועגען דײַנע מצוות פֿאַר מלכים און וועל זיך נישט שעמען!"

— עס פֿרעהט מיך זעהר צו זעהען, אַז ער היט-אָב אַזוי שטרענג די געבאָטען פֿון זײַן רעליגיע. אָבער איך בין דאָך גענײַעריג צו דערווויסען זיך, אויב זײַן חשד וועגען דעם פֿוטער איז ריכטיג. מײַן ראַרדעראָבע-מײַסטער וועט באַלד די זאַך אונטערזוכען.

דער קעניג האָט אַ וואונק געטהון און דער הויפֿישער גאַרדעראָבע-מײַסטער, אַ פֿראַנצויז מיט'ן נאָמען פֿראַנסואַ-די-וואַל, איז אַרײַנגעקומען

— אַה, — האָט דער קעניג געזאָגט — דער מענש פֿערשטעהט נישט קיין דײַטש און איך ווייס נישט, ווי אַזוי איהם צו ערקלערען די זאַך.

— ערלויבען אײַערע מאַיעסטעט, אַז איך...

— ער פֿערשטעהט פֿראַנצויז? גוּ, זאָל ער זאָגען, וואָס גויטיג איז.

רבי בערמאַן האָט געטהון, ווי מען האָט איהם בעפֿוילען. דער מײַסטער האָט גענומען אַ שעהר, אויפֿגעטרענט די נעהט און האָט בעשטעטיגט רבי בערמאַנ'ס השערה.

דער קעניג האָט באַלד געגעבען אַ בעפֿעהל איבערצונעהען דעם פעלץ, לויט דער אָנווײַזונג פֿון קעניגליכען רעזידענט,

רבי בערמאַן האָט דאַמאָלס גאָרנישט געקאָנט פאַראויסזעהען, ווי די דאָזיגע זאַך וועט שפּעטער פֿאַר איהם האָבען אַנ'איבעראַשענדען רעזולטאַט. ער האָט געהאַט אין זינען נור צו ערפֿילען דאָס ג—טליכע געבאָט.

---

# 9) כּבוד און גדולה.

איידער רבי בערמאַן האָט זיך געלאָזען אויף דער רײַזע קיין פּוילען, האָט ער בעזאָרגט, אַז מען זאָל אָבקויפֿען דעם פּלאַץ, וואו עס האָט געזאָלט אויפֿגעבויט ווערען אַ שוהל פֿאַר דער האַלבערשטאַדטער יודישער קהלה און מען זאָל אויך לעגען אין זײַן געגענוואַרט דעם פונדאַמענט-שטיין פֿאַר דער שוהל. ער האָט אויך געשלאָסען אַנ'אָבמאַך מיט אַ דרוקערײַ אין פֿראַנקפֿורט-דאָדער וועגען אָנהויבען דרוקען ש"סין. אָבער רבי

בערמאַן האָט געוואָרנט פאַר דער קהלה נאָך אין אַנ׳אַנדער ריכטונג אויך. כדי גרויב צו מאַכען די קהלה, איז קודם-כל נויטיג געווען צו האָבען דאָרט אַ גרויסען רב, אַ גאון מופלג ומפורסם בײַ יודען, וועלכער זאָל גרינדען אַ ישיבה און צוציהען אַהין פיעל ישיבה-בחורים און זאָל זײַן אויך אַ פוסק פאַר די אַרומיגע יודישע קהלות אין אַלע שווערע שאלות. וואו נעהמט מען אָבער אַ גרויסען רב, וואָס זאָל אײַנשטימען זיך צו בעזעצען אין אַ קלײנער קהלה? רבי בערמאַן האָט געוואָרפען אַנ׳אויג אויפ׳ן בעוואוסטען גאון רבי יעקב כהן, דעם מחבר פונ׳ם בעוואוסטען ספר „שב יעקב". וועלכער איז בעוואוסט מיט׳ן נאָמען מהרי"ק. רבי בערמאַן איז אַליין געפאָהרען קיין קאָבלענץ, וואו דער מהרי"ק איז דאַמאָלס געזעסען על כסא הרבנות, כדי צו פועל׳ן בײַ איהם, אַז ער זאָל זיך בעזעצען אין האַלבערשטאַדט. די זאַך איז איהם געלונגען. רבי יעקב כהן איז מיט זײַנע בני-בית אַרויסגעפאָהרען פון קאָבלענץ און זיך נעלאָזען קיין האַלבערשטאַדט, וואו מען האָט שוין געמאַכט גרויסע הכנות מקבל פנים צו זײַן אַזאַ גרויסען רב וגאון. אָבער אין דערזעלבער צײַט האָט די דאַמאָלדיגע עיר ואם בישראל, די יודישע קהלה פון פראַנקפורט דמאַין, געשיקט אַ דעפוטאַציע קיין קאָבלענץ איבערצוגעבען רבי יעקב כהן אַ מכתב רבנות פון פראַנקפורט. די שליחים האָבען דעם מהרי"ק נישט געטראָפען אין קאָבלענץ. זיי זענען דעריבער איהם נאָכגעפאָהרען און אָנגעיאָגט אויפ׳ן וועג קיין האַלבערשטאַדט. די פראַנקפורטער זענען געפאַלען אויף פאָלגענדער המצאה: זיי האָבען דעם רב גאָרנישט דערצעהלט נאָך וואָס זיי פאָהרען און האָבען נור אָנגעהויבען פיהרען מיט איהם אַ זײַטיגען געשפרעך.

— עס וואונדערט מיך זעהר — האָט אײנער פון זיי געזאָגט — וואָס דער רבי וויל פאָהרען קיין האַלבערשטאַדט.

— וואָס וואונדערט איהר זיך דאָ עפעס אַזוי?

— האַלבערשטאַדט געפינט זיך אין אַ ווילדער געגענד, וואו דאָס קלימאַט איז קאַלט און ס׳הערשען אונגעזונדע שטורם-ווינטען; אַפילו די פויגעל אין דער לופטען פאַלען דאָרט פון פראָסט. דער שניי ליעגט דאָרט וואָכען-לאַנג אַ מאַן די הויך און קײנער קען נישט אַרויסגעהן מפתח ביתו. ווער ס׳דערוועגט זיך אָבער יאָ אַרויסצוגעהן, קען זיך ווינשען גליק, ווען ער קומט אַהײם לעבעדיג, נישט פערפרוירען. די דאָרטיגע געבוירענע קענען עס נאָך ווי-עס-איז אַריבערטראָגען, אָבער אײנער פון דרום-דײַטשלאַנד, וואָס מוז דאָרט וואוינען, איז אין געפאַהר מיט׳ן לעבען. אַפילו אים זומער איז דאָרט נישט וואַרים. אויב עס זענען שוין יאָ פאַרהאַן אַמאָל טעג, וואָס מען קען זיי אַריבערטראָגען, קומען גרויסע שטורם-ווינטען פון די אַרומיגע בערג, און דאַן רעגענט עס אַ וואָך—צוויי נאָכאַנאַנד אַזוי, אַז מען בעט שוין ג—ט, עס זאָל כאָטש קומען ווינטער. בקיצור, אין האַלבערשטאַדט דויערט דער ווינטער זיבען מאָנאַטען און וועהרענד די איבריגע פינף מאָנאַט איז שטענדיג קאַלט.

— דאָס איז שרעקליך! אָה, וואָס זאָל איך טהון? איך אַליין בין אַזאַ שוואַכער מענש און ליידער אַזוי שטאַרק פון פערקיהלונגען. הלואי וואָלט איך בעסער געבליבען אין קאָבלענץ! יעצט האָב איך זיך אָבגעזאָגט פון קאָבלענצער כסא-ההוראה, כדי הלילה אומצוקומען אין האַלבערשטאַדט!

— איך וואָלט אייך געקאָנט געבען אַנ'עצה, רבי—האָט געזאָגט איינער פון די שליחים,—מיר ברויכען צו האָבען אַ רב אין פראַנקפורט. ביי אונז אין פראַנקפורט איז דאָס קלימאַט גוט און מילד. איבריגענס, איהר קאָנט דאָך אונזער פראַנקפורט, איהר האָט דאָך געלערנט אין דער יוגענד אין האַגוי, וואו אייער פאָטער זכרונו לברכה, איז געוועזען רב!

— איך וואָלט גערן אָנגענומען דעם כסא הרבנות אין פראַנקפורט, אָבער רבי בערמאַן פון האַלבערשטאַדט האָט דאָך מיין הבטחה צו קומען קיין האַלבערשטאַדט!

— צי דאַרף איך דען דעם רבי'ן דערמאָהנען, אַז אַ הבטחה, וואָס איז געגעבען געוואָרען על פי טעות און וואָס איז פערבונדען מיט סכנות נפשות, מוז איבערגעריסען ווערען? פאַרוואָס האָט אייך רבי בערמאַן נישט געזאָגט, אַז אין האַלבערשטאַדט הערשט אַזאַ שלעכטער קלימאַט? ער איז אַליין שולדיג, אויב איהר קאָנט נישט האַלטען וואָרט!

דאָס איז געווען, פערשטעהט זיך, אַ גרינגדליכער אַרגומענט. דער רב האָט נאָכגעגעבען און איז געבראַכט געוואָרען מיט פיעל כבוד און פאַראַד קיין פראַנקפורט.

אין האַלבערשטאַדט האָט מען דערוויל אומזיסט געוואַרט אויפ'ן נייעם רב. אָנשטאָט איהם איז אָנגעקומען אַ בריעף, וואו עס איז ערקלערט געוועזען, פאַרוואָס דער רב האָט נישט געקאָנט בעשליסען זיך צו קומען קיין האַלבערשטאַדט.

די האַלבערשטאַדטער קהלה איז זעהר בעטריעבט געוואָרען, דערהאַלטענדיג דעם בריעף. דעם רב האָט מען מוחל געווען, אָבער געגען די פראַנקפורטער איז מען שטאַרק אויפגעבראַכט געווען דערפאַר, וואָס זיי האָבען אַזוי שטאַרק בזיון'ט דעם האַלבערשטאַדטער קלימאַט. מען האָט בעשלאָסען פראַנקפורט דערפאַר צו בעשטראָפען, אויף וויפיעל דאָס ליעגט אין דער מאַכט פון די האַלבערשטאַדטער. לסוף האָט מען בעשלאָסען און אַריינגעשריבען אין פנקס, אַז אין דער צוקונפט זאָל מען גישט קויפען אין פראַנקפורט קיין מעהל צו מצה אויף פסח און קיין אתרוגים אויף סוכות.

דאַדורך האָט מען זיך, אמת, געשטילט דעם כעס געגען פראַנקפורט, אָבער קיין רב פאַר האַלבערשטאַדט האָט מען נאָך פאָרט נישט געהאַט און אַזאַ רב איז דאָך געווען אַזוי נויטיג צו האָבען!

רבי בערמאַן האָט געטרייסט די האַלבערשטאַדטער בעלי בתים דורך פאָלגענדער ערקלערונג:

— איך פֿאָהר קיין פּוילען. דאָרט זענען פֿאַרהאַן פֿיעל רבנים, גאונים און לומדים מפורסמים. איך וועל אייך ברענגען אַ רב וועלכער וועט זיין נאָך פֿיעל גרעסער פֿאַר'ן מהרי"ק און ער וועט בערימט מאַכען אונזער קהלה.

יעצט, ווען די קרוינונג פֿון נייעם פּוילישען קעניג האָט זיך געענדיגט און רבי בערמאַן האָט שוין מעהר קיין געשעפֿטען נישט געהאַט אין פּוילען, האָט ער אָנגעהויבען טראַכטען וועגען זיין הבטחה צו בעקומען אַ רב פֿאַר האַלבערשטאַדט.

די ידיעה, אַז אין דער סוויטע פֿון נייעם קעניג געפֿינט זיך אַ חשוב'ער יוד, אַן עושר, וועלכען דער קעניג האַלט זעהר טייער און האָט איהם בעעהרט מיט גרויסער אויסצייכנונג, האָט זיך פֿערשפּרייט ווי אַ בליץ צווישען די יודען אין פּוילען. פֿיעל קהל'ת פֿון דער גרויסער פּוילישער מדינה האָבען געשיקט זייערע פֿאָרשטעהער קיין לעמבערג, כדי פֿאָרצושטעלען זיך דעם קעניגליכען רעזידענט און בעטען ביי איהם, אַז ער זאָל זיי בעשיצען און שטיצען אין אַן עת-צרה, ווען זי וועט חלילה קומען.

אין פּוילען וואוינען, ווי בעוואוסט, פֿיעל יודען, וואָס זענען אויסגעוואַנדערט פֿון דייטשלאַנד אין פֿיער-צעהנטען יאָהרהונדערט, בשעת דאָרט זענען פֿאָרגעקומען שרעקליכע רדיפֿות נעגען יודען. עטליכע הונדערט יאָהר האָבען די יודען אין פּוילען געלעבט פֿערהעלטניסמעסיג רוהיג. אין יאָהר 1618, אָדער אין טרויעריג בעוואוסטען יאָהר ת"ח, ווען כמיעלניצקי'ס קאָזאַקען האָבען ערקלערט קריעג די פּאָליאַקען, האָבען די יודען איבערגעלעבט אַ שרעקליכע צייט. פֿיעל טויזענדער יודען זענען דער'הרג'עט געוואָרען, נאָך מעהר האָבען פֿערלוירען זייערע היזער און זייער פֿערמעגען. אין דער צייט פֿון אונזער ערצעהלונג איז שוין געוועזען אַריבערגעגאַנגען אַ האַלבער יאָהרהונדערט נאָך די שרעקליכע יאָהרען „ת"ח ות"ט", און די יודען האָבען זיך נאָך אַלץ נישט געהאַט פֿאָלקאָם דערהויבען פֿון'ם שרעקליכען עלענד, אין וועלכען כמעלניצקי מיט זיינע גרויזאַמע באַנדעס האָבען זיי אַריינגעוואָרפֿען.

רבי בערמאַן האָט אויפֿגענומען די יודישע דעפּוטאַציעס מיט דער גרעסטער געדולד און ליעבענסווירדיגקייט. ביי אַלע פּוילישע שרים, וועלכע האָבען זיך נור פֿאָרגעשטעלט אין זאַקסישען הויף, האָט ער זיך בעמיהט משתדל צו זיין זיך לטובת די יודען און פֿערהיטען זיי פֿון יעדער געפֿאַהר. דער סטאַראָסטע דעמבינסקי האָט געהאַט אַרויפֿגעלעגט אויף די יודישע קהלות, וואָס זענען געווען אונטער זיין מאַכט, זעהר גרויסע שטייערען. רבי בערמאַן האָט זיך ביי איהם משתדל געווען מיט גוטען און האָט איהם אויך געסטראַשעט, ביז ער האָט נע'פּועל'ט, אַז די שטייערן זאָלען שטאַרק פֿערקלענערט ווערען. דער גראַף סטאָלענסקי האָט, לויט'ן אָנרייצען פֿון זיין פֿאַנאַטישען גלח, געוואָלט צווינגען די יודען ענטוועדער צו

שטר'ן זיך, אָדער אַרויסגעטריבען צו ווערען פון די שטעדט און דערפער, וואָס האָבען געהערט דעם גראַף. רבי בערמאַן האָט אויסגעהייבען אַ קעניגליכען בעפעהל, לויט וועלכען דעם גראַף איז שטרענג פערבאָטען געוואָרען צו רודפ'ן די יודען. און דער ליטאָ האָט דאַמאָלס אָבגעברענט דאָס שטעדטעל שירווענט און די יודישע איינוואוינער איז פאָרגעשטאַנען צו בלייבען ליגען אויפ'ן גאַס און גאָהנטען ווינטער מיט זיינע גרויסע ליטווישע פרעסט. רבי בערמאַן האָט געשענקט דער קהלה פינף טויזענד פוילישע גילדען—אַ סומע, וואָס איז פאַר יענער צייט געווען אַ געוואַלטיג גרויסע און האָט געקלעקט אויף אָבצווענדען דעם גרעסטען טייל פון עלענד. אויסער אַלע דאָזיגע חסדים, האָט אָבער רבי בערמאַן אויסגעטיילט נאָך פיעל טויזענדער נדבות אָרימע יודען און משתדל געווען זיך פאַר פיעל פריוואַטע יודען ביי זייערע פריצים. רבי בערמאַנ'ס וואוינונג איז געווען געפאַקט מיט מענשען, וואָס ברויכען הילף; יעדער האָט געשילדערט זיין נויט אַמשטאַרקסטען און האָט פערלאַנגט הילף. רבי בערמאַן האָט מיט דער גרעסטער געדולד אַלעמען אויסגעהערט און געהאָלפען, וואו נור ער האָט געקאָנט. זיין נאָמען איז באַלד מפורסם געוואָרען אין גאַנץ פוילען אַלס אַ „גואל ומושיע, פודה ומציל".

בעזונדערס האָט רבי בערמאַן זעהר פיעל געשטיצט די מחברים. פאַר ספרים פון בעוואוסטע מחברים האָט ער גענומען אויף זיך די גאַנצע הוצאות פון דער דרוקעריי מיט'ן גרעסטען פערגניגען.

בימי לביגו האָט דער קעניג איבערגעגעבען רבי בערמאַנ'ען נייע געשעפטען. די פראַנצויזישע פאַרטיי איז נאָך אַלץ געווען שטאַרק אין לאַנד. און איהר שפיץ איז געשטאַנען, ווי שוין דערמאָהנט, דער קאַרדינאַל אַרציבישקופ פון גנעזען, דער פרימאַס פון לאַנד. פרינץ קאָנטי איז פערזענליך געקומען מיט אַ פראַנצויזישען פלאָט אין האַפען פון דאַנציג. און איז געלונגען רבי בערמאַנ'ען אונטערצוקויפען די געליבטע פון קאַרדינאַל, די פרוי פון לענטשיצער קאַשטעלאַן, דורך אַ טייערען דימענטענעם האַלז-באַנד. דער קאַרדינאַל האָט שלום געמאַכט מיט'ן קעניג אויגוסט; פרינץ קאָנטי האָט געמוזט אָבציהען צוריק און דעם 15-טען יאַנואַר 1698 האָט קעניג אויגוסט אָבגעהאַלטען זיין גלענצענדען אַריינציהען זיך אין וואַרשאַ.

# 10) דער פירשט לובאָמירסקי.

קעניג אויגוסט איז געווען אַנ'אמת'ער קינסטלער אָנצואָרדנען די שענסטע און פרעכטיגסטע בעלער און פאַראַדען. ס'איז געווען די צייט פון קאַרנאַוואַל, און די וואַרשאָווער בעפעלקערונג האָט געהאַט צו זעהען די שענסטע פראָצעסיעס, וואָס מען האָט פריהער גישט געהאַט קיין פאָר-

שטעלונג ווענען אַזאַ פּראַכט און העררליכקייט. דער קעניג איז איבעראַל געשטאַנען בראשו: ער אַליין האָט איינגעאָרדענט און געפיהרט די מאַסקאַראַדען, און וועלכע ער האָט אַליין טיילגענומען מיט זיינע קאַוואַליערען. ער האָט אויך איינגעאָרדענט אַ גרויסאַרטיגען טורניר. ריטער פון פערשיעדענע צייטען און נאַציאָנען, אין די טייערסטע אָנצוגען, לויט דער צייט און דעם פאָלק, זענען געקומען מחנות־ווייז און האָבען פערנומען די אָנגעוויזענע ערטער. דאָ האָט מען געזעהען פראַנצויזישע און ענגלישע ריטער פון דער צייט פון די קרייץ־צוגען, שפּאַנישע ריטער פון דער צייט פון דער מלחמה מיט די מהמד'אַנישע מוירען, סאַראַצינען און טערקען, יאַפּאַנער און מאָנגאָלען, און די אַנדערע אָנפיהרער און דייטשע אָנפיהרער פון לאַנדקנעכט, כּדי נושא חן צו זיין ביי די פּאָליאַקען אין די אויגען, איז דער קעניג ערשיענען אין פּוילישע נאַציאָנאַלע מלבושים, אַרומגערינגעלט פון די פּוילישע שרים. אויף די הויכע באַלקאָנען זענען געזעסען די שענסטע דאַמען פון די בעוואוסטע פּוילישע יחוס־משפּחות, אויף אַ הויכען טראָהן איז געזעסען די יונגע פירשטין לובאָמירסקאַ, די פּלימעניצע פון קאַרדינאַל־פּרימאַס, וועלכער האָט נור־וואָס שלום געמאַכט מיט'ן קעניג אויגוסט. דער קעניג האָט געוואָלט געבען אַ בעוויז דעם קאַרדינאַל־פּרימאַס פון זיין גנאָד צו איהם און האָט דעריבער בעשטימט זיין פּלימעניצע פאַר דער קעניגין פון דער פייערליכקייט. פירשטין אורזולאַ קאַטאַרינאַ לובאָמירסקאַ איז געווען איינע פון די שענסטע פרויען אין פּוילען; זי איז אַלט געווען סך הכּל אַכצעהן יאָהר. געשטאַמט האָט זי פון אַן אַלטער פראַנצויזישער יחוס־משפּחה, וועלכע האָט זיך געהאַט אַריינגעצויגען אין פּוילען און זיך מתחתן געווען מיט די פּוילישע יחוס־משפּחות. אַזוי־אַרום האָבען אין איהר זיך פעראייניגט די פראַנצויזישע גראַציע מיט דער פּוילישער שענהייט. דער קעניג האָט זי נאָך ניט געהאַט געזעהען, חוץ איהר פעטער, דער קאַרדינאַל, און איהר מאַן, גראַף לובאָמירסקי, זענען געשטאַנען אויפ'ן צד פון דער פראַנצויזישער פּאַרטיי. אָבער אָט איז דער קעניג אַרויסגעריטען אין טורניר אַריין, און די יונגע פירשטין האָט געקוקט מיט פולער בעוואונדערונג אויפ'ן עלעגאַנטען און ריטערליכען קעניג, וועלכער איז דאַמאָלס געווען אין די בעסטע יאָהרען. אויגוסט איז געווען ניט בלויז דער שענסטער, ער איז אויך געווען דער עלעגאַנטעסטער און שטאַרקסטער מאַן פון זיין צייט. אַ זילבערנעם טעלער האָט ער צוזאַמענגעדרעהט, ווי אַ שטיק פּאַפּיער, אַ פערד־פּאָדקאָווע האָט ער צעבראָכען צווישען די פינגער, אַ זילבערנעם טאָלער פלעגט ער לייכט צעברעכען אויף צווייען.

ווען אויגוסט האָט דערזעהען די פירשטין, האָט ער זיך פאַר איהר טיעף פערבויגען! און זעלבען מאָמענט האָט דאָס פערד אונטער איהם זיך געשטעלט אויף די הינטערשטע פיס, און אויגוסט, וועלכער האָט זיך צו־

שטאַרק פֿאַרקוקט אויף דער פֿירשטין, האָט דאָס ניט בעמערקט און איז אַראָפּגעפֿאַלן פֿון פֿערד. די פֿירשטין האָט אַ געשריי געטאָן און איז געפֿאַלן אין חלשות פֿאַר שרעק. דער קעניג איז געשווינד אויפֿגעשפּרונגען און צוגעלאָפֿן צו דער געחלשט'ער דאַמע. ווען מען האָט זי אָפּגעכאַטערט, האָט זי אויסגערופֿן: „ווי גליקליך בין איך, וואָס אײַער מאַיעסטעט איז ניט געשעדיגט געוואָרן!"

— איך שעץ זיך גליקליך—האָט דער קעניג געזאָגט—וואָס איך בין אַרונטערגעפֿאַלן פֿון פֿערד, ווײַל דאַדורך האָט די שענסטע דאַמע פֿון מײַן מלוכה מיר אַרויסגעוויזן איהר טײַלנאַהמע!

דער יונגער פֿירשט לובאָמירסקי האָט בעטראַכט די דאָזיגע סצענע מיט אַ פֿינסטערן בליק. אוינוכט איז געווען אַ געפֿעהרליכער געגנער און דער יונגער פֿירשט איז געווען שרעקליך אײַפֿערזיכטיג.

ווען דער טורניר האָט זיך געענדיגט און דער קעניג איז, נאַטירליך, אַרויס אַלס זיעגער, האָט ער אָנגענומען דעם „פּרײַז", אָדער די בעשענקונג פֿאַר די נצחונות פֿון די הענד פֿון דער יונגער פֿירשטין, וועלכע האָט דערבײַ ניט געקאָנט אײַנהאַלטען זיך ניט אַרויסצוזאָגען איהם איהר גרויסע בעוואונדערונג.

קומענדיג אַהיים האָט פֿירשט לובאָמירסקי בעגעגענט זײַן פֿרוי מיט אַ פֿינסטערן פּנים.

— אורזולאַ!—האָט ער געזאָגט—דו האָסט זיך אויפֿגעפֿיהרט ניט ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ פֿירשטין לובאָמירסקאַ.

— אפֿשר ווילסטו מיך שוין אָנהויבען פּײַניגען מיט דײַן אײַפֿערזיכטיגקײַט?

— ציי ניסטו מיר דען ניט דאָס רעכט דערצו? ציי וואָס האָסטו געפּרובט צו חלש'ן? וואָס געהט עס דיר אָן, ווען דער דאָזיגער דײַטשער באַיבאַק איז אַרונטערגעפֿאַלן פֿון פֿערד? הלוואַי וואָלט ער זיך צובראָכען האַלז און אַקען!

— דו אַבשײַליכער מענש! אַט אַזוי רעדסטו עס וועגען דײַן קעניג?

— די אַלײַן ביסט אַבשײַליך! דו האָסט פֿערגעסען דײַן פּליכט און דײַן כּבוד! אַח, איך האָב געזעהען, ווי דו...

די פֿירשטין האָט גענומען מאָפּטשען מיט'ן פֿוס.

— שווײַג, דו מנוול!—האָט זי אויסגערופֿן,—אָדער...

— אָדער?

— אָדער איך אַנטלויף פֿון דיר אינגאַנצען!

— אפֿשר ווילסטו וועררען דעם קעניגס געליעבטע?

די פֿירשטין האָט אָנגעהויבען סקריפּען מיט די ציינער פֿאַר כּעס.

— און אַט דאָס זאָגסט דו מיר?—האָט זי געשריען—דו? דו פּײַניגער

אפשר, צי איך ווייס נישט, אז דו ביסט נאָכגעלאָפען נאָך אַ שיין יודיש מיידעל אין ביאַלע? און דו ווילסט מיר מאַכען אַ פאַרוואורף פאַר מיין אויפפיהרען זיך, וועהרענד איך האָב קיין אונרעכט נישט געטהון?

— קיין אונרעכט? און דיין חלש'ן און דיין אָפענע בעוואונדערונג פאַר'ן זאַקסישען נאַר?

— האַלט ס'מויל, דו נישט ווירדיגער!

— געה צו דיין זאַקסישען פערפיהרער און פערראַט מיך!

— מיין פערפיהרער? דו בעליידיגסט מיך שוין ווידער אַמאָל. דו גראָבער אונגעשליפענער פּאָליאַק, דו ווייסט אַפילו נישט, ווי אַזוי מען בע־געהט זיך מיט דאַמען. דו מאַכסט מיר אַ פערברעכען דערפון, וואָס איך בעוואונדער דעם שענעם, ריטערליכען קעניג? יאָ, איך בעוואונדער איהם און דיך, דיך האַס איך!

דער פירשט איז צוגעשפרונגען צו זיין פרוי מיט צוזאַמענגעפרעסטע קולאַקעס. די פירשטין איז אָבער געבליבען זיצען רוהיג און אָהן מורא.

— האַ—האָט זי אויסגערופען—אָט אַזוי פאַסט עס! שלאָג מיך נור!

ביים פירשט האָט זיך אַראָבגעלאָזען די האַנד.

— פאַרוואָס שלאָגסטו מיך נישט? שלאָג זשע מיך! אפשר וואָלסט דאָס אַמאָל געקענט אַ מיטעל פאַר מיר פטור צו ווערען פון דיר אויף אייביג. דו עלענדער! אָה, הלוואַי וואָלט מיין פעטער מיך קיינמאָל נישט צוגערעדט צו אַ שידוך מיט דיר, דו נישט ווירדיגער!

זי האָט אָנגעהויבען וויינען אויפ'ן קול.
אַ דינער האָט געעפענט די טהיר און געמעלדעט.
— זיין עמינענץ דער הערר קאַרדינאַל-פּרימאַס!
דער העכסטער שר פון דער מלוכה איז אַריינגעקומען אין צימער.

— קינדער—האָט ער אויסגערופען—וואָס טהוט איהר? איהר קריגט זיך שוין ווידער?

— ער האָט מיך געוואָלט שלאָגען, דער עלענדער!

— זי האָט געזאָגט, אַז זי בעוואונדערט דעם זאַקסישען באַיבאַק און אַז מיך האַסט זי!

— פע, פע, קינדער, שעמען דאַרפט זיך! גענוג, מיר האָבען יעצט געשלאָסען שלום מיט אויגוסט'ן, און אַזוי רעדט מען נישט וועגען אַ קע־ניג. אורזולאַ, אויך דו ביסט נישט גערעכט! איך בין געקומען דיך מתרה צו זיין. דו האָסט היינט ביים טורניר צו־אָפען אַרויסגעוויזען דיין בעוואונ־דערונג פאַר'ן קעניג. איהר מוזט פערלאָזען וואַרשאַ. פאָהרט קיין ביאַלע אויף אַ עטרע גיטער!

— קיינמאָל וועל איך עס נישט טהון! איך פאָהר נישט מיט'ן דאָ־

זינגען מנגול! ער וועט מיך ראָרט פייניגען צום טויט!

— דו מאָרסט זיך נישט ווייזען ווידער פאַר'ן קעניג!—האָט דער קאַרדינאַל געזאָגט—אַלע ריידען שוין וועגען דיר. מען מאַכט שוין השערות, מען פערגלייכט דיך מיט... נו, איך וויל בעסער נישט איבער'חזר'ן די פוסטע פלוידערייען. איין זאַך איז זיכער: דו מאָרסט זיך נישט ווייזען פאַר'ן קעניג.

— גוט! וועל איך זעצען פערשפאַרט דאָ אין פּאַלאַץ.

— דאָס גיהט נישט! מיר דאַרפען דעם קעניג נישט בעליידיגען. דו דאַרפסט איהם נישט אָבזאָגען אויסצוגעהמען איהם, ווען ער קומט אַהער ... אַ וויזיט. פאָהר מיט געאָרג'ן קיין ביאַלע.

— איך וועל עס קיינמאָל נישט טהון!

— אורזולאַ—האָט דער פירשט געזאָגט—איך בעט דיך, זיי מיר מוחל! פערגעס, וואָס איך האָב דיר געזאָגט און האָב געוואָלט טהון. פאָלג די עצה פון דיין פעטער. פאָהר מיט מיר קיין ביאַלע.

— כ'וועל בעסער געהן אין גיהנם אַריין!

— אויב אַזוי—האָט דער קאַרדינאַל געזאָגט—בלייבט דיר איבער נור צו לעבען אַ געוויסע צייט אין קלויסטער פון די אורזולינינס, ביז דער קעניג וועט אָן דיר פערגעסען.

— וואָס, אין קלויסטער זאָל איך געהן לעבען? און רעכטען מיטען קאַרנאַוואַל?

— דאָס איז נויטווענדיג.

— און די שעהנע פערלייבטע, וואָס דער קעניג אויגוסט וועט איינאָרדנען?

— דו מוזט זיך האַלטען פון דערווייטען פון זיי.

— און מיין שענער מאַן וועט זיך דערווייל לעבען און אַלע פערגעניגענס פון קאַרנאַוואַל, וועהרענד איך וועל לעבען איינזאַם אין קלויסטער?

— איך וועל די גאַנצע צייט לעבען אין ביאַלע—האָט דער פירשט געזאָגט.

— חאַ—חאַ—חאַ! — דו אַליין אין ביאַלע! חי היינסט זי, זאָג נור, דאָס שעהנע מעדעל, דעם רב'ס טאָכטער, וועלכע וויל פון דיר נישט וויסען, וועלכע מען האַלט פערשלאָסען פון דיר און וועגען וועלכער דו האָסט געשווירען צו בעקומען איהר, נישט קוקענדיג אויף שלאָס און ריגעל?!

— איך שווער, אַז איך וועל איהר יעצט לאָזען צורוה! — האָט פירשט ליבאָמירסקי געזאָגט.

חאַ—חאַ—חאַ! דיינע שבועות!

דער קאַרדינאַל האָט אַרויסגענומען אַ הייליג בילד און געהייסען דעם פירשט אַרויפלעגען זיין האַנד אויפ'ן בילד און שווערען. דער פירשט

האָט די האַנד אַרויפגעלעגט דער קאַרדינאַל. נאָך האָט איהם פאָרגעלייענט די שבועה, וועלכע דער פּירושׁ האָט נאָכגעזאָגט און דורך וועלכער ער האָט זיך מתחייב געווען אָבצוזאָגען פון נאָכיאָגען זיך נאָך דער טאָכטער פונ'ם ביאַלער רב.

דער קאַרדינאַל האָט דעמזעלבען טאָג אַריינגעבראַכט זיין פּלעמיעני-צע און קלויסטער פון די אורזולינערינס, וועהרענד איהר מאַן, דער פּירושׁ געאָרג לובאָמירסקי, האָט זיך אַריינגעזעצט אין זיין קאַרעטע און זיך גע-לאָזט אויף דער רייזע אַהיים, אין זיינע גיטער אין ביאַלע.

אַזוי ער האָט געהאַלטען זיין שבועה, וועלען מיר באַלד זעהען.

# 11) דעם רב'ס טאָכטער.

אין פּוילישען קליינעם-שטעדטעל ביאַלע, וואָס האָט געהערט דאַמאָלס צום פּירושׁ לובאָמירסקי, האָט געוואוינט אין יענער צייט אַ בערימהמטער רב, רבי הירש חריף, וועלכער איז געווען דער זוהן פון לעמבערגער גליל-רב, רבי נפתלי הערץ, וואָס האָט געשטאַמט פונ'ם וועלט-בערימהמטען פּוסק רבי משה איסערליש, אָדער ווי ער איז בעוואוּסט מיט'ן נאָמען דער רמ"א; רבי הירש חריף איז געווען אַ שוואָגער פונ'ם דאַמאָלדיגען פראַנקפורטער רב, וועלכער איז אַזוי בערימהמט געוואָרען מיט זיין ספר אויף פיעל מסכתות „פני יהושע". אינ'ם קליינעם שטעדטעל ביאַלע האָט רבי הירש חריף זיך געקאָנט רוהיג זיצען און לערנען, אונגעשטערט דורך געזעלשאַפטליכע ענינים אָדער עניני רבנות, ווייל אַפילו פון שאלות פסק'ענען איז ער פריי געווען, דען דאָס פלעגט טהון זיין תלמיד, רבי משה'לע בריסקער, דער חתן פונ'ם רב'ס בת-יחידה ביילאָ. רבי משה פלעגט אויך אָבטהון אַלע רבנישע עובדות און פלעגט אָפט אויך ענטפערן שאלות פון די אַרומיגע שטעדטלעך. רבי משה אַליין איז נאָך געווען אַפילו זעהר יונג, אָבער ער איז שוין געווען אַ למדן מפורסם, און שפּעטער פלעגט מען וועגען איהם זאָגען, אַז מיט זיין לומדות האָט ער זיין גלייכען נור צווישען די פּוסקים ראשונים.

רבי הירש איז געווען זעהר בעליעבט פון אַלע מיטגלידער פון דער ביאַלער קהלה. אַלע האָבען געוואוּסט, אַז ער געהערט צו די יחידי סגולה, צו די געצעהלטע גאונים ביי יודען; דערצו איז ער נאָך געווען אַ גרויסער ענו און איז תמיד גרייט געווען צו דינען יעדען, אַפילו דעם קל שבקלים. אַזוי-אַרום האָט רבי הירש זיך געלעבט רוהיג אין זיין בית-המדרש'ל, תמיד פערטיעפט אין די גרויסע אַלטע יודישע ספרים: זיין הויפּט-אויפגאַבע איז געווען צו געפינען די ריכטיגע נוסחאות אין תלמוד, בעזונדערס די, וואָס רבי שלמה לוריא (דער מהרש"ל) און רבי שמואל

אידעלעס (מהרש"א), ווי אויך אַנדערע האָבען געוואָלט פערמיינדערן, „מתקן זיין"—מיר מעקקען-אויס—פלעגט ער תמיד זאָגען—איז קיין גרויסע קינסט ניט". און מיט קריטישען זין און גרויסער הריפות פלעגט ער אויפווייזען, אַז דווקא די אַלטע גוסחאות זענען די ריכטיגסטע אין תלמוד. רבי הירש האָט געהאַט פינף זיהן, וועלכע זענען אין דער צייט פון אונזער געשיכטע געוועזען נאָך אַלע יונג, אָבער דאָך שוין געראָטען אין תלמוד און רבי הירש הריפות האָט געהאָפט, אַז זיי וועלען אַמאָל זיין גרויסע גאונים. אייסער זיי האָט ער געהאַט איין טאָכטער ביילאָ, וועלכע איז, ווי שוין דערמאָהנט, געוועזען פער'קנס'ט מיט זיין בעליעבטעסטען תלמיד, רבי משה פון בריסק.

און אָט איז געקומען קיין ביאַלע דער פירשט לובאָמירסקי מיט זיין יונגער פרוי, דער שענער אורזולאַ, כדי צו וואוינען דאָרט אין זיינע גיטער. כאָטש דער פירשט האָט געהאַט די שענסטע פרוי אין פוילען, האָט פונדעסטוועגען אויפגעפלאַקערט זיין אונרייניגע תאוה אויך פאַר'ן רב'ס טאָכטער, תיכף ווי ער האָט איהר דערזעהען, און ער האָט אָנגעהויבען איהר פערפאָלגען אויף שריט און טריט. די גאַנצע יודישע קהלה איז אַ פערצווייפעלטע געוואָרען, ווען מען האָט דאָס בעמערקט. מען האָט בעשלאָסען צו בעשיצען דאָס צידטיגע יודישע קינד דאַדורך, וואָס מען האָט אויפמערקזאַם געמאַכט די פירשטין אויף איהר מאַנ'ס ניט עהרליכע תאוה. דער דאָזיגער שריט האָט געהאַט ערפאָלג. עס איז געקומען צו העפטיגע סצענעס צווישען דעם פירשט און דער פירשטין, און ווען ס'איז דערהאַלטען געוואָרען די ידיעה, אַז דער קאַרדינאַל-פרימאַס האָט געשלאָסען שלום מיט'ן קעניג אויגוסט, וועלכער דאַרף זיך אַריינציהען אין וואַרשאָ, האָט די פירשטין געפאָדערט, אַז איהר מאַן זאָל מיט איהר צוזאַמען תיכף פאָהרען קיין וואַרשאָ, כדי צו פערווייִלען די צייט פון קאַרנאַוואַל.

דער רב מיט זיין משפחה, ווי אויך די גאַנצע יודישע קהלה, איז העכסט דערפרעהט געוואָרען מיט דער בשורה, אַז דער פירשט פאָהרט-אָב קיין וואַרשאָ, און אָט האָט מען תיכף בעשלאָסען צו פייערן די חתונה פונ'ם רב'ס טאָכטער מיט איהר בעשערטען, רבי משה פון בריסק. ביים רב איז עס געוועזען דאָס ערשטע און היים-געליעבטסטע קינד, וואָס ער גייט חתונה מאַכען, און די קהלה האָט דעריבער גענומען אַ העכסט וואַרמען אַנטייל אין זיין שמחה. אָבער פירשט לובאָמירסקי איז דאָסמאָל פערבליבען אין וואַרשאָ ניט לאַנג און דורכ'ן צוקריגען זיך מיט זיין ווייב האָט ער באַלד געוואָלט קומען צוריק אין זיינע גיטער, אין ביאַלע, ווי די לעזער וויסען שוין.

אונצופרידען און בייז איז דער פירשט געזעסען אין זיין קאַרעטע, פאָהרענדיג קיין ביאַלע. צוזאַמען מיט איהם איז אויך געפאָהרען זיין פריהערדיגער לעהרער און יעצטיגער הויז-גלח, פאַטער דאָמיניק.

— פערטצוועלט!—האָט אויסגעשריען דער פירשט, ווען ער האָט דערז-

זעהען פֿון דערווייטען זיין שלאָס און דער הויך אויפ'ן בארג, איבער'ן שטעדטעל—אָט ליעגט ער. דער אַלטער נעסט פֿון די סאָוועס! אָה, ווי וועל איך מיך דאָרט מאָרדעווען! ווי אַנגענעהם האָב איך יעצט געקאָנט לעבען אין וואַרשאָ, ווען פּרינץ קאָנטי וואָלט קענינג געוואָרען און דער זאַקסינטער אָקס וואָלט געווען, וואו דער פּעפּער וואַקסט!

— איער גנאַדען קאָנען דאָך צוברענגען די צייט מיט יאַגד — האָט פּאַטער דאָמיניק זיך דערוואוינען צו זאָגען.

— איך ליעב נישט די יאַגד—האָט דער פֿירשט געענטפֿערט.—יאָ, ווען איך וואָלט נאָר ניט געהאַט געגעבען די פֿערשאָלטענע שבועה, וואַלט איך שוין געפֿונען, מיט וואָס די צייט צו פֿערטרייבען. וואַרט נור, פּאַטער דאָמיניק, איהר זענט דאָך אַ געהייליגטער גלח און איהר האָט די מאַכט צו בינדען און פֿונאַנדערצובינדען ווידער. בעפֿרייט מיך פֿון דער פֿערשאָלטענער שבועה, און איך וועל אייך בעצאַהלען בעפֿרייאונגס-געלד הונדערט דוקאַטען!

— גנעדיגסטער העֶרר...

פֿירשט געאָרג האָט אַרויסגענומען אַ פּיסטאָלעט פֿון קעשענע און געוויזען דעם גלח.

— אָהן קיין שום תירוצים, גלח, אָדער...

דער גלח איז פֿערציטערט געוואָרען און האָט ערפֿילט דעם פֿירשט'ס פֿערלאַנג.

— אָט אַזוי—האָט דער פֿירשט געזאָגט—יעצט וועל איך שוין געפֿינען מיטלען צו פֿערטרייבען די צייט. איך האָב יעצט אַ שען חיה'לע צו געהן אויף איהר אויף דער יאַגד; די דאָזיגע יאַגד וועט זיין גענוג אינטערעסאַנט און אויפֿרעגענד.

די קאַרעטע איז געפֿאָהרען דורכ'ן שטעדטעל, וואָס איז געווען על פּי רוב בעוואוינט פֿון יודען. אומעטום האָט געהערשט אַ שמחה, אַלע זענען געווען געשטימט יום-טוב'דיג.

— וואָס קומט דאָ פֿאָר היינט אין שטעדטעל?—האָט דער פֿירשט נאָכגעפֿרעגט ביי אַ יונגעל, וואָס איז געגאַנגען פֿערביי דעם פֿירשט'ס קאַרעטע.

— דעם רב'ס טאָכטער, ביילאָ, האָט היינט התונה מיט רבי משה פֿון בריסק—האָט דאָס יונגעל געענטפֿערט. באַלד וועט מען אויפ'ן שול-הויף שטעלען די חופּה.

— אַהאַ,—האָט דער פֿירשט זיך צעלאַכט—איך קום צו דער רעכטער צייט.

דער פֿירשט האָט בעפֿוילען דעם קוטשער צו פֿאָהרען צום שול-הויף און דאָרט ערוואַרטען איהם. דעם גלח האָט ער געהייסען גיין פֿאָרויס אין שלאָס אַריין און מעלדען דאָרט, אַז ער וועט באַלד קומען.

כמעט דאָס גאַנצע שטעדטעל זענען געווען אויפ'ן שול-הויף פֿערזאַמעלט. חתן-כלה זענען, אַלס זכר לחורבן, געווען פֿערקליידעט און ווייס

סיָן: דער התן—אַ קינד—די כלה—אַ קינד אַ ווײַס קלייד. זיי זענען שוין גע־מאַנען אונטער אַ חופה, וואָס פֿיער ישיבה־בחורים האָבן געהאַלטען; דער רב, אָנגעטהון אין זײַן אויבער־מאַנטעל, מיט אַ בעכער ווײַן אין האַנד, האָט שוין געוואָלט מסדר קדושין זײַן...

— וואַרט, וואַרט!—האָט זיך דערהערט אַ דונער־שטימע, און מ. ט. שוידער און שרעק האָבן די פערזאַמעלטע דערזעהן, ווי דער יונגער פירשט לובאָמירסקי שלאָגט זיך דורך אַ וועג צו דער חופה; באַלד איז ער שוין געשטאַנען געגען דעם רב און חתן־כלה.

— וואַרט!—האָט ער אויסגערופען נאָך אַמאָל—איך, אײַער פירשט, פּראָטעסטיר געגען דער דאָזיגער חתונה! איך ערלויב זי נישט!

דער רב האָט אַראָפּגעוואָרפען פון זיך דעם טלית און געזאָגט צו פערציטערטער:

— גנעדיגער הערר!...

— חאַלט'ס מויל, רבי!—האָט דער פירשט געשריען, דאַן איז ער צוגעגאַנגען צו דער כלה, אַרומגענומען איהר און געזאָגט:

— קום מיט מיר, מײַן זיס טײַבעלע! דאָרט וואַרט אויף מיר מײַן קאַרעטע. איך וועל דיך ברענגען צו מיר אין שלאָס אַרײַן. דאָרט וועסט האָבען בעסער, ווי בײַם שמוציגען יודען!

— צוריק, הערר!—האָט אויסגערופען דער רב, וואַרפענדיג זיך אויף זײַן טאָכטער און בעמיהענדיג זיך אומזיסט צו בעפרײַען איהר פון פירשט'ס אָרעמס.

דער פירשט אָבער האָט גענומען דאָס האַלב־געחלש'טע מיידעל מיט זײַן רעכטען אָרעם און מיט דער לינקער האַנד האָט ער אַרויסגענומען אַ פּיסטאָלעט פון קעשענע און אויסגערופען:

— ווער ס"געהט־צו נעהענטער צו מיר, ווערט תיכף דערשאָסען!

אַלע זענען אָבגעטראָטען פערציטערט צוריק.

אויך דער חתן איז אָבגעטראָטען. ער האָט געזוכט עפּעס אַ געווער און ענדליך האָט ער געפינען אַ גרויסען שטיין. מיט'ן שטיין אין דער האַנד איז ער צוגעגאַנגען צום פירשט פון־הינטען און האָט איהם געגעבען אַזאַ קרעפטיגען וואָרף אין קאָפּ אַרײַן, אַז דער פירשט איז געפאַלען אין חלשות.

אין גאַס איז געוואָרען אַ שרעקליכע מהומה.

— וועה צו אונז—האָבען אַלע געשריען—רבי משה'לע בריסקער האָט דעם פירשט דער'הרג'עט! וואָס וועט דערפון ווערען? מען וועט אונז אויס־הרג'ענען אַלעמען, מיט ווײַב און קינדער!

רבי משה האָט דערווײַל גענומען זײַן כלה פאַר'ן האַנד און האָט זי אַראָפּגעפיהרט פון שוהל־הויף. דאָרט איז געשטאַנען דעם פירשט'ס קאַרעטע. ווען דער קוטשער האָט דערזעהען די צוויי מענשען אין די מתים־

קליידער, האָט ער געמאַכט אַ געשריי און איז אַנטלאָפֿן געוואָרן אין אימה. רבי משה האָט אַרײַנגעזעצט זײַן כּלה אין דער קאַרעטע און האָט זיך אַליין אויך צוגעזעצט צו איהר.

— רבי לייב! — האָט ער אויסגערופֿען צו אַ יודען, וואָס איז צוזאַמען מיט איהם אַראָב פֿון שוהל-הויף — רבי לייב, למען השם, איהר קאָנט דאָך פֿיהרען אַ פֿערד-און-וואָגען, זעצט זיך אויף דעם קאָזשאָל און פֿאָהרט מיר אונז געשווינד, אַלץ אייגנס וואוהין, זאָל גור זײַן אין אַן אָרט, וואו מיר זאָלען זיך קאָנען בעהאַלטען!

רבי לייב האָט זיך תּיכף אַרויפֿגעכאַפּט אויף דעם קאָזשאָל; ס'האָט זיך דאָך געהאַנדעלט אום סכּנת נפֿשות! ער האָט אַ גוטען שמיץ געטהון די פֿערד, וועלכע האָבען זיך געלאָזען לויפֿען פֿײַל-פֿון-בויגען. אַזוי-אַרום איז פֿערשוואונדען געוואָרען דעם פּירשט'ס רויב.

ווען דער פּירשט האָט זיך אָבגעמונטערט פֿון זײַן חלשות איז דער שוהל-הויף שוין געווען ליידיג און פּוסט. אַלע יודען זענען זיך צעלאָפֿען און יעדערער האָט זיך בעהאַלטען אין זײַן הויז.

פּירשט לובאָמירסקי איז געווען אַזוי בעטויבט פֿון קלאַפּ, אַז ער האָט תּחלת זיך גאָרנישט געקאָנט דערמאָהנען, וואָס מיט איהם איז פֿאָרגעקומען. ער האָט געשפּירט אַ שרעקליכען וועהטאָג אין קאָפּ. ביסלעכווייז איז ער צום דעת געקומען.

— נקמה, נקמה! — האָט ער אויסגערופֿען.

ער איז צוגעגאַנגען צום אַרויסגאַנג פֿון שוהל-הויף, כּדי צו זעצען זיך אין זײַן קאַרעטע, אָבער די קאַרעטע איז פֿערשוואונדען געוואָרען און ער האָט געמוזט געהן צו זיך אין שלאָס אַרײַן צו-פֿוס.

דאָרט האָט ער תּיכף געהייסען זײַנע קנעכט בעוואָפֿענען זיך און צוזאַמען מיט זיי איז ער געקומען צוריק אין שטעדטעל צום רב'ס הויז.

— ווער האָט מיך דאָ געשלאָגען? — האָט ער אַ געשריי געטהון צום פֿערצייטערטען רב.

— איך ווייס נישט, גנעדיגסטער הערר

— וואו איז אײַער טאָכטער?

— איך ווייס נישט, גנעדיגסטער הערר!

— וואו איז אַהינגעקומען מײַן קאַרעטע?

— איך ווייס נישט, גנעדיגסטער הערר!

— האַ—האַ, איהר ווייסט גאָר-נישט? ווי אַזוי קאָנט איהר זײַן אַ רב, ווען איהר ווייסט נישט? נו, איהר זעגט שוין צו-לאַנג אַ רב געווען. איך וועל יעצט זעהען, אויב איהר וועט אויך בײַ מיר אין תּפֿיסה זיך נישט קאָנען דערמאָהנען ווענען קיין זאַך. העדא, מײַנע לײַט! בינדט דעם שעגעץ, איהם, זײַן פֿרוי מיט זײַנע קינדער און שלעפּט זיי אַרײַן אין

דער רב, זיין ווייב, די רביצען און זיינע פיהר זוהן זענען אוועק־געפיהרט געוואָרען מיט געבונדענע הענד. דער עלטסטער זוהן, שלמה, האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פון שטוב, תיכף ווי דער פּירשט איז אַריינגעקומען.

ווען מען האָט דעם רב און זיין הויז־געזונד געפיהרט געבינדען דורך די גאַסען, איז ביי אַלעמען אויסגעבראָכען אַ שרעקליכע יללה. פיעל יודען האָבען זיך געוואָרפען דעם פירשט צו די פיס און פערגיעסענדיג טייכען טרערען, האָבען זיי געבעטען צו בעפרייען זייער בעליעבטען רב מיט זיינע בני־בית.

דער פירשט אָבער האָט מיט די פיס אָבגעשטויסען די בעטענדע.

— אַוועק פון וועג, איהר שמאַטניקעס! — האָט ער געשריען — ברענגט אַהער דעם הונד, וועלכער האָט מיך געשלאָגען און דעם רב'ס טאָכטער, וועל איך בעפרייען דעם רב מיט זיינע לייט. ווען ניט, וועלען זיי אַלע פערפוילט ווערען ביי מיר אין תפיסה!

דער יאָמער פון די אונגליקליכע איז געווען האַרץ־רייסענד. רבי הירש אָבער האָט געזאָגט אויפ'ן קול:

— ווייינט ניט, מיינע טייערע! לאָמיר דאַנקען ג—ט פאַר דאָס גוטס, ווי פאַר דאָס שלעכטס, וואָס ער שיקט אונז. אין זיין האַנד איז די הילף. ער וועט אונז ניט פערלאָזען!

---

## 12. דער שליח מיוחד.

די פאָרשטעהער פון דער יודישער קהלה אין וואַרשאָ האָבען זיך פערזאַמעלט ביי רבי בערמאַן, כדי איהם צו דאַנקען פאַר אַלערליי השתדלות לטובת די פוילישע יודען, ווי אויך פאַר אַלדאָס גוטס, וואָס רבי בערמאַן האָט זיי אַרויסגעוויזען.

— די קרוין פון אַלע אייערע מעשים וועט זיין — האָט רבי איטשע'ל, דער ערשטער וואַרשאָווער פרנס, געזאָגט — ווען איהר וועט בעזאָרגען אונזערע לומדים מיט אַ געהעריגע צאָהל ש"ס'ן. ווען עס זאָל פעהלען ספרים, וועט חלילה די תורה פערגעסען ווערען. זאָל אייך דער אויבער־שטער דערמאָהנען צום גוטען פאַר אייער אויסהויבען צו דרוקען ש"ס'ן וואָס מיר וואָלטען נאָר וויסען, מיט וואָס אייך אָבצוגדיענען דערפאַר! אָבער בנוגע אייך פּאַסט דער מאמר התלמוד: „מיט וואָס זאָל איך דיך בענשען? דו בעזיצסט דאָך אַלץ! אי תורה, אי חכמה, אי גדולה! זאָל דער אויבער־שטער געבען, אַז אייערע קינדער זאָלען זיין גלייך צו אייך!

— איך דאַנק אייך — האָט רבי בערמאַן געזאָגט, — דאָס, וואָס איך האָב פאַר אייערע פוילישע יודען געטהון, האָב איך געטהון גערן. מיין מוטער, זכרונה לברכה, האָט היים תפלה געטהון צום רבונו־של־עולם, אַז

איך זאָל אַמאָל קאָנען העלפען אונזערע יודישע ברידער, צי אין אונזער לאַנד, צי אין אַנדערע לענדער, און איך דאַנק דעם אויבערשטען, וואָס זיין תפלה איז אָנגענומען געוואָרען. איצט אָבער איהר ווילט פאַר מיר טהון עטוואָס, וואָס איך זאָל אייך דאַנקען דערפאַר, טאָ פועל'ט ביי אייניגע פון אייערע גרעסטע לומדים און גאונים, אַז ער זאָל אָננעהמען דאָס האַלבערשטאַדטער כסא-הרבנות און גרינדען דאָרט אַ ישיבה, כדי אונזער יוגענד זאָל האָבען ביי וועמען צו לערנען תורה. מיר האָבען געהאַט איינגעלאַדען צו זיך אויף רבנות דעם מהרי"ק, אָבער די פראַנקפורטער האָבען איהם ביי אונז אויסגענאַרט. אין האַלבערשטאַדט הערשט דערווייל גרוים צער און עגמת-נפש. מיר וואָלטען דעריבער וועלען האָבען אַ רב, וואָס זאָל זיין נישט קלענער פאַר'ן מהרי"ק, אַ גאון, אַ חריף ובקי, וואָס האַלבערשטאַדט זאָל זיך מיט איהם מתגדל זיין און ער זאָל ביי אונז פערפלאַנצען די תורה אויף אייביגע צייטען.

— איך וואָלט אייך געקענט געבען אַזאַ רב — האָט דער צווייטער וואַרשאָוער פרנס, רבי וואָלף, געזאָגט — אַ רב, וועלכער איז ווי אונזערע חכמים זאָגען, אַ סיני ועוקר הרים, און שטאַמט פון אַ משפחה גאונים און לומדים מופלגים, אַ ירא שמים און אַ חסיד, וואָס זיין פרומקייט איז נאָך גרעסער פאַר זיין חכמה, אַ מענש, וועלכער האָט מעגליך נישט קיין צווייטען אויף דער וועלט, אָבער...

— נאָר אָהן אַן „אָבער"! ווען דער רב איז באמת אַזאַ גדול, ווי איהר זאָגט, נעהם איך איהם צו אונז אויף רבנות. איך וועל אויף היכלע שכירות נישט קוקען: איך וועל איהם צאָהלען, ווי פיעל ער וועט וועלען אפילו אויך דאָפּעלט און דרייפאַך, ווי די קהלה איז אימשטאַנד צו צאָהלען, דען איך וועל דעם רעשט אַליין בעצאָהלען!

— ענטשולדיגט, רבי בערמאַן, איך גלויב נישט, אַז מען זאָל קאָנען קויפען דעם מענשען מיט געלד. דאָס איז רבי הירשעלע חריף, דער ביאַלער רב. שוין פיעל גרויסע קהלות האָבען איהם איינגעלאַדען צו זיך אויף רבנות, אָבער ער האָט זיך אָבגעזאָגט אַרויסצופאָהרען פון ביאַלע, ווייל ער זאָגט, אַז אין'ם קליינעם שטעדטעל קאָן ער זיך רוהיגער זיצען און לערנען תורה. ווי אַזוי זשע נעהמט איהר זיך אונטער צו פועל'ן ביי איהם צו פאָהרען מיט אייך קיין דייטשלאַנד, אין אַן'אונבעקאַנט לאַנד, מיט אונבעקאַנטע לעבענס-בעדינגונגען? איך גלויב, אַז ווען דער קעניג וואָלט איהם געגעבען אַלע זיינע אוצרות, וואָלט מען ביי איהם אויך נישט געקאָנט פועל זיין מיט אייך צו פאָהרען.

אַ משׂרת איז אַריינגעקומען אין זאַל, וואו די פערזאַמלונג איז פאָרגעקומען.

— הערר קעניגליכער רעזידענט—האָט ער געזאָגט צו רבי בערמאַן—און פאָרערשט שטעהט אַ יונגער מאַן, וועלכער פאָדערט דורכאויס, אַז

מען זאָל איהם אַרײַנלאָזען צו אים. איך האָב איהם געזאָגט, אַז איהר זענט בעשעפטיגט, אָבער ער װײנט, יאָמערט און בעט רחמים, דען ער זאָגט, אַז ער מוז תיכּף זעהען זיך מיט אײך: ס'האַנדעלט זיך װעגען סכּנות נפשות פון פיעל מענשען.

— פיהר איהם אַרײן! — האָט רבּי בערמאַן געזאָגט.

אַ יונג בּחור'ל איז אַרײַנגעקומען און האָט זיך דערשראָקען אַרומגעקוקט אין זאַל. רבּי בערמאַן איז צוגעגאַנגען צו איהם און געזאָגט:

— דו װילסט מיט מיר רײדען, מײן זוהן? רײד, שרעק זיך ניכט!

— זענט איהר עס דער קעניגליכער רעזידענט, װעלכער זאָל זײן גלײך צו אַ מלאך אלקים, װאָס איז געשיקט פון ג—ט צו פערלײַכטערן די אימה'דיגע יסורים פון זײן פאָלק ישראל, צו העלפען און ראַטעװען מענשען?

רבּי בערמאַן האָט געשמײכעלט.

— איך בין דער קעניגליכער רעזידענט — האָט ער געזאָגט.

דער בּחור האָט זיך אַ װאָרף-געטהון צו דער ערד און אַרומגענומען רבּי בערמאַנ'ס קניע.

— אָה, העלפט, ראַטעװעט! — האָט ער אויסגערופען מיט אַ ביטערליך געװײן. — אַ גרויסער שר, אַ פּירשט פון היגען לאַנד, האָט אַרײנגעװאָרפען אין תּפיסה מײן פאָטער, מײן מוטער און אַלע מײנע ברידער און ער סטראַשעט זײ מיט'ן טויט. מײן שװעסטער מיט איהר חתן האָבען געמוזט אַנטלויפען און מען יאָגט זיך נאָך זײ. װעה איז צו זײ, װען מען זאָל זײ כאַפּען!

— שטעה-אויף, מײן זוהן — האָט רבּי בערמאַן געזאָגט — און דערצעהל אונז אַלעם גענוי.

— איך װעל ניכט אויפשטעהן, בּיז איהר װעט מיר צו-זאָגען צו העלפען.

— נאַרישער בּחור'ל, װען עס האַנדעלט זיך נור װעגען הצלת נפשות, פערשטעהסט זיך פון זעלבסט, אַז איך װעל טהון אַלץ, װאָס עס ליגט גור אין מײנע כּחות. איך ברויך עס דיר גאָרניט טבטיח צו זײן.

דער בּחור איז אויפגעשטאַנען.

— אָה, — האָט ער געזאָגט — איהר זענט װירקליך אַ מלאך אלקים.

— װער בּיזטו, מײן קינד?

— איך חיים שלמה און בין דער עלטסטער זוהן פון ביאַלער רב.

— פון ביאַלער רב? פון רבּי הירש'עלע חריף?

— אַזוי רופט מען מײן אָרימען, אונגליקליכען פאָטער.

אַלע פאָרשטעהער פון דער װאַרשאװער קהלה האָבען אַנגעקוקט און אַרומגערינגעלט דעם בּחור'ל.

— װאָס? — האָט רבי אִיסר'ל אױסגערופֿן — רבי הירשעלע װײנט אין תּפֿיסה?

— ער, מײַן מוטער און מײַנע ברידער! — האָט שלמה געענטפֿערט און װידער אָנגעהױבן װײנען.

— װי אַזױ איז דאָס מעגליך? — האָט רבי װאָלף געשריגן — אַי, שומו שמים!

— איך בעט אײַך, רבותי — האָט רבי בערמאַן געזאָגט — אַזױ װעלן מיר קײנמאָל ניט דערגײן, װאָס דאָ איז פֿאָרגעקומען. לאָזט מיך אױספֿרעגן דעם בחור. שלמה! װער האָט דײַן פֿאָטער אַרײַנגעװאָרפֿן אין טורמע?

— דער פּירשט!

— װעלכער פּירשט?

— אונזער פּירשט!

— װי הײסט ער?

— װי זאָל ער אַנדערש הײסן? דער ביאַלער פּירשט!

רבי בערמאַן האָט געשמײכעלט. ער האָט זיך אַ קער געטאָן צו די ראשי־הקהלה.

— אפשר װײסט עמיצער פֿון אײַך, װי עס הײסט דער פּירשט, װעמען ביאַלע געהערט?

— נו, װי זאָל ער דען הײסן — האָט רבי װאָלף געפֿרעגט — דער פּירשט פֿון ביאַלע!

— מיר מוזן האָבן אַ נאָמען — האָט דער רעזידענט געזאָגט און דערבײַ האָט ער אָנגעקלונגען מיט'ן זילבערנעם גלעקעל, װאָס איז געשטאַנען אױפֿ'ן טיש. און שטײב איז תּיכּף אַרײַן אַ משרת.

— רופֿ אַרײַן אַהער עוזרי'ן.

און אַ מינוט אַרום איז אַרײַנגעקומען עוזריה.

— דערגײ תּיכּף — האָט רבי בערמאַן געזאָגט — װי אַזױ עס הײסט דער פּירשט, װעמען עס געהערט דאָס שטעדטעל ביאַלע און קום באַלד מיט אַ ג'עגמפּער.

עוזריה איז אַרױסגעגאַנגען.

— און יעצט דערצײל מיר, מײַן קינד, פֿאַרװאָס דער ביאַלער פּירשט האָט געלאָזן אַרײַנװאַרפֿן אין תּפֿיסה דײַנע עלטערן.

שלמה האָט דערצײלט כּסדר, װי גוט ער האָט געקאָנט. ער האָט דערצײלט װעגן דער פּלוצלונג־איבערגעריסענער חופּה, װעגן דער רדיפֿונג פֿון זײַן שװעסטער דורך איהר חתן און זײַער אַנטלױפֿן, װי אױך, װי מען האָט זײַן פֿאָטער און מוטער מיט זײַנע ברידער געשלעפּט אין

תפיסה און ווי אַזוי איהם איז געלונגען צו אַנטלויפֿען.

— און יעצט — האָט ער געענדיגט זיין טרויעריגע ערצעהלונג — בין איך געלאָפֿען טאָג און נאַכט, כדי צו קומען קיין וואַרשא, ווייל מען האָט מיר געזאָגט, אַז איהר, העררר רעזידענט, זענט דער איינציגער, וואָס קאָן העלפֿען און אַז איהר זענט אַ צדיק תמים, וואָס וויל אויך העלפֿען. איך האָב אויפֿ'ן וועג נישט געגעסען, נישט געשלאָפֿען, נישט געדאַוועט אַפילו ווי געהעריג איז רוהיג, נאָר אין איילעניש, כדי צו קומען וואָס־גיכער צו אייך, און אָט בעט איך אייך צו העלפֿען מיין פֿאָטער, מיין אָרימע מוטער און מיינע אונשולדיגע ברידער, ווי אויך מיין פֿערפֿאָלגטע שוועסטער.

שלמה האָט זיך ווידער געוואָלט וואַרפֿען צו די פֿיס פֿאַר רבי בערמאַן, אָבער דער לעצטער האָט איהם אָבגעהאַלטען.

— לאָז־אָב, מיין קינד — האָט ער געזאָגט — מען ברויכט דאָס נישט. אויב איך קאָן נור העלפֿען, וועל איך עס טהון מיט'ן איבערשטענס הילף אַליין, אָהן דיין בקשה אויך. איך וועל זיך ווענדען צום קעניג און בעטען בעשיצונג פֿאַר אייך.

— אָה, איהר זענט באמת אַ מלאך אלקים!

עזרית איז אַריינגעקומען צו געבען אַ'ענטפֿער אויף דער פֿערלאַנג־טער פֿראַגע.

— דער פֿירשט פֿון שטערטעל ביאַלע — האָט ער געזאָגט — איז דער פֿירשט לובאָמירסקי, דער מאַן פֿון דער פֿרעמיעניצע פֿון גנעזענער קאַר־דינאַל, וועלכער איז פּרימאַס פֿון פּוילען.

רבי בערמאַן האָט זיך דערשראָקען.

— דער איבערשטער זאָל שומר ומציל זיין — האָט ער אויסגערופֿען — דאָס איז אַ ביטערע געשיכטע. דער פֿירשט איז איינער פֿון די אָנפֿיהרער פֿון דער פֿראַנצויזישער פּאַרטיי, מיט וועלכער דער קעניג האָט נור דאָ ערשט נאָך פֿיעל מיה געמאַכט שלום. ס'וועט זיין זעהר שווער צו מאַכען אַ פּירוד צווישען דעם קעניג מיט דער פּאַרטיי צוליעב יודען, ווייל דער קעניג דאַרף און וויל לעבען בשלום מיט דער פּאַרטיי. איך האָב מורא, אַז מען וועט דאָ גאָר נישט קאָנען מאַכען.

דער ביאַלער בחור'ל האָט זיך צעוויינט אויף אַ האַרץ־רייסענדען אופֿן, הערענדיג דאָס.

— בערוהיג זיך, מיין קינד — האָט רבי בערמאַן איהם געטרייסט — איך וועל פֿונדעסטוועגען טהון אַלץ, וואָס איך וועל נור קאָנען, כאָטש איך האָב אַפילו וועניג אויסזיכטען אויף ערפֿאָלג. אַ קעניג האָט דאָ אין פּוילען נישט פֿיעל צו בעפֿעהלען און די פּוילישע שׂרים זענען מעכטיגער פֿאַר איהם, אָבער נישט קוקענדיג דערויף... אויגוסט איז פֿאַר מיר פֿריינד־

ליך געשטימט און זיינע נאָהנטסטע יועצים זענען מיינע פֿריינד. איך וועל אייך ווענדען צום אויבער-קאַמערהער, דעם גראַף פֿון ביטשטום.

— צי וואָלט דען נישט גלייכער געווען צו רעדען תיכּף מיט'ן קעניג גופא? — האָט געפֿרעגט רבי איסר'ל. — אַזאַ מענש, ווי איהר, איהר זענט דאָך אַזאַ חשובֿ!

— ניין. ס'איז תמיד בעסער, ווען מען ווענדעט זיך צו די אַרונטיגע שרים. אַפילו יוסף הצדיק, דער הערשער פֿון לאַנד, האָט אויך געהאַלטען אַז עס איז גלייכער איבערצוגעבען זיין ביטע פֿריהער די שרים, דען עס שטעהט בפירוש: „און ער האָט גערעדט צו פּרעה'ס הויז: אויב איך האָב געפֿונען חסד אין אייערע אויגען, טאָ רעדט אין פּרעה'ס אויערען". ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אַזאַ וויכטיגע זאַך, מוז מען זיך היטען צו מאַכען עטוואָס פֿערקעהרט.

— די ג-טליכע חכמה ליעגט אין אייך! זאָל דער אויבערשטער געבען, אַז איהר זאָלט מצליח זיין! — האָט רבי וואָלף געזאָגט.

— אמן! — האָט רבי איסר'ל געענטפֿערט. — און דו שלמה, קום מיט מיר אין מיין הויז, דאָרט וועסטו זיך אָפּרוהען פֿון דיין שווערער רייזע.

די פֿערזאַמעלטע האָבען גענומען אָבשייד איינער פֿונ'ם אַנדערן, און דער בחור שלמה איז אַוועקגעגאַנגען מיט רבי איסר'ל.

# 10. די נאָהנטסטע הילף.

— פֿרידריך — האָט קעניג אויגוסט געזאָגט צו זיין מקורב, דעם אויבערקאַמערהער גראַף פֿרידריך ביטשטום — איך בין דער אומגליקליכסטער מענש אונטער דער זון.

— אייער מאַיעסטעט בעווילינגען צו לאַכען — האָט דער אויבער-קאַמערהער געענטפֿערט.

— ווי אָפֿט זאָל איך דיר זאָגען, אַז דו זאָלסט זיך אָבזאָגען פֿון אַלע כּבודים און פֿאָרמאַליטעטען, ווען מיר זענען אויג-אויף-אויג! אָדער אפשר זאָל איך אויך רעדען „עקסעלענץ" און „חערר אויבער-קאַמערהערר"? איך רעד נישט צו דיר, אַלס דיין העררר און קעניג צו זיינעם אַ הויף-מאַן, איך רעד צו דיר, ווי צו אַ פֿריינד, ווי אַ פֿריינד צו אַ פֿריינד, צו דיר, ווי צו אַ חבר פֿון מיין יוגענד, ווי אַ בעגלייטער אויף אַלע מיינע רייזען, דעם געטריישטען מיטפֿיהלער אין מויזענד אַוואַנטורען! פֿאַר מיין געטרייען פֿריינד וויל איך קלאָגען זיך אויף מיין ווערהטאָג, וואָס העלפֿען מיר די קרוינען פֿון פּוילען און פֿון זאַקסען, ווען איך האָב נישט די, וועלכע איז דער פּערל פֿון ביידע לענדער! געוועזען האָב איך זיך פֿערקליידעט אַלס קאַפּוּ- צינער און בין אַריינגעקומען אין קלויסטער פֿון די אורזולינערינס, וואו

די שענסטע בעל־תשובה'ניצע געפינט זיך יעצט. איך האב אפילו נישט בעקומען זי צו זעהען! איך בין זעהר, זעהר אונגליקליך, פרידריך.

— אבער, מאיעסטעט...

— ווען דו וועסט צו מיר נישט רעדען „אויגוסט" און „דו", וועל איך מיט דיר קיין איינציג ווארט מעהר נישט רעדען.

— אויגוסט, מיין הערצענס־ברודער, זאג זיך אב פונ'ם געדאנק וועגען גרעפין לובאמירסקא. א סכסוך מיט'ן פירשט וועט זיך פערוויקלען אין שלעכטע עסקים; די פראנצויזישע פארטיי, מיט וועלכער מיר זענען גע־וואס מגושה געווארען, וואלט ווידער דערהויבען איהר קאפ, דער קארדינאל פרימאס...

— הער־אויף, הער־אויף! צי האב איך דען ווען עס איז געפרעגט ביי דיר אַן עצה, ווען עס האנדעלט זיך וועגען א פאליטישער פראגע? דו ביזט מיין געטרייער פריינד און חבר, אבער מיין מיניסטער ביזטו נישט! וואס קימערם מיך די פראנצויזישע פארטיי, ווען איך שפיר זיך אונגליקליך!

— נו, אויגוסט, ס'איז נישט דאס ערשטע מאל, וואס די שפירסט דיך אונגליקליך, ווייל דיין הארץ צינדט זיך־אן לייכט...

— ניין, דעם מאל איז עס אנדערש! אנשטאט מיך צו מוסר'ן, פאהר בעסער צו לובאמירסקי'ן קיין ביאלע און זיי איהם מבטיח, וואס דו ווילסט, אויב ער וועט זיך נור מיט'ן גוטען ווילען שיידען מיט זיין ווייב.

— און דו גלויבסט...

אויגוסט האט אנגעהויבען טאפטשען מיט די פיס; דאן האט ער געכאפט א זילבערנעם טעלער, וואס איז געשטאנען אויפ'ן טיש און האט איהם צוזאמענגעדרעהט, ווי א בלאט פאפיר.

בעשטעטום האט פלוצלונג איבערגעריסען זיינע רייד, ווייל ער האט צו־גוט געקענט דעם קעניג, כדי צו וויסען, אז יעדעס ווארט ווייטער וועט נאר אויפרייצען איהם און זיין כעס וועט זיך אנצינדען אויפסניי.

— געה — האט דער קעניג געזאגט — און טהו, וואס איך האב דיך געהייסען!

בעשטעטום איז ארויסגעגאנגען. אין פאדער־צימער פון קעניג האט ער אנגעטראפען רבי בערמאנ'ען, וועלכער האט דא געווארט אויף איהם.

— איך האב נישט קיין צייט, העטר רעזידענט — האט דער גראף געענטפערט — איך מוז תיכף אבפאהרען אין דער שליחות פון קעניג. אט ווארט נאר, איהר ווייסט דאך אלץ. אפשר קענט איהר מיר זאגען, וואו ס'געפינען זיך די גיטער פון פירשט לובאמירסקי, וועלכער האלט זיך יעצט אויף דארט?

— דער פירשט געפינט זיך אין זיין גוט אין ביאלע, עקסעלענץ, מאַקי וועגען אט דעם פירשט האב איך געהאלט מיט אייך רעדען. דער פירשט האט זיך ערלויבט א שענדליכע געוואלדטהאט. ער האט געוואלט

אַוועק־רויבען פון אונטער דער חופּה אַ יודישע כלה, ער האָט...

— וואָס זאָגט איהר? דערצעהלט איהר אַ זיכערען פאַקט? דער פירשט לובאָמירסקי האָט דאָס געטהון?

— יאָ, יאָ, עקסעלענץ, דער פירשט לובאָמירסקי! די כלה איז אַנט־לאָפען און דער פירשט סטראַשעט די עלטערן און ברידער פון דער כלה מיט'ן טויט!

— מערקווירדיג — דער פירשט לובאָמירסקי! וואַרט נור אַ ווײַלע, בעהרענר, איך געה אַרײַן צום קעניג, אָבגעבען אַ בעריכט וועגען דעם.

און ער איז באַלד אַרײַנגעלאָפען צורי֞ק צום קעניג. דער קעניג איז אויפגעשפּרונגען און ווילד געוואָרן.

— שוין ווידער דאָ! — האָט ער געשריען, טאָפּטשענדיג מיט די פיס. ביטשטטום האָט דאָס מאָל שוין געעניג־וואָס געגומען און אַלט דעם קעניג'ס כעס.

— אויגוסט — האָט ער געזאָגט — דאָס שיקזאַל קומט דיר צו הילף: דער פירשט לובאָמירסקי...

— געשטאָרבען?

— ניין, ער האָט געוואָלט רויבען אַ יודיש מעדעל.

— וואָס געהט עס מיך אָן?

— הער נור, אויגוסט, דאָס איז זעהר און זעהר דיר נוגע, פּיעל מעהר, ווי דו מיינסט! אין דײַנע אינטערעסען האָב איך איהם געלאָזען אַבּיסעל אַרום שפּאַצירען. די פירשטין איז גישט מיט'ן גוטען ווילען געגאַנגען לעבען אין קלויסטער אַרײַן. פירשט לובאָמירסקי איז געוואָרען אײַ־פערזיכטיג געגען איהר צוליעב דיר; ס'איז צווישען זיי פאָרגעקומען אַ ווילדע סצענע; דער קאַרדינאַל־פּרימאַס איז פּלוצלינג אָנגעקומען און ער האָט שלום געמאַכט צווישען מאַן און ווייב. אורזולאַ האָט געמוזט זיך בע־שליסען צו געהן אין קלויסטער אַרײַן און דער פירשט האָט געמוזט צו־זאָגען אָפּצופאָהרען אין זײַנע גיטער; אָבער פאַר'ן אָפּפאָהרען האָט ער געמוזט שווערען ניגט נאָכצויאָגען דאָס מיידעל, אויף וועלכער ער האָט שוין פריהער געוואָרפען אַן אויג. יעצט האָט ער די שבועה געבראָכען. מיר וועלען דעריבער אונטערהעצען געגען איהם דעם קאַרדינאַל, וועלכער וועט מוזען אַליין זיך משתדל זײַן אין רוים, אַז דער פּויפּסט זאָל מבטל מאַכען די חופּה וקידושין צווישען דעם פירשט מיט זײַן פרוי. די פירשטין וועט אַזוי, אַרום פרײַ ווערען.

— דו ביזט אַ פאָלקאָמער הויפמאַן, ביטשטשום! אָבער פון וואַנען האָסטו די ידיעה, אַז לובאָמירסקי האָט זײַן שבועה געבראָכען?

— אין פאָדערצימער וואַרט דער יוד בעהרענד; ער וויל בעטען בײַ דיר הילף פאַר די יודען געגען דעם פירשט. דאָס מיידעל איז אַנט־לאָפען און דער פירשט האָט געלאָזט אַרעסטירען איהר גאַנצע משפּחה.

הײם דעם ייִדען אַרײַנקומען. מײַן הױכהערציגער קעניג װעט בעטראַכטן װי-רען דורך אַלע שונאים פֿון חזיר-פֿלײש אַלס בעשיצער פֿון דער געדריק-טער אומשולד.

— פֿרידריך, דו ביזט מיר אַ פּרעכטיגער מענש! קום, װעל איך דיך אַרומנעהמען, אַט אַזױ, יעצט פֿאָהר צום קאַרדינאַל-פּרימאַס און ברענג איהם די שענע ידיעה! מאַך אָבער די זאַך גוט, פֿרידריך, און שיק מיר אַרײַן אַהער תיכף דעם ייִדען!

דער אױבער-קאַמערהער איז אַרױסגעגאַנגען און רבי בערמאַן האָט תיכף גאָך איהם געזאָלט אַרײַנקומען צום קעניג.

— בעהרענד — האָט דער אױבערקאַמערהער געזאָגט, אַרױסקומענדיג פֿון קעניג'ס צימער, — גערעט-אַרײַן צום קעניג, איך האָב איהם שױן גע-מעלדעט װעגען אַלץ. ער װעט ניט דער-לאָזען קײן געװאַלד-מעשים און זײַן לאַנד.

— מײַן הײסעסטען דאַנק, עקסעלענץ. װען איך קאָן אײַך נור דינען...

— נײן, נײן בעהרענד, כּל-זמן איך האָב גליק און שפּילען, ברױך איך ניט צו באָרגען קײן געלד.

גראַף בריטשטום איז געװען אַ לײַדענשאַפֿטליכער שפּילער; ער פֿלעגט שפּילען טאָג-און-נאַכט, אָבער שטענדיג מיט אַ זעלטענער הצלחה און, אַ דאַנק דעם, איז ער געװאַלדיג רײַך געװאָרען.

רבי בערמאַן איז אַרײַנגעקומען מיט אַ קלאַפּענדען האַרצען צום קעניג.

— אָה, הער רעזידענט, — האָט דער קעניג געזאָגט — דער אױבערקאַ-מערהער האָט מיר שױן דערצעהלט, װעגען װאָס דו קומסט. זאָל ער נור מיר דערצעהלען נאָך אַ מאָל גענױ אַלץ.

רבי בערמאַן האָט דערצעהלט אַלץ, װאָס דער בחור שלמה האָט איהם איבערגעגעבען.

דער קעניג האָט אױסגעהערט אױפֿמערקזאַם. װען דער רעזידענט האָט געענדיגט דערצעהלען, איז דער קעניג צוגעגאַנגען צו זײַן שרײַב-טיש און האָט אױסגעשריבען אַ בעפֿעהל.

— אָט — האָט ער געזאָגט — זאָל ער נעהמען דעם דאָזיגען בעפֿעהל און גערן צום גענעראַל, גראַף פֿלעמינג, װעלכער װעט איהם געבען אַ ראָ-טע סאָלדאַטען פֿון 150 מאַן מיט אַ ראָטע-קאָמאַנדיר בראש; מיט'ן דאָזי-גען מיליטער װעט ער אָבפֿאָהרען קײן ביאַלע און בעפֿרײַען דאָרט [illegible] רב מיט זײַן פֿרױ און קינדער. דעם פּירשט אָבער װעט מען נעהמען גע-פֿאַנגען און האַלטען איהם אין דער װאַך בײַ איהם אין שלאָס.

— מאַיעסטעט, װאָס נעהם איך װערטער אײַך צו דאַנקען ?!..

— מען ברױכט קײן דאַנק ניט. בעהרענד! איך טהו נור, װאָס

די גערעכטיגקייט פאָדערט. אין מיינע מדינות וועל איך ניט דערלאָזען קיין געוואַלט־מעשים. אַלע מיינע אונטערטאַנען, אָהן אונטערשייד פון קלאַסען און אמונות, דאַרפען דאָ געפינען פון מיין קעניגליכער בעשיצונג. איך שעץ זיך גליקליך, בעהרענגר, וואָס איך קאָן זיין אַ גנעדיגער בעשיצער פון די אונשולדיגע!

דער קעניג האָט אַ וואונק געטהון מיט דער האַנד. רבי בערמאַן איז אַרויסגעגאַנגען. פאַר'ן פאַלאַץ האָט געוואַרט אויף איהם זיין קאַרעטע, און שעלכער עס איז געזעסען עזריה מיט'ן בחור שלמה.

רבי בערמאַן האָט נעהייסען דעם קוטשער פאָהרען געשווינד:

— צום גענעראַל גראַף פלעמינג!

דאַן איז ער אַריינגעשפרונגען אין דער קאַרעטע, האָט זיך צוקושט מיט'ן בחור שלמה און אויסגערופען:

— דאַנק, מיין זוהן, דעם אויבערשטען! דיין פאָטער און מוטער, דיינע ברידער און שוועסטער, זענען געראַטעוועט: דער פירשט וועט האָבען צו ענטפערן פאַר אַלע זיינע שענדליכע מעשים.

שלמה איז געוועזען אַזוי איבעררעשט, אַז ער האָט ניט געקאָנט רעדען קיין וואָרט. ער האָט זיך צעוויינט אויפ'ן קול. אָבער דאָס זענען שוין געוועזען טרעהרען פון פרייד.

רבי בערמאַן האָט איבערגעגעבען דעם קעניג'ס בעפעהל דעם גענעראַל פלעמינג. אַ שעה שפעטער איז אַן אָבטהיילונג סאָלדאַטען מיט'ן ראָטמיסטער קרוזר בראש, שוין געוועזען אין וועג. הינטער די רייטער איז געפאָהרען אַ רייזע־וואָגען, און שעלכען עס זענען געזעסען רבי בערמאַן, עזריה און שלמה.

# 14. די רעטונג.

אין זיין שלאָס אין ביאַלע, אין פאַלאַץ פון זיינע אָבות, איז געזעסען דער פירשט לובאָמירסקי. די ווענד פון פאַלאַץ זענען געווען בעהאַנגען מיט די פאָרטרעטען פון זיינע עלטערן פון כמה דורות. פּלוצלונג איז דער פירשט אויפגעשפרונגען פון אָרט און זיך געלאָזען לויפען, ווי אַ ווילדע חיה אַהין און צוריק. אַלע זיינע בעמיהונגען צו געפינען דעם אָרט, וואו עס האַלט זיך אויף דעם רב'ס טאָכטער מיט איהר חתן, זענען געווען אומזיסט. יעצט וואַרט דער פירשט אויפ'ן רב, וועלכען ער האָט בעפוילען צו ברענגען פאַר זיך. די טהיר האָט זיך געעפענט, און רבי הירש איז אַריינגעפיהרט געוואָרען דורך דעם פירשט'ס קנעכט.

רבי הירש האָט אויסגעזעהן זעהר אָנגעגריפען. ער איז אינגאַנצען געווען געבראָכען; זיינע האָהר זענען אין די עטליכע וואָכען, וואָס ער איז געזעסען אין געפענגניש, געוואָרען גראָה.

— זשיד! — האָט אַ געשריי געטהון דער פירשט — דו ווייסט זיך

גאָך אַלץ אָבזאָגען צו ענטדעקען מיר וואו עס געפינט זיך דיין טאָכטער?

— גנעדיגסטער הערר — האָט דער רב געענטפערט — קיין מענש קאָן נישט זאָגען אַ זאַך, וואָס ער ווייסט נישט. איך ווייס לגמרי נישט, וואו מיין טאָכטער געפינט זיך. אָבער ווען איך וואָלט עס אַפילו יאָ געוואוסט וואָלט איך עס אויך נישט געזאָגט.

— דו ערלויבסט זיך מיט מיר צו ריידען מיט אַזאַ חוצפה, דו חוצפה׳דיגער יוד!

— איך געגען אייך מיט חוצפה? איך האָב עס גאָר נישט אפילו אין זינען! אָה, אויב איך האָב יאָ געהאַט אין זין אַ טראָפען פעסטקייט, האָט איהר עס שוין לאַנג אויסגעלאָשען אין מיר דורך די יסורים, וואָס איהר האָט מיר אָנגעטהון. גנעדיגסטער הערר, איך בעט אייך, בעטראַכט זיך, וואָס איהר טהוט! איהר גלייבט דאָך אין ג—ט, אין דעם אַלמעכטי־גען, וועלכער בעלוינט פאַר גוטע מעשים און בעשטראָפט פאַר שלעכטע...

— שווייג, זשיד! איך וויל פון דיר קיין מוסר נישט הערען! ווען איך וועל נישט בעקומען אין מיין געוואַלט דיין טאָכטער און דווקא אין דער קורצעסטער צייט, וועל איך לאָזען אויפהענגען דיך, דיין פרוי און דיינע זוהן.

— אָבער גנעדיגסטער הערר, ווי אַזוי קאָנט איהר פערלאַנגען פון מיר אַ גאָר אוממעגליכע זאַך? ווי אַזוי קאָן איך אייך זאָגען אַ זאַך, וואָס איך ווייס נישט?...

— דו הייסט קומען אַהער דעם פרנס און בעפעהל איהם צו ברענגען דיין טאָכטער און דעם הונד, וועלכער האָט זיך דערוואויגען צו וואַרפען אויף מיר אַ שטיין.

— גנעדיגסטער הערר...

— קיין וואָרט נישט מעהר! איך האָב שוין בעשטעלט אַהער די פרנסים: זיי וועלען דאָ באַלד זיין. זיי טהוען אַלץ, וואָס דו הייסט זיי. די דאָזיגע באַנדע כלבים פאָלגען דיך מעהר, ווי מיך, זייער הערן.

אַ דינער האָט געמעלדעט, אַז די פרנסים זענען געקומען.

— די הינד זאָלען אַריינקומען! — האָט דער פירשט אויסגערופען.

די פרנסים זענען אַריינגעקומען. זיי האָבען זיך געבויקט פאַר׳ן פירשט, מיט׳ן פנים אַזש צו דער ערד; דאַן האָבען זיי געקישט דעם ברעג פון זיינע מלבושים.

ווען זיי האָבען דערזעהען די געבוינדענע געשטאַלט און די גראָ־געוואָרענע באָרד פון זייער רב, האָבען זיי זיך צעוויינט, ווי קליינע קינדער.

— איך האָב אייך געלאָזען רופען — האָט פירשט געאָרג געזאָגט — כדי אייך מיטצוטיילען, אַז איך וויל אַט דעם יודען, זיין פרוי און קינדער לאָזען אויפהענגען, אויב איהר וועט מיר נישט צושטעלען דעם יונג, וואָס האָט מיך געשלאָגען, און זיין טאָכטער.

— גנעדיגסטער הערר—האט דער עלטסטער פרנס געזאגט—מיר קאנען די אנטלאפענע נישט ברענגען דיר, וויל מיר ווייסען נישט, וואו זיי געפינען זיך.

— איהר וועט זיי שוין געפינען.

— גנעדיגסטער הערר, האט רחמנות! אונזער געליעבטער, גוטער און פרומער רב. וועלכער האט און זיין לעבען קיינעם נישט בעליידיגט זיין זיין גאנצע שטרעבונג איז געווען צו טהון מעשים-טובים און לעבען אין פרומקייט און הייליגקייט, און...

טרעהרען האבען זיך געשטעלט אין האלז ביים עלטסטען פרנס, ווען ער האט דאס געזאגט; ער האט זיך אבער מתגבר געווען, אויסגעטרוקענט זיינע טרעהרען און גערעדט ווייטער:

— גנעדיגסטער הערר, איך ווייס, איך בין נור א ג'ארימער יוד, א חארים, וועלכען איהר קאנט צוטרעטען; אויך מיין לעבען איז אין אייער האנד און פונדעסטוועגען דערוועג איך זיך צו דערמאהנען אייך וועגען דעם הימלישען ריכטער. זעהט: דא אויף די ווענד געפינען זיך די בילדער פון אייערע אבות; זיי אלע זענען געווען שטענדיג גוט-הארציגע בעשיצער פון מיין געפ'רודפ'טען פאלק, ווען כמעלניצקי, דער ווילדער קאזאקען-העטמאן, האט געבראכט אונגעהערליך פייער אונגליק איבער פוילען, האט ער געלאזט אויס'הרג'ענען פריצים גלייך ווי יודען. די פריצים און די יודען האבען אין פוילען תמיד צוזאמען געהאלטען זיך פעסט און איהר — איהר ווילט בעגעהן אזא שענדליכע געוואלט-טהאט? און צי מיינט איהר דען, אז אזא געוואלט-טהאט בלייבט אונבעשטראפט? א געשריי וועט זיך דערהויבען און א ציטערניש וועט ארומנעהמען גאנץ פוילען, ווען איהר וועט לאזען דער-הרג'ענען אונזער גרויסען רב; דאס געשריי וועט קומען ביז'ן טראהן פון קעניג, וועלכער וועט פאר אזא שרעקליכען מארד...

— הא, הא, דער קעניג! איך לאך מיך אויס פון אייער קעניג! דא בין איך דער הערר און האב די גרעסטע געוואלט. גענוג צו פלוידערן. רבי, בעפעהלט די פרנסים צו ברענגען צו מיר אייער טאכטער.

— מיינע ברידער — האט רבי הירש געזאגט — איך בין גרייט צו שטארבען. אויב עס איז ג—טס ווילען, זאלען אויך מיין פרוי און קינדער שטארבען. אבער מיין קלה וועט פאלען אויף די, וועלכע טראכטען נור צו ברענגען אהער מיין טאכטער. מיט אזא פרייז וויל איך נישט, אז מען זאל ראטעווען דאס לעבען מיר און מיין הויז-געזונד.

ווען דער רב האט אזוי גערעדט, איז מיט איהם פארגעקומען א פאלקאמע ענדערונג. זיין רוקען האט זיך אויסגעגליכען, זיינע אויגען האבען געפינקעלט, ווי פייערי שטאלץ און שלאנק איז ער געשטאנען פאר'ן פוילישען פריץ, ווי א פערצייטיגער נביא.

די פרנסים האבען זיך ביטערליך צעוויינט.

דער פירשט איז געבליבען אונבעריהרט.

— ווי די הגיד הוילכען! — האָט ער אויסגערופען מיט פעראַכטונג.

דער גלח, וועלכער האָט די גאַנצע צייט זיך געהאַלטען אין אַ ווינקעלע פון גרויסען פירשטליכען זאַל, איז יעצט אַרויסגעטראָטען צום פירשט. ער האָט מיט דער העכסטער פערוואונדערונג בעטראַכט דעם רב, ער האָט זיך אַ קעהר געטהון צום פירשט און געזאָגט:

— האָט רחמנות, גנעדיגסטער הערר, פייניגט נישט מעהר די דאָזיגע אונגליקליכע לייט!

ערשטוינט האָט אויפ'ן גלח אַ קוק געטהון דער פירשט לובאָמירסקי. דאַן האָט ער זיך הויך צעלאַכט.

— ווי פיעל האָט מען דיר, גלח, געגעבען פאַר זיין שתדלנות?

דאַן האָט ער אָנגעקלונגען און בעפוילען דעם אַריינגעקומענעם קנעכט:

— לאָז תיכף אָפפיהרען דעם רב, זיין פרוי און קינדער אויפ'ן הויף פון שלאָס. דאָרט וועסטו לאָזען אויפהענגען צו ערשט די פיער יונגעלעך, דאַן די פרוי און צולעצט דעם רב.

דער פירשט האָט נאָך נישט בעוויזען צו ענדיגען זיין שרעקליכען בעפעהל, ווי די טהיר האָט זיך אויפגעריסען און רבי בערמאַן מיט שלמה'ן און עזריה זענען אַריינגעקומען.

— מיין פירשט—האָט רבי בערמאַן אויסגערופען—איך פערלאַנג, אַז איהר זאָלט תיכף בעפרייען דעם רב און זיין הויז-געזינד!

— ווער זענט איהר—האָט דער פירשט אויסגעשריען—אַז איהר קאָנט זיך דערוועגען אַריינצורייסען זיך אין מיין שלאָס?

— איך הייס בעהרענד לעהמאַן און בין דער רעזידענט פון זיין מאַיעסטעט, דעם קעניג.

דער פירשט האָט אַרויסגעכאַפּט זיין שווערד און געוואָלט וואַרפען זיך אויף רבי בערמאַן. אָבער דער ראָטנער פאָן קרוק האָט איהם דעם וועג פערטראָטען.

— האַלט-אָב! — האָט ער אויסגערופען — איהר זענט מיין געפאַנגענער, פירשט! שטעלט זיך נישט געגען מיר און צווינגט מיך נישט אָנצונעהמען געוואַלט. מיינע 150 רייטער האָבען בעזעצט דעם שלאָס, אָבער לייטענאַנט פאָן צוועניגי שטעהט מיט 20 מאַן ביי דער טהיר. אַלזאָ, אין נאָמען פון זיין מאַיעסטעט דעם קעניג, גיט מיר אָב אייער שווערד!

ווי פון אַ דונער-שלאַג איז געשטאַנען דער פירשט. ער האָט דערלאַנגט זיין שווערד דעם אָפיציר, דאַן האָט ער געזאָגט סקריהענדיג מיט די צייהן:

— וואָס האָט דאָס אַלץ צו בעדייטען?

— איך ווייס נישט — האָט דער ראַטנער געזאָגט, — דער קעניגליכער רעזידענט, אַט דעם יאָר בעהרענד, האָט אָנגעגעבן ביי זיין עקסעלענץ, גענעראַל פלעמינג, אַ רעסקריפּט פון קעניג. דאַן האָט ער בעקומען אַ נ'אָרדער צו רייטען אַהער מיט 150 מאַן, צו נעהמען געפאַנגען אייער פירשטליכע גנאַדען און בעוואַכען אייך אין אייער שלאָס; און דער זעלבער צייט דאַרף איך בעפרייען די געפאַנגענע יודען און מעלדען אייך, אַז זיין עקסעלענץ, דער אָבערקאַמערהער גראַף ביטשטום, וועט ראָ באַלד ערשיינען, כדי צו מאַכען די וויטערדיגע שריט.

מיט פערפרעסטע קולאַקעס איז דער פירשט צוגעגאַנגען צו רבי בערמאַנ'ען און האָט אויסגעשריען:

— אַלזאָ, דיר האָב איך צו פערדאַנקען, פערשאָלטענער יוד! זאָלסט ציטערן פאַר מיין נקמה!

— מעסיגט אייך, מיין פירשט! — האָט רבי בערמאַן געענטפערט — פאַר אַ געפאַנגענעם פאַסט נישט צו דראָהען אַ פרייען מענשען. איך האָב פאַר אייער נקמה קיין מורא נישט. דער אַלמעכטיגער ג–ט, וועלכער האָט בעפרייט פון אייער האַנד דורך מיר אָט דעם רב, וועט אויך מיך בעשיצען.

דאַן האָט רבי בערמאַן גענומען ביי דער האַנד דעם יונגען שלמה און האָט איהם צוגעפיהרט צום רב. מיט אַ געוויין אויפ'ן קול האָט דער בחור זיך געוואָרפען אויפ'ן האַלז דעם פאָטער.

— הער ראַטנער פאָן קרוקס — האָט רבי בערמאַן געזאָגט — איך בלייב אייער בעל-חוב. איך וועל אייך באַלד אָבגעבען מיין דאַנק יעצט אָבער בעפעהלט צו בעפרייען פון טורמע דעם רב'ס פרוי מיט איהרע קינדער.

דער ראַטנער האָט געגעבען די נויטיגע בעפעהלען. רבי בערמאַן מיט זיינע לייט זענען אַרויפגעקומען אין הויף פון שלאָס, וואו אַלע געפאַנגענע זענען באַלד ערשיענען.

דאָס איז געווען אַ שמחה, וואָס לאָזט זיך גאָרנישט בעשרייבען. אַלע האָבען געדאַנקט און געלויבט דעם אויבערשטען פאַר דער ישועה! אָבער און דער שמחה זענען פערמישט געווען די טרעהרען פון דער רביצין, וועלכע האָט נישט אויפגעהערט צו וויינען און זאָרגען וועגען דעם, וואָס איז געוואָרען פון איהר טאָכטער.

דער גלח דאָמיניק איז געקומען. ער האָט געדריקט דעם רב די האַנד און געזאָגט:

— איהר זענט אַנ'ערהווירדיגער, אַ היילינער מאַן!

דאַן האָט ער צו רבי בערמאַנ'ען געזאָגט:

— דער פירשט האָט געשוואוירען פון אייך נקמה צו נעהמען, אָבער איך וועל גוט אַכטונג געבען. אויב איך קאָן איהם שטערען און זיין נקמה וועל איך עס געוויס טהון.

# 15. אַנ׳אומשולדיגער קרבן.

דאָס צוריקקומען פון רב אַהיים איז געוואָרען אַ ווירקליכער טריומף-פּראָצעסיע. פון אַלע זייטען זענען געקומען די בעלי-בתים פון שטאָדט מיט זייער גאַנצע הויז-געזינדען מקבל-פּנים צו זיין דעם בעליעבטען גרויסען רב, וועלכער איז ניצול געוואָרען פון טויט. יעדער האָט זיך נעאַיילט צו זעהען איהם, צו קושען איהם די האַנד, צו הערען זיינס אַ וואָרט. דעם רב׳ס וואוינונג, וואָס איז אַזוי לאַנג געשטאַנען ליידיג און לויז, איז ווידער געעפענט געוואָרען. די רייכע בעלי-הבית׳טעס האָבען זיך נעאַיילט צו ברענגען צום רב אין שטוב שפּייז און געטראַנק, כדי צו דערקוויקען די האַלב-פערהונגערטע.

מיט אונבעשרייבליכער יראת-הרוממות האָבען אַלע געקוקט אויף רבי בערמאַן, דעם העלפער אין דער נויט, דעם רעטער פון טויט, דעם מאַן, וואָס זיין עשירות און גדולה האָט שוין פריהער הויך גע׳שם׳ט און מען האָט וועגען זיי דערצעהלט נסים ונפלאות. קיינער האָט נישט געוואוסט, קיינער האָט נישט געקאָנט זיך פאָרשטעלען, וואָס האָט ווירקליך בעוואוינען דעם קעניג צו געבען אַזוי געשווינד הילף פאַר׳ן רב, אַפילו רבי בערמאַן אַליין האָט נישט געהאַט קיין שום השגה וועגען דעם, וואָס ביים קעניג איז פאָרגעקומען און וואָס עס האָט איהם בעוואויגען צו מאַכען אַזאַ שריט לטובת דעם רב און זיין הויזגעזינד. אָבער דער פירשט לובאָמירסקי האָט געדאַרפט בעקומען אַ כשר׳ע אויפקלערונג וועגען דעם דאָזיגען ענין דורכ׳ן אויבערקאַמערהער, גראַף פאָן ביטשטום.

— גראַף — האָט געשריען פירשט לובאָמירסקי, ווי נור גראַף פאָן ביטשטום איז אַריינגעקומען צו איהם באַלד נאָכדעם, ווי מען האָט דעם רב מיט זיין הויז-געזינד בעפרייט — גראַף! וואָס ערלויבט זיך דער דאָזיגער ביי-געבאַקענער קעניג, דער זאַקסישער אויפגעקומענער פּריץ? צי ווייסט ער דען נישט, אַז איך שטעה אין שפּיץ פון דער פּראַנצויזישער פּאַרטיי? צי ווייסט ער דען נישט, אַז דער קאַרדינאַל פּרימאַס איז מיין ווייב׳ס פעטער? צי וויל ער ווידער פערלירען די קרוין, וועלכע ער האָט נור-וואָס געוואונען? קיין קעניג אין פּוילען האָט זיך גאָר נישט ערלויבט צו בענעהמען זיך אַזוי געגען אַ מאַגנאַט פון לאַנד!

— רוהיג, מײַן פֿירשט — האָט פֿאָן ביטשטום געענטפֿערט — די זאַך איז פֿיל ערנסטער װי איהר מײנט. קודם־כל מוזט איהר װיסען, אַז דאָס, װאָס דאָ איז פֿאָרגעקומען, איז מיט'ן הסכּם פֿון קאַרדינאַל פּרימאַס, װעלכער איז אױף אײַך העכּסט אױפֿגערעגט דערפֿאַר, װאָס איהר האָט געבראָכען די שבועה, װעלכע איהר האָט איהם געגעבען. תּיכּף װי דער יוד בעהרענד...

— זאָל איהם דער טײַװעל נעהמען! איך װעל זיך אָן איהם נוקם־זײַן!

— תּיכּף װי דער יוד בעהרענד האָט די זאַך ערקלערט דעם קעניג האָט דער קעניג געלאָזט רופֿען צו זיך דעם קאַרדינאַל. דער קאַרדינאַל איז אַזױ אױפֿגערעגט געװאָרען געגען אײַך, דאָס ער האָט אײַנגעשטימט אױף אַלץ, װאָס דער קעניג האָט פֿעראָרדענט. ער איז אַלײן אַװעקגעפֿאָהרען אין קלױסטער פֿון די אורזולינערינס, כּדי צו מעלדען אַלץ אײַער פֿריהערדיגער פֿרױ.

— װאָס, מײַן פֿ ר י ה ע ר ד י ג ע ר פֿרױ?

— יאָ, מײַן פֿירשט. זײַן מאַיעסטעט, דער קעניג, פֿערלאַנגט, אַז אײַער חתונה זאָל בּטל װערען. דער קאַרדינאַל האָט דערױף מסכּים געװען.

— און אורזולאַ?

— זי פֿערלאַנגט אַ שײדונג מיט'ן גאַנצען האַרצען.

— די שענדליכע!

— זײַן עמינענץ דער קאַרדינאַל, האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ בּיטע צום פּױפּסט צו שײדען אײַך פֿון אײַער פֿרױ, אָט דאָ האָט איהר די בּיטע. די פֿירשטין אורזולאַ האָט זיך שױן אונטערגעשריבען דערױף און איהר ברױכט זיך אױך אונטערצושרײַבען. דאַן װעט מען שיקען די בּיטע מיט אַ שליח־מיוחד קײן רױם און װי נאָר ער װעט צוריקקומען, װעט מען אײַך בעפֿרײַען.

ביטשטום האָט דערלאַנגט דעם פֿירשט די בּיטע. דער פֿירשט האָט איהר אַ שלײַדער געטהון מיט כּעס פֿון זיך אױף דער ערד.

— איך װעל קײנמאָל נישט אונטערשרײַבען — האָט ער געשריען, שאַפּטשענדיג מיט די פֿיס.

ביטשטום האָט רוהיג אױפֿגעהױבען פֿון דער ערד די בּיטע און געזאָגט:

— בעטראַכט זיך, מײַן פֿירשט! ס'איז דאָס בעסטע און קליגסטע, װאָס איהר קאָנט טהון, אױב איהר װעט אונטערשרײַבען תּיכּף די בּיטע צום פּױפּסט. איהר װעט דאַדורך פֿריהער בעפֿרײַען זיך פֿון אײַער געפֿאַנגענשאַפֿט. איהר האָט אײַער װײַב סײַ־װי־סײַ פֿערלױרען. די חתונה מיט איהר בינדט נאָר אײַך אַלײן און איהר פֿערליערט דאַדורך די מעגליכקײט

נאָך אַ מאָל חתונה צו האָבען. אויך איער פראַנצויזישע פּאַרטיי האָט איהר פערלוירען, ווייל זי פאָלגט יעצט אין אַלץ בלינדערהייט דעם קאַרדינאַל פּרימאַס, וועלכער איז יעצט איער פערביטערסטער פיינד.

דער פירשט האָט זיך אַ וואָרף געטהון, ווי פערניכטעט אין וויין פאָטעל.

— און פונדעסטוועגען וועל איך עס נישט אונטערשרייבען! — האָט ער געזאָגט.

— זייט זיך מיישב — האָט בִיטשטשום געענטפערט — איהר וועט באַלד קומען צום שׂכל. יעצט אָבער הייסט מיר געבען עסען, איך בין הונגעריג ווי אַ וואָלף.

ווי דער לעזער זעהט, איז עס קלאָר, אַז די בעפרייאונג פון ביאַלער רב און זיין משפחה איז געווען אָבהענגיג נישט פון רבי בערמאַנ'ס גרויסער השׂיבות ביים קעניגליכען הויף, ווי אויך נישט פון דער גוטסקייט און איידעלקייט פונ'ם קעניג. אָהן דער תאווה פונ'ם קעניג צו דער פירשטין אורזולאַ וואָלט ער גאָרנישט אויסגעהערט די אָנקלאַגע פון רבי בערמאַנ'ען און ער וואָלט זיך קיינמאָל נישט ענטשלאָסען אַרויסצוטרעטען אַזוי ענערגיש געגען איינעם פון די ערשטע מאַגנאַטען פון דער נור־וואָס בעקומענע מלוכה, לב מלכים ושׂרים ביד ד'—דאָס האַרץ פון די מלכים איז אין ג—ט'ס האַנד. אַפילו די אונרייניגע תאווה פון קעניג האָט געמוזט דינען דערצו, צו ברענגען הילף און רעטונג די בעדריקטע פרומע יודען. לאָמיר שוין זאָגען פאָראויס, אַז פירשט לובאָמירסקי האָט גיך בעשלאָסען אונטערצושרייבען דעם בריעף צום פויפסט, און אַז דער פויפסט האָט ערפילט דעם קעניג'ס וואונש און דער קאַרדינאַל פּרימאַס האָט געשידען מאַן און ווייב און דער קעניג האָט דער פירשטין געגעבען דעם טיטול רייכספירשטין פון טעשין און זי גענומען מיט זיך קיין זאַקסען.

בינו לבינו האָבען דער רב מיט דער רבי'צין אָנגעהויבען זוכען, וואו עס געפינט זיך זייער טאָכטער. קיינער האָט אָבער נישט געקאָנט זיי זאָגען דאָס. מען האָט בכיוון אָבגעהיט זיך נישט צו פרעגען זיך נאָך דעם, ווייל אַ זאַך, וואָס מען ווייס אַליין נישט, וועט מען ממילא קיינעם נישט ענטדעקען. מען האָט נעמליך מורא געהאַט, אַז דער פירשט וועט דעם אָדער יענעם יודען לאָזען פייניגען, כדי צו דערגעהן ביי איהם, וואו די אַנטלאָפענע געפינען זיך. אויך דער יוד, וואָס האָט זיך גענומען פיהרען דעם פערד אין שפּאַן מיט די אַנטלויפענדע, איז צוריק נישט געקומען. וואו אַלזאָ האָט מען געזאָלט אָנהויבען זוכען די אַנטלאָפענע?

—איך מיין,—האָט דער ערשטער פרנס געזאָגט,—אַז רבי משה איז מיט זיין כלה אָבגעפאָהרען קיין בריסק צו זיין מוטער; ערשטענס דערפאַר, וואָס ער וועט דאָרט זיין כלה קאָנען איינאָרדנען אַמבעסטען און צווייטענס, דערפאַר, וואָס דער אויבער־האַר פון בריסק, דער סטאַראָסטא וואָלינסקי איז מיט אונזער פירשט פייער און וואַסער, און דערפאַר האָט מען

נישט וואָס מורא צו האָבען, אַז ער וועט אַרויסגעבען דעם רב'ס טאָכטער דעם פּירשט לובאָמירסקי'ן.

די דאָזיגע מיינונגען האָבען אַלעמען זיך געלעגט אויפ'ן שׂכל, און רבי בערמאַן האָט דעריבער פאָרגעלעגט. אַז מען זאָל תּיכּף שיקען שליחים קיין בריסק. דער רב מיט דער רבי'צין זענען אַזוי געווען אומגעדולדיג צו זעהן ווידער זייער טאָכטער, אַז רבי בערמאַן האָט זיך ענטשלאָסען אַליין צו פאָהרען מיט זיי אין זייער קאַרעטע.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט רבי בערמאַנ'ס טאָכטער זיך אָבגעשטעלט אין בריסק פאַר אַנ'אָרים הײַזעל, וואו עס האָט געוואוינט רבי משה'ס מוטער. ווי-נור די אָנגעקומענע זענען פון דער קאַרעטע אַרויסגעשטיגען, איז רבי משה אַרויסגעלאָפען זיי אַנטקעגען. מיט אַ הויכען געשריי האָט דער רב געוואָרפען זיך צו איהם אַרומצונעהמען, איהם. אָבער רבי משה האָט זיך ביטערליך צעוויינט.

— וואו איז מיין קינד?—האָט די רבי'צין געפרעגט.

— ביילא איז בײַ מיין מוטער אין שטוב,—האָט רבי משה געענטפערט אין טרעהרען.—דאָס אָרימע קינד איז קראַנק, זעהר קראַנק. די שרעק, וואָס זי האָט איבערגעלעבט אין דער שווערער רייזע, וועלכע איך האָב זיך נישט דערוואויגען איבערצורייסען, האָבען פערדערבליך געווירקט אויף איהר געזונדהייט, און זי ליגט יעצט קראַנק.

רבי בערמאַן איז דערווייל אָבגעפאָהרען אין אַנ'אײַנפאָהר-הויז. דער רב און די רבי'צין זענען אַרײַנגעקומען אין שטוב צו זייער קראַנקען קינד.

דאָס יונגע מיידעל איז געלעגען, ווי אַנ'אונטערגעהאַקטע בלום אויפ'ן אייניציגען בעט פון דער אָרימער אלמנה. די יונגע בלום האָט נור-וואָס צו לעבען אָנגעהויבען. אַ ווילדער שטורם האָט איהר געבראָכען, און איהרע צאַרטע בלעטער זענען פערוועלקט געוואָרען.

די רבי'צין האָט אָנגענומען איהר קינד פאַר דער האַנד און בעדעקט זי מיט הייסע טרעהרען. די קראַנקע איז געלעגען אין היץ און האָט פאַנטאַזירט.

— מוטער!—האָט זי גערעדט,—בעשיץ מיך. היינט איז מיין חתונה-טאָג. טאַטע, בעשיץ מיך! דער פּירשט קומט, דער בייזער, דער ווילדער! טויט איהם, דערשלאָג איהם, רבי משה, אָט אַזוי, גיב אַ גוטען קלאַפּ! בעסער שטאַרבען, איידער אַרײַנפאַלען אין די הענד פון שלעכטע מענשען.

— מיין קינד, מיין אָרים קינד!—האָט דער רב זיך צעוויינט.

ביילא האָט געעפענט די אויגען, וועלכע זי האָט געהאַלטען פערמאַכט ביז דאַן. די היץ-רויטקייט איז פערשוואונדען פון איהר פּנים. זי האָט דערקענט די עלטערן אַרום איהר בעט.

— טאַטע, מאַמע,—האָט זי געזאָגט,—ווי דאַנק איך דעם אויבערשטען, וואָס איך האָב נאָך דעם זכות אייך צו זעהן כאָטש איין מאָל, איידער

איך וועל שטאַרבען!

— דו וועסט לעבען, מיין גאָלד-קינד, מיין האַרץ-בלאַט,—האָט די מוטער געזאָגט,—דו וועסט ווידער געזונד ווערען און לעבען!

— אָה, איך וואָלט עס געוואָלט,—האָט די קראַנקע געענטפֿערט,—פֿון אייערטוועגען וואָלט איך עס געוואָלט, פֿאַר אַלע די, וואָס ליבען מיך, וואָלט איך געוואָלט לעבען. אָבער איך שפּיר, אַז דער אויבערשטער האָט עס בעשלאָסען אַנדערש. לעבט וואויל, טייערע עלטערן, גריסט די ברידער אין דערהיים; און דו, מיין טייערער טאַטע, פֿערגעס נישט מיין חתן און בעצאָהל איהם פֿאַר זיין גאַנצער ליבשאַפֿט, וואָס ער האָט מור אַרויסגעוויזען און ווי ער האָט זיך מוסר-נפֿש געווען פֿון מיינעטוועגען. געהן וואָלט איך איהם בעצאָהלט פֿאַר אַלץ, אָבער דער אויבערשטער האָט עס אַנדערש געוואָלט. רופֿט איהם נישט אַריין, ס'וועט מיר שווער זיין צו געהן פֿון איהם אָבשיידען. גריסט איהם פֿיעל טויזענדער מאָל.

און זי האָט די אויגען צוגעמאַכט. זי האָט ווידער אָנגעהויבען רעדען פֿון היץ. צום דעת איז זי שוין מעהר נישט געקומען. דריי טעג שפּעטער האָט מען איהר מקבר געווען אויפ'ן בריסקער בית-עלמין.

רבי הירש חריף און זיין פֿרוי, די רבי'צין, זענען פֿערבליבען נאָך אַ וואָך צייט אין בריסק, וואו זיי זענען שבעה געזעסען. רבי בערמאַן איז אָבגעפֿאָהרען צוריק קיין וואַרשא.

---

# 16) א רב פֿאַר האַלבערשטאַדט.

ווי נור דער רב מיט דער רבי'צין זענען געקומען צוריק קיין ביאַלע, זענען אַהין אָנגעקומען שליחים פֿון מינסק. אין דער דאָזיגער גרויסער קהלה איז לעדיג געוואָרען דער כסא-הרבנות און וויל מען האָט שוין יעצט געגלויבט, אַז פֿאַר רבי הירש חריף וועט שוין אוממעגליך זיין צו פֿערבלייבען רב אין ביאַלע אונטער דער הערשאַפֿט פֿון פֿירשט ראַדזיוויל, האָט מען געוואָלט אויסנוצען די געלעגענהייט, כדי צו בעקומען דעם גרויסען גאון פֿאַר אַ רב אין מינסק. רבי הירש האָט אָבגעלעגט דעם ענטפֿער אויף אַ פּאָר טעג, כדי גוט מיישב צו זיין זיך, און אָט איז אויף מאָרגען געקומען אַ נייע דעפּוטאַציע: די גרויסע קראַקויער קהלה האָט געשיקט שליחים מיט אַן אייַנלאַדונג אויף דעם דאָרטיגען כסא-הרבנות. דאָס איז שוין געווען אַ פֿיעל העכערע שטעלע, ווי מינסק, וויל די קראַקויער רבנות איז געווען בעריהמט מיט אַזעלכע גרויסע גאונים, ווי דער רמ"א זצ"ל, דער רבן של כל בני הגולה, פֿון וועלכען רבי הירש חריף האָט געשטאַמט. פֿאַר'ן ביאַלער רב איז, פֿערשטעהט זיך, נישט געווען קיין פֿראַגע, וואוהין בעסער צו פֿאָהרען, צי אין מינסק, צי אין דער גרויסער און אַלטער קהלת קראָקא; אָבער אָט זענען פּלוצלונג אָנגעקומען אויך שליחים פֿון לעמבערג.

דער דאָרטיגער רב איז שוין געווען אַלט און שוואַך און ער האָט אַליין זיך געוואָלט אָבזאָגן פון כסא הרבנות, כדי מען זאָל קאָנען איינלאַדען רבי הירש הריף אויפ'ן כסא הרבנות, וואָס זיין פאָטער האָט פריהער גע-האַט פאַרנומען. אין לעמבערג האָט רבי הירש פערבראַכט זיין יוגענד און זיין פאָטערס ירושה אין דער רבנות איז דאָך אויך געווען אַ גרויסע זאַך. פאַר רבי הירש איז אַלזאָ געווען זעהר לייכט צו ענטשליסען זיך פאַר'ן כסא-הרבנות אין לעמבערג.

אָבער וועהרענד רבי הירש האָט געהאַלטען אין מיישב זיין זיך, איז צו זיין הויז צוגעפאָהרען אַ שיינע קארעטע, און פון איהר איז אַרויסגע-שטיגען רבי בערמאַן.

דער רב האָט זיך געאיילט צו געהן איהם מקבל פנים זיין.

— מיין רעטער, מיין וואוילטעטער! — האָט ער אויסגערופען — ברוך הבא! זעגט מיר הערצליך געגריסט! איהר זענט ביי מיר יעצט בעזונדערס דערפאַר אַ טייערער אורח, וואָס איך ברויך צו האָבען אייער עצה.

— מיט'ן גאַנצען האַרצען בין איך גרייט אייך צו דינען, רבי — האָט רבי בערמאַן געענטפערט, און, אַזוי רעדענדיג, איז ער אריינגעקומען מיט'ן רב אין עס-צימער, וואו די רבי'צען האָט געשווינד געגרייט צום טיש, כדי מכבד צו זיין דעם גרויסען אורח.

נאָכדעם, ווי רבי בערמאַן האָט עפּיס-וואָס איבערגעביסען, האָט דער רב געזאָגט:

— דער אויבערשטער שיקט מיר צו אַ טרייסט אין מיינע יסורים. פון אַלע זייטען בעמיהט מען זיך מיר אַרויסצואווייזען ליעבשאַפט און כבוד. אייגענטליך האָב איך זיך געהאַט בעשלאָסען נישט צו פערלאָזען ביאַלע קיינמאָל, ווייל דאָ האָב איך געקאָנט רוהיג זיך אָבגעבען מיט'ן למוד התורה. אָבער צוליעב דער שרעקליכער מעשה מיט'ן ביאַלער פּירושׁ, קאָן איך שוין דאָ מעהר נישט פערבלייבען. און אָט האָט מען מיר פאָרגעלעגט די רבנות אין מינסק; קראָקא וויל מיר אָבגעבען דעם כסא-הרבנות פון מיין עלטער-זיידען, דעם רמ"א ז"ל, און לעמבערג פאָדערט מיך איבערצו-נעהמען מיין פאָטערס כסא-הרבנות. גיט זשע מיר אַן עצה, מיין לעבענס-רעטער, ווי אַזוי זאָל איך זיך בעשליסען צו טהון?

— איך טאָר אייך, רבי, דאָ קיין עצה נישט געבען, ווייל איך בין אַ נוגע בדבר און קאָן נישט זיין אונפאַרטייאיש. איך בין היינט בכיוון אַהער געקומען צו אייך, רבי, כדי אייך צו בעטען צו ווערען רב ביי אונז אין האַלבערשטאַדט. איך ווייס, ס'איז אַ גרויסער קרבן פון אייער זייט, ווען איך פערלאַנג עס פון אייך: פאָהרען אין אַ פרעמד לאַנד, אין אַ זייטער געגענד, צווישען פרעמדע מענשען! אָבער איך האָב מיך געטראַכט אַזוי: פון ביאַלע מוזט איהר אַרויספאָהרען און האַלבערשטאַדט וואָלט דאָך געווען אַנ'אָרט פון אַ רוהיג לעבען פאַר אייך. נאָכדעם אָבער, ווי איך הער פון אייך, אַז מען לעגט אייך פאַר דעם כסא-הרבנות און די גרעסטע קהלות

פון אייער איינענעם לאַנד, מוז איך זיך אָבזאָגען פון מיין פערלאַנג. וואָס איז דען האַלבערשטאַדט געגען מינסק, לעמבערג, אָדער קראָקא? און די דאָזיגע שטעדט וואויגען אין איין גאַס מעהר יודען, ווי אין גאַנץ האַלבערשטאַדט און מעהר לומדים, ווי אין אונזער גאַנצער סביבה. אמת, בנוגע געלד וועט מיר מיט ג-ט'ס הילף לײַכט זיין אייך פיעל בעסער צו צאָהלען, ווי אַחעלכע-עס-איז קהלה אין פוילען, אָדער אַפילו ווי די גרעסטע פון זיי. אָבער ווי געזאָגט, איך מוז זיך אָבזאָגען פון מיין פּלאַן, אַז איהר זאָלט זיך דאַרפען אָבזאָגען פון אַזעלכע גלענצענדע אויסזיכטען אין גרויסע קהלות צוליעב מיין האַלבערשטאַדט.

דעם רב'ס פנים האָט פּלוצלונג אָנגעהויבען שיינען.

— רבי בערמאַן—האָט ער געזאָגט—איך געה מיט אייך קיין האַלבערשטאַדט.

— איהר ווילט?

— איך וויל. זעהט, איהר פערשפּאָרט מיר אַ גרויסען קאַמף. זאָל איך זיך דען אָבזאָגען פון קראָקא, וואו ס'איז געזעסען אויפ'ן כסא הרבנות מיין עלטער-זיידע, זכותו יגן עלינו, פון לעמבערגס וועגען? אָדער אפשר אָבזאָגען זיך פון לעמבערג, וואו מיין פאָטער זכרונו לברכה איז רב געוועזען, צוליעב קראָקא? צו געהן אָבער זיין רב אין האַלבערשטאַדט פאָדערט מען דאַנקבאַרקייט געגען אייך. איהר האָט מיר געראַטעוועט דאָס לעבען, מיין לעבען געהערט אייך.

— וואָס איך האָב פאַר אייך געטהון, איז געוועזען איינפאַך מיין חוב. איך וואָלט עס געטהון פאַר יעדען פּראָסטען יודען. קיין דאַנק קומט מיר נישט דערפאַר און איך פערלאַנג נישט קיין דאַנק. אָבער אייער פערשלאַג נעהם איך אָן, נישט פון מיינעטוועגען, נאָר לטובת מיין קהלה און כדי צו דערפילען מיין געגעבענע הבטחה אַראָבצוברענגען אַ גרויסען רב. אַלזאָ, מזל טוב! מיט גליק! זאָל אייך דער אויבערשטער געבען מזל און ברכה און איהר זאָלט לאַנגע יאָהרען מרביץ תורה זיין אין מיין געבורטס-שטאָדט און זאָלט מאַכען פון אונזער קהלה אַ עיר מלאה חכמים וסופרים, אַ שטאָדט פון לומדים און יראים ושלמים.

ביידע זיינען האָבען זיך אַרומגענומען.

— אָבער—האָט רבי הירש געזאָגט—איך האָב נאָך איין תנאי צו שטעלען.

— אָה, זאָגט, און אויב דאָס איז נור אין מיין מאַכט, וועל איך עס געוויס ערפילען.

— רבי משה בריסקער האָט נישט געקאָנט חערען מיין אייגדעם. דער אויבערשטער האָט עס נישט געוואָלט, אָבער איך האָב איהם ליעב, ווי מיין איינענעם זוהן און איך קאָן גאָר אָהן איהם נישט אויסקומען. ער מאַכט ליעבענג מיינע אויגען דורך זיין בקיאות און העלפט מיר אין מיין רבנות.

— ער זאָל אויך פאָהרען מיט אונז. ער וועט בײַ אונז אין האַלבערשטאַדט דיין ווערען.

— בתנאַי, אויב ער וועט נור וועלען.

— און ווען ער וויל ניִשט?

— דאַן מוזט איהר מיך בעפרײַען פון מײַן הבטחה; איך קאָן זיך ניִשט שײַדען פון רבי משה'ן.

מען האָט אַרײַנגערופען רבי משה'ן.

— מײַן זוהן—האָט רבי הירש ח״ית געזאָגט—רבי בערמאַן, מײַן דעַבענס-רעטער און וואוילטעטער, לעגט מיר פאָר דעם כסא-הרבנות אין האַלבערשטאַדט. איך האָב דעם פאָרשלאַג אָנגענומען, אָבער בתנאַי, אַז דו וועסט אויך אײַנשטימען מיט מיר אַהין צו געהן. ווילסטו פאָהרען מיט מיר און ווײַטען לאַנד אַרײַן?

רבי משה האָט געענטפערט מיט די ווערטער פון רות:

— רבי—האָט ער געזאָגט—וואוהין דו געהסט, וויל איך אויך געהן; וואו דו וועסט געכטיגען, וועל איך אויך געכטיגען; דײַן פאָטערלאַנד איז מײַן פאָטערלאַנד, ווי דײַן ג-ט איז דאָך אויך מײַן ג-ט. וואו דו וועסט שטאַרבען, וויל איך דאָרט אויך שטאַרבען און קומען צו קבר-ישראל.

— אַלזאָ ווינש איך דיר: „מזל טוב!—האָט דער רב געזאָגט.—רבי בערמאַן בעשטימט דיך אַלס דיין אין האַלבערשטאַדט.

— איך דאַנק איך, רבי בערמאַן,—האָט דער יונגער תלמיד-חכם געזאָגט—אָבער דאָס איז גאָר איבריג, דען איך וואָלט אַהן דעם אויך ניִשט פערלאָזען מײַן רבי'ן.

אַ טרויעריגער אָבשײַד איז עס געווען, ווען רבי הירש האָט מיט זײַן משפחה פערלאָזען ביאַלע, די גאַנצע קהלה האָט בעגלײַט מיט אַ געוויין דעם געליעבטען רב מיט זײַן הויז-געזינד.

אָבער פיעל גרעסער ווי דער טרויער אין ביאַלע, איז געווען די שמחה אין האַלבערשטאַדט, ווען ס'איז דערהאַלטען געוואָרען די ידיעה, אַז רבי בערמאַן פאָהרט צוריק און ער ברענגט אַ רב, אַ גדול בישראל, ווי ... כען ער האָט אָבגעשלאָגען בײַ אַזעלכע גרויסע קהלות, ווי מינסק, ... בערג און קראָקא. אין אַלע יודישע גאַסען אין האַלבערשטאַדט זענען ג... שטאַגען רעדלעך יודען און האָבען אָנגעזאָגט אײַנער דעם אַנדערן די גרויסע בשורה. מען האָט אָבגעהאַלטען אַן'אַסיפה רבה און בעטראַכט די פראַגע, ווי אַזוי מקבל-פנים צו זײַן דעם גרויסען רב. מען האָט ענדליך בעשלאָסען אויפצובויען אַ טריאומף-טויער אויפ'ן וועג, וואו דער רב דאַרף אַרײַנפאָהרען אין שטאָדט. מען האָט תיכף געשיקט אַ דעפוטאַציע צום בירגערמײַסטער און געבעטען איהם, אַז ער זאָל ערלויבען אויפצובויען אַזאַ טויער.

— אײַער קינפטיגען רב—האָט דער בירגערמײַסטער געזאָגט—קען איך

בישט. איך קאָן אויך ניט אורטיילען וועגען זיין גרויסער געלעהרטקייט,— אָבער פאַר אייער בעהרענד לעהמאַן—רעספּעקט! ער האָט געהאַט אַ געשפּרעך מיט'ן קורפירשט און מיט דער קורפירשטין, ווי ער וואָלט געווען זייער גלייכען. פאַר זיין כבוד מעגט איהר פון מיינעטוועגען אויסבייען אַ פּריוואַט-טויער און זאָל ער אַריינפאָהרען מיט'ן רב צוזאַמען.—און ווי האַלט עס מיט אייער שמחה. ווערט זי באַלד פערטיג ווערען?

— באַלד, הערר בירגערמייסטער — האָט געענטפערט רבי בונם, איינער פון די פרנסי הקה"ק.—מיר האָפען, אַז איהר וועט אונז בעעהרען מיט אייער נענענוואַרט אויפ'ן חנוכת-הבית.

— יאָ, מיט'ן גרעסטען פערגניגען ערוואַרטען מיר, אַז אייער יועניגקייט זאָל אונז בעעהרען. דערמיט — האָט געזאָגט דער צווייטער פרנס, רבי וואָלף פראַנגער.

— וואָס הייסט „מיט מיין וועניגקייט"?—האָט דער בירגערמייסטער זיך פערוואונדערט.

— יאָ,—האָט וואָלף פראַנגער געזאָגט—אייער וועניגקייט! מען זאָגט דאָך שטענדיג „מיין וועניגקייט", ווען מען וויל זיין העפליך.

דער בירגערמייסטער האָט זיך צולאַכט אויפ'ן קול.

— יאָ!—האָט ער געזאָגט—מיין וועניגקייט וועט קומען, ווען אייער „פיעלהייט" וועט מיך איינלאַדען.

אויפ'ן וועג צוריק אַהיים האָט רבי בונם געמאַכט אַ ביטערען פאָרוואורף זיין חבר פאַר זיין פלוידערייַ. וואָלף פראַנגער אָבער האָט געזאָגט:

— זייט מוחל, רבי בונם, לערנען קאָנט איהר אפשר מעהר פאַר מיר, אָבער בנוגע דרך-ארץ און העפליכקייט, ווי איך אַ גוטען מאָן—דאָס מיין איך בעסער פאַר אייער וועניגקייט!

# 17) קבלת-פנים פאַר א רב.

דאָס איז געווען אַנ'אמת'ער יום-טוב פאַר האַלבערשטאַדט, ווען ס'איז ענדליך געקומען דער לאַנג - ערוואַרטעטער טאָג, וואָס האָט געבראַכט די גרויסע נעס אין שטאָדט אַריין! ביים בירקהאַרד-טויער האָט מען געהאַט אויפגעבוים אַ טריואומף-בויגען, און כמעט אַלע איינוואוינער פון שטאָדט, יודען ווי קריסטען האָבען זיך פערזאַמעלט, די ערשטע,—כדי מקבל-פנים צו זיין דעם גרויסען גאַסט, דעם גאון הדור, וועלכער קומט-אַראָב אויף דער רבנות, און די צווייטע,—כדי צו זעהען אַ יודישע שמחה. דאָ זענען געשטאַנען די זקנים און פרנסים פון דער קהלה, די גבאים און חשובים, די מלמדים מיט זייערע תלמידים. די לעהרער מיט זייערע שילערינס. ווען די קאַרעטע, אין וועלכער ס'איז געפאָהרען דער רב מיט'ן קעניגליכען רעזידענט, איז געפאָהרען דורכ'ן טריואומף-בויגען, האָבען זיך דערהערט אויס-

רופֿען „יחי רבנו!" פֿון אַ מיליאָנען-קעפּיגער מחנה, ווײַל אַז'יך די קינדערלעך האָבען מיטגעהאָלפֿען אין די אויסרופֿען אויף זייער שטייגער. דער רב און דער רעזידענט זענען אַרויסגעשטיגען פֿון דער קאַרעטע און אָט איז דער רב אַרויסגעטראָטען פֿאַר'ן גרויסען עולם, און אַ ייִנגעלע איז פֿון עולם צו איהם צוגעגאַנגען, כּדי צו באַגריסען איהם. דאָס ייִנגעלע האָט געהייסען עקיבא אייגער,—דער באַוואוסטער שפּעטערדיגער גאון-הדור און פּאר ישראל. ער איז געווען דער זוהן פֿינ'ס פּרנס רבי בונם. מיט זײַן ספֿר „משנת רבי עקיבא" איז ער שפּעטער מפֿורסם געוואָרען בכל תּפֿוצות ישראל. נפֿטר געוואָרען איז ער עד אַלס פּרעשבורגער רב אין מיטען דעם 18-טען יאָהר-הונדערט. זײַן אייניקעל רבי עקיבא אייגער, אַ זוהן פֿון זײַן עלטערער טאָכ-טער, איז געווען רב אין פּויזען און נאָך עד-היום לעבט זײַן אָנדענקען בײַ די דאָרטיגע עלטערע יודען. דער יונגער עקיבא האָט שוין אַלס קינד זיך אויסגעצייכענט מיט זײַן גײַסט און חריפֿות, און מען האָט איהם דע-ריבער אויסגעקליבען צו באַגריסען דעם רב. ער האָט פֿאָרגעלעזען אַ העב-רעאישען שיר, וועלכען ער האָט אַליין מחבר געווען; רבי בערמאַנען האָט ער גערימט אַלס אַ צווייטען רבי מנשה בן ישראל, אַלס אַ באַשיצער און וואוילטעטער פֿון זײַן פֿאָלק. ער האָט אויסגערעכענט די פֿיעל מעשים-טובים וואָס רבי בערמאַן האָט אויפֿגעטהון, ווי ער האָט געלאָזט אויפֿבויען די שוהל, געדרוקט דעם תּלמוד און נאָך פֿיעל אַנדערע מעשים-טובים. די גרעסטע זאַך רבי בערמאַנ'ס האָט ער אָבער געלויבט, וואָס ער האָט אַראָפּ-געבראַכט אַ גרויסען רב, וועלכער וועט באַגרינדען די גרויסקייט פֿון דער קהלה אויף אייביג, דען ער וועט דאָ גרינדען אַ ישיבה פֿאַר'ן למוד התורה, כּדי צו פֿערפֿלאַנצען יראת-שמים, און דאָס וועט הונדערטער יאָהרען לאַנג ברענגען שיינע פֿרוכטען.

— טאָ זײַ זשע אונז געגריסט—האָט דאָס יונגעל געענדיגט זײַן רע-דע צום רב,—ברוך תּהיה בבואך, דו גרויסער לעהרער אין ישראל, דו מעכטיגער אָדלער, וועלכער לאָזט זיך אַראָפּ אַהער, כּדי דאָ אַ שטאַרקע נעסט צו בויען! מיר באַגריסען דיך אַלס אונזער פֿאָטער, גאַרענדיג צו שעפּען פֿון דעם קוואַל פֿון דײַן חכמה. הלוואַי זאָלסטו לאַנגע יאָהרען זײַן בײַ אונז און ווערען פֿאַר אונז אַ ברכה, ביז דער צײַט, ווען דער אויבער-שטער וועט ווידער צוזאַמענקלײַבען און זאַמלען זײַנע פֿערשפּרייטע און באַוויינטע קינדער פֿון אַלע עקען וועלט!"

אַ דונערענדיגער „אָמן" האָט אַ הילך געטהון, ווען דאָס יונגעלע האָט זײַן באַגריסונג געענדיגט. כאָטש די גאַנצע רעדע איז געווען אין העברע-איש און נישט אַלע יודען האָבען זי פֿערשטאַנען, האָבען דאָך אַלע גע-שפּירט איהר אינהאַלט, ווײַל דאָס יונגעלע האָט גערעדט מיט אַזאַ וואַ-רים געפֿיהל, אַז מען האָט אין זײַנע אויגען געלעזען דאָס, וואָס ער מיינט צו זאָגען.

יעצט האָט דער רב גענומען דאָס וואָרט. ער האָט גערעדט יודיש און אַלע האָבען זיין שפּראַך פערשטאַנען.

— רבותי, מיינע העררען—האָט ער געזאָגט—איך דאַנק אייך פאַר אייער הערצליכען קבלת־פּנים, וואָס איהר האָט געמאַכט פאַר מיר. איהר האָט בעסער גישט געקאָנט דערפרייען מיך, ווי דאָס, וואָס איהר האָט מיך געלאָזט בעגריסען אַזוי שען דורך אַ יונגעלע. אַ קהלה, וואָס האָט אַזאַ יונגעלע, איז ווערט צו דערהאַלטען איהר נאָמען אין ישראל און וואָס איך קאָן דערצו מיטווירקען מיט מיינע שוואַכע כחות, וועל איך גערן טוהן. איך פּיהל, אַז דער אויבערשטער וועט דאָ אַריינשיקען אַ מזל־ברכה אין מיינע מעשים; ער וועט מיר צושיקען תלמידים, וואָס וועלען פערשפּרייטען דעם למוד התורה אין גאַנצען היגען קאַנט. מיינע פריינד! איך בין געקומען אַהער פון אַ ווייט לאַנד מיט אייער גרויסען און בעריהמטען יודען, מיט רבי בערמאַן. איהר האָט דאָך שוין מסתם געהערט, אַז איך פערדאַנק איהם מיין פריהייט און לעבען. איך וואָלט מיט איהם געגאַנגען, וואוהין נור ער וואָלט פערלאַנגט, אַפילו אויך אין אַ מדבר, אין אַן אומבעוואוינט לאַנד. וואו די הייליגע זריעה פון דער תורה איז נאָך נישט פערזייהעט און האָט נאָך דאָרט נישט געקאָנט אויפוואַקסען. יעצט אָבער... ערלויבט מיר צו דערמאָהנען אייך אַ מדרש רבה, איהר ווייסט דאָך, אַז די שירה, וואָס די יודען האָבען געזונגען אויפ'ן ים ביים אַרויסגעהן פון מצרים, הויבט זיך אָן מיט „אָז", ווייל מיט „אָז" האָט ער זיך געקלאָגט, דעריבער האָט ער מיט „אָז" געוואָלט אָבגעבען אַ שבח צום רבונו של עולם. מיינע ברידער, וואָס איז אייגענטליך דער געדאַנק פון'ם דאָזיגען מאמר חז"ל? איך וויל עס אייך ערקלערען. דער אויבערשטער האָט געשיקט משה'ן קיין מצרים צום מלך פרעה פאָדערען די בעפרייאונג פון פאָלק ישראל. אַנשטאָט דער געהאָפטער פריהייט, ווערען די נגישות און פורעניות נאָך שטאַרקער. משה האָט זיך בעקלאָגט פאַר ג—ט: „ומאָז" באתי לדבר אל פרעה, הרע לעם הזה". דער אויבערשטער אָבער האָט איהם דערויף געענטפערט: „האָב נור אַביסעל געדולד, דו וועסט שוין זעהן מיין הילף. און משה האָט געהאַט אמונה אין ג—ט און טאַקי באַלד נאָכדעם איז געקומען די הילף און די גאולה פון פאָלק ישראל. אָבער ביים ים־סוף זענען יודען ווידער געווען אין אַ שרעקליכער לאַגע: הינטער זיי איז געווען דער שונא, וואָס האָט זיך געיאָגט נאָך זיי, אויף ביידע זייטען—הויכע פעלזען און פאַר זיי—דער ים. יעצט אָבער האָט שוין משה נישט געקלאָגט זיך, נאָר ער האָט געוואַרט מיט בטחון אויף דעם אויבערשטען'ס הילף און ווען די הילף איז געקומען און די בני ישראל זענען טרוקען אַריבער דעם ים, זייערע נאָכיאָגער אָבער זענען דאָרט אומגעקומען, דאַן האָט משה דאָס ליעד—די שירת הים—געזונגען, וואָס הויבט זיך אָן מיט „אָז" און דערמיט האָט ער געוואָלט זאָגען: רבונו של עולם, קיינמאָל וועל איך שוין מעהר נישט מיאש זיין זיך

זײַן דײַן הילף און װי שלעכט עס זאָל מיר נישט זײַן, װעל איך שטענדיג זיכער זײַן, אַז דו װעסט קומען מיט דער בעפרײַאונג און רעטונג. אויף אַזאַ אופן איז פאָרגעקומען אויך מיט מיר, מײַנע פרײַנד: די גרויסע נויט, אַלע יסורים און ענוים, אַלץ, װאָס דער אויבערשטער האָט אויף מיר אַראָפּגעשיקט, אַלץ איז געװאָרען פאַר מיר אַ ישועה און רעטונג, אַ ברכה והצלחה. אָט האָט מיך דער אויבערשטער געבראַכט אין אײַער קהלה קדושה, אין װעלכער עס זענען פאַרהאַן קינדער, װי אָט דער עקיבא אײַנער, און עלטערע יודען, װי רבי בערמאַן! װי זאָל איך דאַנקען דערפאַר דעם אויבערשטען? יאָ, איך װעל מיט אײַך לערנען דאָס ביסעלע, װאָס איך חיים, איך װיל אײַך זײַן אַ פרײַנד און אַ יועץ! איהר זאָלט מײַנע קינדער זײַן. איך װיל אײַך ליעב האָבען, װי אַ פאָטער ליעבט זײַנע קינדער.

דער רב האָט געמוזט אויפהערען צו רײדען; טרעהרען האָבען זיך געגאָסען פון זײַנע אויגען און האָבען זײַן שטימע פערשטיקט. אַלע אָנװעזענדע האָבען געװײנט פון גרויסער רירהונג.

יעקב איז אַרויסגעטראָטען דער אָבערבירגערמײַסטער מיט אַ בעגריסונג.

— העדר ראַבינער—האָט ער געזאָגט, דערלאַנגענדיג דעם רב די האַנד—איך בעגריס אײַך אין נאָמען פון דער שטאָדט. אמת, איך האָב נישט אַלץ פערשטאַנען, װאָס איהר האָט געזאָגט, אָבער דאָס, װאָס איך האָב יאָ פערשטאַנען, איז געװען גוט. אויך איהר העדר בערמאַן זענט מיר בעגריסט. װי איך הער, האָט איהר דערגרײכט צו אַ גרויסען כבוד, איהר זענט געװאָרען קעניגליכער רעזידענט. איהר פערדינט עס בעסער פאַר אַלעמען! אָבער זאָגט, װאָס פאַר זאַכען האָט איהר דאָרט פערפאַקט אין דער צװײטער קאַרעטע?

— דאָס זענען מאַרמאָרנע סלופּעס—האָט רבי בערמאַן געזאָגט—איך האָב עס געלאָזט ברענגען פון רוסלאַנד. אויף זײ װעט זיך האַלטען אונזער אָרון-הקודש.

אַלע האָבען זיך אַ לאָז געטהון בעטראַכטען די סלופּעס. רבי בערמאַן האָט נעלאָזט אַראָבנעהמען די הילע, און פאַר די אויגען פון די פערזאַמעלטע זענען ערשינען די פּראַכטפולע מאַרמאָרנע סלופּעס. אַזאַ זאַך האָט נאָך קײנער דאָ אין האַלבערשטאַדט נישט געזעהען! און דערצו נאָך האָט זײ צוגעגעבען אַ בעזונדערען חן דאָס, װאָס מען האָט זײ אַראָבגעבראַכט פון אַזאַ װײַטע לאַנד. דער עולם האָט זיך נישט געקאָנט זאַט אָנװאונדערן, קוקענדיג אויף זײ. די סלופּעס זענען אָבער װירקליך געװען שײן און װען דו, ליעבער לעזער, װעסט אַמאָל קומען קײן האַלבערשטאַדט, זאָלסטו זעהן צו מאַכען אַ בעזוך אין דער גרויסער שוהל, װעסטו דאָרט זיך אַלײן איבערצײַגען, װי שײן די סלופּעס זענען, אויף װעלכע עס שטעהט דער אָרון הקודש שוין העכער 170 יאָהר.

װעהרענד די האַלבערשטאַדטער האָבען בעװאונדערט די מאַרמאָרנע

ס־ופּעם, האָבּן די פּרנסים אַרײַנגעפֿיהרט דעם רב מיט זײַן הויז־געזינד, ווי אויך רבי משה בּריסקער אין זײַן צוגעגרייטער וואוינונג. רבי בּערמאַן אָבּער איז אַוועקגעגאַנגען אין זײַן אייגענעם הויז, וואו די פֿרוי און די טעכטער האָבּען איהם אויפֿגענומען מיט דער גרעסטער ליעבשאַפֿט און פֿרייד.

נאָכדעם, ווי די ערשטע בּעגריסונגען זענען אַריבּער און רבי בּערמאַנ'ס שוועהר, רבי יואל, האָט אָבּגעגעבּען אַ בּעריכט וועגען די עסקים אין דערהיים און רבי בּערמאַנ'ס אָבּוועזענהייט, איז רבי בּערמאַנ'ס יונגסטע טעכטער'ל, ריוועלע, צוגעגאַנגען צום פֿאָטער און האָט געפֿרעגט:

— עזריה איז אויך געקומען מיט דיר?

דער פֿאָטער האָט מיט פֿערגניגען בּעטראַכט זײַן רויט־געוואָרענע טאָכטער.

— ער וועט קומען ערשט מאָרגען—האָט ער געזאָגט. — ער איז געפֿאָהרען איבּער דרעזדען, דען ער האָט נאָך דאָרט געדאַרפֿט אויספֿיהרען עפּעס אַ שליחות.

און ווען עזריה איז אויף צומאָרגענס געקומען, איז דאָס פֿאַר ריוועלע'ן געוועזען אַזאַ פֿרייד, ווי דער טאָג פֿריהער פֿאַר דער קהלה. נאָר עזריה האָט זיך געהאַלטען פֿון דערווײַטען פֿון זײַן וואוילטעטער'ס טאָכטער, דען ער האָט זיך גאָרנישט ערלויבּט צו דערהויבּען די אויגען צו דער טאָכטער פֿונ'ם גרויסען קצין און קעניגליכען רעזידענט. אָבּער דער קלוגער רבי בּערמאַן, וועלכער האָט אַנ'אויג פֿאַר אַלץ, האָט בּעמערקט זײַן טאָכטער'ס נטיה צו עזריה'ן און עזריה'ס האַלטען זיך פֿאָרזיכטיג אָן אַ זײַט. נאָר רבי בּערמאַן האָט וועגען דעם קיין רייד נישט געמאַכט און אַפֿילו נישט אַרויס־געוויזען, אַז ער בּעמערקט עטוואָס. צי האָט ער געהאַט בּדעה צו שטערען זײַן טאָכטער, אָדער פֿערקעהרט—צו ערפֿילען איהר ווילען?..

דערווײַל אָבּער האָט רבי בּערמאַן געפֿײַערט די חתונה פֿון זײַן עלטערער טאָכטער מיט גרויס פּאַראַד. אָבּער שוין אויף מאָרגען נאָך דער חופּה, איז געקומען אַ שליח מיוחד מיט אַ פֿאָדערונג פֿון פּוילישען קעניג, אַז דער רעזידענט זאָל תּיכּף קומען אין קעניגליכען הויף אין דרעזדען. די פּוילישע קרוין און איהר בּלאַסק האָבּען זיך פֿערהילט אין פֿינסטערע וואָלקענס.



## 18) דער יוד נעהמט ראַטעווען דעם קעניג.

אין צפון־אייראָפּא געפינט זיך אַ מלוכה, וועלכע איז אין דער צייט פון אונזער ערצעהלונג געשטאַנען אין שפּיץ פון איהר מאַכט און האָט געהערט צו די איינפלוסרייכסטע מלוכות אין אייראָפּא. בשעת׳ן דרייסיג־יעהריגען קריעג האָט שוועדען צוערשט זיך אַריינגעמישט אין די אייראָפּעאישע פערהעלטעניסען און פון דאַמאָלס אָן האָט איהר מאַכט זיך פערגרעסערט. דענעמאַרק, רוסלאַנד און פּוילען האָבען שוין אַ יאָהר פופציג לאַנג געקוקט מיט קנאה אויף דער גדלות, צו וועלכער שוועדען האָט דערגרייכט. דענעמאַרק האָט שוין צוויי מאָל זיך נעהאַט גענומען פאַר׳ן געווער, כדי צו פיהרען מלחמה געגען שוועדען, אָבער ביידע מאָל איז זי דערין געשטערט געוואָרען דורכ׳ן געטרייען פערבונדעטען פון שוועדען, דורך פראַנקרייך. אויך דער צאַר אַלעקסיי מיכאַילאָוויטש האָט זיך אַרומגעטראָגען מיט אַ פּלאַן צוצונעהמען ביי שוועדען נאַרוואַ און אינגערמאַנלאַנד, און פּוילען האָט איהרע מלכים תמיד פערפליכטעט בײַם אויסקלייבען זיי, אַז זיי זאָלען צוריק אויסקעמפען די לענדער, וועלכע מען האָט ביי פּוילען אָבגעריסען; דאָס האָט זיך בעצויגען בעזונדערס אויף ליפלאַנד, וועלכע פּוילען האָט אין שלום פון אָליוואַ געהאַט אָבגעטראָטען צו שוועדען.

יעצט האָט דער אויגענבליק אויסגעוויזען צו זיין גינסטיג, צו דערנידריגען, אָדער לפחות אָבשוואַכען שוועדען. פראַנקרייך, שוועדענס געטרייער פערבונדעטער, איז פערוויקעלט געווען אין דער מלחמה וועגען דער ירושה פון דער שפּאַנישער קרוין, און דעריבער האָט זי ניט געקאָנט שטיצען שוועדען; זי האָט זיך אַליין נעדאַרפט פערטיידיגען געגען ענגלאַנד, עסטרייך און האָלאַנד. אויף שוועדענס טראָהן איז געזעסען אַן אַכצעהן־יעהריגער, אונערפאַהרענער בחור׳ל, קאַרל XII, וועלכער האָט פערבראַכט די צייט מיט דער בערען־יאַגד און אַנדערע אַוואַנטורעס; וועגען דער מלוכה און דער אַרמעע האָט ער זיך ווייניג־וואָס געקימערט. מען האָט דעריבער געהאָפט לייכט און געשווינד צו קאָנען ווערען פערטיג מיט איהם. דאַגעגען זענען אויף די טראָהנען פון די איבריגע צפון־מלוכות געזעסען טיכטיגע, קריעגס־פיהרענדע רעגענטען. צאַר פּעטער I האָט פאַר יעדען פרייז

געוואָלט בעקומען אַ האַפֿען אויפֿ'ן באַלטישען ים, כדי צו ענטוויקלען רוסלאַנדס מסחר, צוויליזירען דאָס גרויסע, נאָך ווייניג קולטיווירטע לאַנד און מאַכען עס פֿאַר אַ גרויס־מאַכט אויפֿ'ן ים. קעניג פֿרידריך IV האָט אויך ליידענשאַפֿטליך געוואָלט ברעכען דעם שלום פֿון אַלטאָנאַ און בעקומען צוריק שלעזוויג. קעניג אויגוסט פֿון פּוילען ענדליך האָט ניט בלויז געוואָלט ערפֿילען די פֿליכט, וואָס ער האָט גענומען אויף זיך אויסצוקעמפֿען צוריק ליפֿלאַנד, ער האָט אויך געהאָלט בײַ דער דאָזיגער געלעגענהייט אַרײַנברענגען אין פּוילען זאַקסישע סאָלדאַטען, כדי מיט זייער הילף צו ענדערן די פּוילישע קאָנסטיטוציע און מאַכען פֿון אַ וואַהל־מלוכה אַ ירושה־מאָנאַרכיע. אָט אַזוי האָט זיך עס אָנגעזאַמעלט פֿיעל ברען־מאַטעריאַל. דעם ערשטען פֿונק האָט געוואָרפֿען אַ ליפֿלענדישער פּריץ, מיט'ן נאָמען פּאַטקול, און באַלד האָט אויפֿגעפֿלאַקערט די שרעקליכע מלחמה.

פּאַטקול האָט געמוזט אַנטלויפֿען פֿון דערהיים, כדי ניט אויפֿגעהאַנגען צו ווערען דורך דער שוועדישער רעגירונג, ער איז אָנגעקלאָגט געוואָרען אין מאַיעסטעט־בעליידיגונג דערפֿאַר, וואָס ער איז אַרויסגעטראָטען צו־העפֿטיג געגען דעם פֿערשטאָרבענעם קעניג קאַרל XI, וועלכער האָט מיט גרויסער ווילקירליכקייט צוגענומען בײַ די ליפֿלענדישע פּריצים אַ טייל פֿון זייערע גיטער און געמאַכט פֿון זיי קעניגליכע אייגענטימער. לאַנג האָט פּאַטקול אַרומגעוואַנדערט אין דייטשלאַנד, אין דער שווייץ, אין פֿראַנקרייך און אין איטאַליען, ביז גראַף פֿלעמינג האָט איהם ענדליך אַרײַנגעפֿיהרט צו זיין פּוילישען קעניג, וואו ער האָט זיך ענדליך געשפּירט זיכער און מען האָט וועגען איהם געזאָרגט. ברענענדיג מיט ליעבשאַפֿט צו זיין פֿאָטערלאַנד, וועלכע ער האָט געמוזט פֿערלאָזען געגען זיין ווילען, און פֿון נקמה געגען דעם שוועדישען הויף, וועלכער האָט איהם גע'רודפ'ט, האָט ער בעגייסטערט דעם קעניג אויגוסט צו אַ מלחמה געגען שוועדען, דערווייזענדיג, אַז בײַ דער אַלגעמיינער אונצופֿריעדענהייט פֿון ליפֿלענדישען אַדעל, וועט זיין גאָר אַ לייכטע זאַך צוריק אײַנצונעהמען ליפֿלאַנד פֿאַר פּוילען.

קאַרל XII איז נור־וואָס צוריקגעקומען פֿון אַ בערען־יאַגד, ווען ער האָט דערהערט די דאָזיגע שרעקליכע ידיעות, אַז זיינע דריי מעכטיגע שכנים ווילען איהם דערשטיקען. דאָס יונגעל האָט זיך פּלוצלונג געענדערט און איז ווי ניי־געבאָרען געוואָרען; זיין כאַראַקטער איז געוואָרען אײַזען־פֿעסט, ער האָט בעקומען מוט און געזעצטען ישוב־הדעת. פֿון דעם אויגענבליק אָן האָט יעדעס פֿערגניגען פֿערלוירען חן אין זיינע אויגען און ער האָט געלעבט נור פֿאַר זיין פֿליכט. געשווינד האָט ער אָרגאַניזירט זיין אַרמעע און געמאַכט זיי גרייט צום קאַמף. קודם כל האָט ער געוואָלט אָנפֿאַלען אויפֿ'ן שוואַכסטען פֿון זיינע מעכטיגע געגנער. ער איז מיט'ן ים אַריבער קיין דענעמאַרק, וואו ער האָט צובאָמבאַרדירט דעם דענעמאַרקישען פֿלאָט בײַ קאָפּענהאַגען, דאַן האָט ער זיך אַרויסגעזעצט אויף דער

ײַבּה בײַ קאָפּענהאַגען מיט אַזאַ מחנה, אַז שוין מיט זעקס וואָכען שפּעטער האָט ער צעקלאַפּט זײַן פײַנד און געצוואונגען איהם צום שלום אין טראַווענדאַל. דענעמאַרק איז דערנידעריגט געוואָרען און האָט זיך געמוזט אָבזאָגען פון איהר בונד מיט רוסלאַנד און פּוילען, אָבער קאַרל האָט נישט געטראַכט וועגען אויסרוהען זיך, ער האָט זיך באַלד אַ וואָרף געטהון צו רוסלאַנד, פּדי צו בעפרײַען נאַרווא, וועלכע איז געווען אַרומגערינגעלט דורך אַ רוסישער אַרמעע פון 80 טויזענד מאַן. קאַרל האָט געהאַט נור 8,000 מאַן און מיט אָט דעם הײַפעלע סאָלדאַטען האָט ער צעקלאַפּט די רוסישע ריזען-אַרמעע און גענומען זי גרעסטענטהייל געפאַנגען. דאַן האָט ער זיך אַ וואָרף געטהון געגען זײַן דריטען פײַנד, וועלכען ער האָט אַמשטאַרקסטען געהאַסט, געגען דעם קעניג פון פּוילען. אויגוסט איז נעמליך געווען זײַנס אַ נאָהנטער קרוב, דען זײַן מוטער און אויגוסט'ס מוטער זענען געווען לײַבּליכע שוועסטער, און אָט דערפאַר, וואָס זײַן אייגענער שני בשני האָט איהם געוואָלט פערדערבען, האָט קאַרל בעשלאָסען צו נעהמען אַ ביטערע נקמה. קאַרל האָט נאָך געהאַט אַנ'אַנדער מאָטיוו צו האַסען אויגוסט'ן, קאַרל איז געווען פּראָטעסטאַנט און ער האָט געהאַלטען פאַר אַ חרפּה דאָס, וואָס אויגוסט האָט זיך פון זײַן אמונה אָבגעוואָרפען און איז קאַטאָליק געוואָרען. ענדליך האָט קאַרל פײַנד געהאַט אויגוסט'ן אויך פאַר זײַן אייזעלאַסענקײַט, ווײַל קאַרל איז געווען שטרענג אָבגעהיט געגען פרויען, וועהרענד אויגוסט האָט אין דעם פּונקט נישט געוואוסט קײַן שום גרענעץ און איז נאָכגעלאָפען נאָך זײַן תאוה.

קעניג אויגוסט האָט זיך אַרײַנגעריסען מיט זײַן אַרמעע אין ליפלאַנד, און, לויט ווי פּאַטקול האָט איהם פערזיכערט, האָט ער געמיינט, אַז די הויפּט-שטאָדט ריגא וועט איהם אויפנעהמען מיט אויסגעשפּרייטע אָרעמס. אין דער ווירקליכקײַט אָבער האָט ריגא פערשלאָסען די טויערען און זיך פערטהיידיגט געגען איהם העכסט פער'עקשנ'ט. און אָט איז אונטערגעקומען קעניג קאַרל XII מיט זײַן אַרמעע, בעפרײַט ריגא, צעקלאַפּט די זאַקסען און שיעור נישט גענומען געפאַנגען דעם קעניג אויגוסט. דער לעצטער האָט געבעטען שלום, אָבער קאַרל האָט איהם שטאָלץ אָבגעזאָגט דערין, גראַף בײַטשטום, וועלכער איז געווען דער שליח פון שלום, איז דורך די שוועדען פערהאַלטען געוואָרען און געפאַנגשאַפט דרײַ מאָנאַטען. יעצט האָט אויגוסט געשיקט צום שוועדישען קעניג אַ שליח מיוחד, אַ וואונדערליכען דיפּלאָמאַט, די גרעפין אווראָראַ פון קעניגסמאַרק. די דאָזיגע מערקווירדיגע פרוי, די מוטער פון'ם שפּעטער בערימט-געוואָרענעם פראַנצויזישען פעלדמאַרשאַל, מאָריץ פון זאַקסען, איז אַמאָל געווען אויגוסט'ס געליעבטע. זי האָט גע'שם'ט אַלס די שענסטע פרוי אויף דער וועלט און איז געבליבען אַ געטרײַע פרײַנדין אויגוסט'ן אויך, ווען ער איז געוואָרען קעניג פון פּוילען, כאָטש ער האָט זיך שוין לאַנג אָבגעשאָקעלט פון איהר. אַ גקבורה

טינגע אין שוועדען—איז זי געווען אַ לאַנגע צייט מקורב אין שוועדישען קעניגליכען הויף, און קאַרל האָט איהר גוט געקענט. און אָט האָט זי יעצט אויפגעזוכט דעם העלד אין זיין הויפט-קוואַטיר ווירצוי, נישט-ווייט פון מיטוי. אָבער קאַרל האָט זי גאָרנישט געוואָלט אויפנעהמען. די גרעפין האָט זיך דאַן בעמיהט צו בעגעגענען איהם ערגיץ-וואו אויפ'ן וועג, אין אַן אָרט, וואו ער וועט זיך נישט קאָנען אויסדרעהען פון איהר. די זאַך איז איהר געלונגען, אָבער קאַרל האָט נור דעם הוט אַראָפּגענומען און בעגריסט איהר; גערעדט האָט ער מיט איהר נישט און האָט תיכף אַקעהר-געטהון זיין רייט-פערד צוריק און איז פערשוואונדען געוואָרען. קעניג אויגוסט האָט דערווייל געוואַרט פערצווייפעלט אין וואַרשא אויף דער גרעפין. און ווען זי איז צוריקגעקומען, האָט זי איהם געבראַכט די טרויעריגע בשורה, אַז זי האָט גאָרנישט דערגרייכט. אַנשטאָט דעם געהאָפטען שלום, האָט זיך דער קריעג גאָר פונאַנדערגעפלאַקערט. די זאַקסען זענען ווידער צעקלאַפּט געוואָרען ביי קליסאָוו און 6,000 מאַן זענען גענומען געוואָרען געפאַנגען. דער קעניג האָט געמוזט אַנטלויפען, פערפאָלגט דורך די שוועדישע ריטער.

און אין אָט דער צייט האָט רבי בערמאַן, ווי די לעזער ווייסען, בעקומען דעם בעפעהל צו פאָהרען תיכף קיין דרעזדען. דאָרט האָט ער דעם קעניג אויגוסט נישט געטראָפען; אַנשטאָט דעם האָט ער געפונען אַ בעפעהל פון קעניג צו פאָהרען תיכף קיין וואַרשא. דאָס רייזען איז אין יענער צייט געווען זעהר אומזיכער און רבי בערמאַן האָט דעריבער געמוזט זיין זעהר פאָרזיכטיג און פאָהרען לאַנגזאַם. קיין פוילען איז ער געקומען שוין נאָך די שלאַכטען ביי ריגא און קליסאָוו. אויגוסט איז אַנטלאָפען פון דער לעצטער שלאַכט אויף אַ הערליך פערד אין געוואַלטיגען גאַלאָפּ. די נאָכיאָגער זענען געבליבען ווייט הינטער איהם. אויגוסט'ס פערד איז ענדליך מיעד געוואָרען, און ער האָט עס דעריבער געמוזט פערלאָזען. מיט אַ וועהטאָג אין האַרצען האָט ער זיין טריי פערד בעטראַכט און געזאָגט: „אוי! איך וועל אַריינפאַלען אין געפאַנגשאַפט, זאָלסטו לפּחות נישט דאַרפען טראָגען מיין פּייגר!" דערביי האָט ער מיט איין האַק מיט דער שווערד אַראָפּגעהאַקט ריהם דעם קאָפּ. אָבער אָט האָט ער דערהערט הינטער זיך אַ שטימע: „אַזאַ קרעפטיגען האַק קען נור געבען מיין קעניג!" אויגוסט האָט זיך אַ קעהר געטהון און דערקענט זיין רעזידענט.

— בעה־עגד!—האָט דער קעניג אויסגערופען,—ס'איז אַלץ פערלוירען! מיין אַרמעע איז צעקלאַפּט און גענומען אין געפאַנגשאַפט. באַלד וועלען דאָ זיין די שוועדישע ריטער און אויך מיך אין געפאַנגשאַפט נעהמען.

— עה, ניין, מאַיעסטעט! איך וועל אייך ראַטעווען! זעצט זיך אַריין צו מיר אין קאַרעטע.

— אומזיסט, אומזיסט! צי מיינסטו דען, אַז דיין קאַרעטע וועט קאָנען פאָהרען אַזוי געשווינד, דאָס די שוועדישע ריטער וועלען אונז נישט אניאָגען?

— איך בעשווער אייך, מאַיעסטעט! זעצט זיך געשווינד צו מיר אין קאַרעטע און פערלאָזט זיך גאָר אויף מיר.

דער קעניג האָט, באין ברירה, געפאָלגט.

— געשווינד צום נאָהנטסטען דאָרף! — האָט רבי בערמאַן אַ געשריי געטהאָן צום קוטשער, — און גלייך צו דער יודישער קרעטשמע!

דער קוטשער האָט אַ שמיץ געטהאָן די פערד, און די קאַרעטע האָט זיך אַ הויב געטהאָן און איז פערשוואונדען געוואָרען.

---

# 19) די רעטונג צווישען יודען.

אין דאָרף ראַדאָמאָוו זענען אין אַלע הייזער געווען פערשפאַרט טהיר און טויער. מען האָט דאָרט געהערט אין דערווייטען דעם דונער פון די האַרמאַטען ביי קליסאָוו און מורא געהאַט, אַז דער בעזיעגער אָדער דער בעזיעגטער וועט זיך אַריינרייסען אין דאָרף און ראַבירען דאָרט. רבי בערמאַנס קאַרעטע האָט זיך אָבגעשטעלט פאַר דער יודישער קרעטשמע אין מיטען דאָרף. רבי בערמאַן איז אַרויסגעשפּרונגען פון דער קאַרעטע, וועהרענד דער קעניג איז דאָרט געבליבען זיצען. רבי בערמאַן האָט אָנגעקלאַפּט אין דער פערשלאָסענער טהיר. אָבער אינעווייניג האָט זיך קיינער ניט געריהרט פון אָרט; מען האָט געקאָנט מיינען, אַז דאָס גאַנצע הויז איז אויסגעשטאָרבען.

— למען השם, האָט רחמנות! — האָט דער רעזידענט אויסגערופען — עפענט! ס'געהט אום סכנת נפשות, עפענט, יודען!

דער העברעאישער אויסרוף האָט געווירקט. אַ קליין פענסטער'ל האָט זיך געעפענט.

— ווער זענט איהר? — האָט אַ שטימע געפרעגט.

— בערמאַן פון האַלבערשטאַדט!

— רבי בערמאַן פון האַלבערשטאַדט? געזונד זאָלט איהר אונז זיין און לאַנגע יאָהר זאָלט איהר אונז לעבען! ווי אַזוי קומט איהר אַהער?

— איך וועל אייך דערצעהלען. עפענט נור!

ס'האָט זיך דערהערט אַ געוויש אין שטוב, מען האָט אָנגעהויבען אָברוקען טישען, בענק, שווערע שאַנקען און קאַסטענס און ענדליך האָט די טהיר זיך געעפענט.

רבי בערמאַן איז צוגעלאָפען צו דער קאַרעטע, געעפענט די טהיר און געזאָגט:

— יונגה, קום אַרויס. מיר וועלען אין שטוב אַריינקומען.

און אָט האָט פון דער קאַרעטע זיך בעוויזען אַ מענש מיט אַ דרייקאַנטיגען הוט אויפ'ן קאָפּ, מיט אַ בלויען פראַק און זילבערנע קנעפּ מיט

לאַנגע הויזען. רבי בערמאַן האָט נעמליך געגעבען דעם קעניג זיין רעזעך־טאַש און געהייסען איהם איבערקליידען זיך. די קליידער האָבען איהם אָבער אַזוי שלעכט געפּאַסט, אַז מען האָט איהם תיכּף געקאָנט דערקענען.

ווען דער קעניג מיט'ן רעזידענט זענען אַריינגעקומען און קרעטשמער האָט רבי בערמאַן געזאָגט:

— ס'איז אַ שלעכטער עסק! מען מוז זוכען פאַר אייך אַנ'אַנדער אָנצוג!

דאַן האָט ער געפרעגט ביים ווירט:

— ווי רופט מען אייך?

— איסר'ל—האָט דער קרעטשמער געענטפערט.

— טאָ הערט זשע, רבי איסר'ל, גיעהט און ניעהמט אַרויס פון דער קאַרעטע די קליידער. וואָס איהר וועט דאָרט געפינען,

דער קרעטשמער האָט געטהון ווי מען האָט איהם געהייסען און האָט געבראַכט דעם קעניגס מלבושים.

— רבונו של עולם — האָט ער אויסגערופען אַריינקומענדיג — דאָס פינקעלט דאָך מיט גאָלד און דימענטען!

— בעהאַלט עס—האָט רבי בערמאַן געזאָגט—און ווען אַלץ וועט גליקליך אַריבער קאָנט איהר עס נעהמען פאַר זיך. דאָס איז מעהר ווערט ווי אייער הויז, מיט'ן שאַנק, מיט אייער גאַנצער בעל-הבתישקייט. אוּנ אָבער גיט אַהער געשווינד אייערע שבת'דיגע מלבושים. געשווינד! אייערע קליידער וועלען פּאַסען זיך אויסגעצייכענט פאַר מיין פריינד יונה.

— יונה?—האָט דער קרעטשמער געזאָגט — דער הייסט נישט יונה און איז נישט געמל'ט.

— איהר זענט קלוג, רבי איסר'ל, אָבער טהוט וואָס איך הייס אייך.

דער קרעטשמער איז אַוועקגעגאַנגען מיט'ן קעניגס קליידער און זיין עקרת הבית האָט געבראַכט איהר מאַנ'ס שענסטע שבת'דיגע מלבושים.

קעניג אויגוסט האָט אַראָבגעוואָרפען פון זיך זיינע מלבושים און האָט אָנגעטהון דעם קרעטשמערס זופּיצע מיט זיין שטריימעל, כאָטש דאָס איז איהם זעהר נמאס געווען.

— זעהר שען—האָט רבי בערמאַן געזאָגט—דאָס פּאַסט אייך, יונה, אויסגעצייכענט! ס'איז נאָר אַ צרה מיט אייער גלאַט-געגאָלטען פּנים!

— די קינדער—האָט די קרעטשמערקע געזאָגט—האָבען אויף פּורים געהאַט אַ פּאַלשע באָרד. איך וועל עס אייך ברענגען.

אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָט זי געבראַכט אַ שענע פאַלשע באָרד, מיט וועלכער רבי בערמאַן האָט תיכּף בעפּוצט דעם קעניג.

ווען דער קרעטשמער איז צוריק אַריינגעקומען, האָט ער זיינע אויגען נישט געגלויבט. דעם פּרעמדען האָט מעהר קיינער נישט געקאָנט דערקענען.

— ברענגט אַהער ספרים!—האָט רבי בערמאַן אויסגערופען—און איהר בעל-הביה'טע גיט אונז עפּעס וואַס געשמאַקעס צו עסען.

דער קרעטשמער האָט באַלד אַרײַנגעטראָגען אַ גרויסען מחזור מיט אַ צאינה-וראינה.

רבי בערמאַן האָט אַ שמייכעל געטהון, ווען ער האָט די דאָזיגע ספרים דערזעהען.

— גמרות, ספרי התלמוד וואָלטען מיר געווען אָנגענעהמער; אָבער איך האָף, אַז די שוועדישע רײַטער, ווען זיי וועלען קומען, וועלען ניט פיעל פערשטיהן אונטערצושיידען אַ גמרא פון אַ צאינה-וראינה. איהר אָבער, יונה, זעצט זיך בײַם טיש, עפענט-אויף דעם ספר און טהוט דאָס אייגענע, וואָס איך!

רבי בערמאַן האָט זיך אַנידערגעזעצט געגענאיבער דעם קעניג און זיך אָנגעהויבען שאָקלען, זינגענדיג דעם גמרא-ניגון. דער קעניג האָט דאָס פריטשיג נאָכגעמאַכט, אָבער איהם איז שלעכט געלונגען נאָכצומאַכען דעם קעניג.

— מײַן אָרימער פרײַנד איז שטום, — האָט רבי בערמאַן געזאָגט צום קרעטשמער.

דער קעניג האָט פערשטאַנען, וואָס רבי בערמאַן מיינט צו זאָגען, און אויפגעהערט זשומען.

בינו לבינו זענען אונטערגעקומען די שוועדישע רײַטער, וועלכע האָבען זיך נאָכגעיאָגט נאָכ׳ן אַנטלויפענדען קעניג, און זענען געקומען צום אָרט, וואו ער האָט זײַן פערד דעם קאָפּ אָבגעהאַקט. פערוואונדערט האָבען זיי געקוקט אויף די שפורען פון אויגוסט׳ס שטאַרקער האַנד.

— אָט דאָס הייסט אַ שטאַרקער קלאַפּ, — האָט געזאָגט ריטער פאָן רענסקילד, וועלכער איז געשטאַנען אין שפיץ פון די פערפאָלגער.—ווײַטער, משמעות, איז ער אַנטלאָפען צו-פוס און מסתם געפינט ער זיך דאָ, ניט ווײַט. לאָ׳מיר אָקאָרשט דורכזוכען דעם וואַלד, אפשר האָט ער זיך ערגעץ וואו בעהאַלטען.

מען האָט דעם וואַלד גוט דורכגעזוכט און, נאַטירליך, האָט מען דאָרט גאָרנישט געפונען.

די פערפאָלגער האָבען זיך געלאָזט ווײַטער אין וועג אַרײַן און זענען באַלד געקומען קיין ראַדאָמאָוו. דאָרט האָבען זיי אויפגעבראָכען די פערשלאָסענע הײַזער און געמאַכט גרינדליכע רעוויזיעס. ענדליך זענען זיי אויך אַרײַנגעקומען אין קרעטשמע. ווען דער ראָטנער איז אין שטוב אַרײַנגעקומען, האָט ער פערוואונדערט בעטראַכט די צוויי מענשען, וואָס זענען בײַם טיש געזעסען.

ווער זענט איהר?—האָט ער שטרענג געפרעגט.

— איך הייס בעהרענד, — האָט רבי בערמאַן געענטפערט,—איך בין פון האַלבערשטאַדט.

— האַלבערשטאַדט? צו וועלכען לאַנד געהערט עס?

— צו קורבראַנדענבורג.

— וואָס טהוט איהר דאָ?

— איך פיהר אַ געשעפט פון פוטער-וואַרג און בין געקומען אַהער, קויפען איינקויפען סחורה, אָבער די מלחמה האָט מיר געשטערט אין מיינע עסקים און איך האָב ליידער נאָך גאָרנישט געקאָנט איינקויפען. דער דאָזיגער מענש הייסט יונה, ער איז מיין קאָמפּאַניאָן, ער איז אַ פּוילישער, געבורטיג פון קאַליש. דער אָרימער איז, געבעך, שטום.

— און פאַרוואָס האָט איהר זיך אויסגעקליבען אַ שטומען קאָמפּאַניאָן?

— איך בעט אייך, גנעדיגער הערר גענעראַל...

— איך בין נישט קיין גענעראַל, איך בין ראַטנער.

— גוּ, וועט איהר ווערען אַ גענעראַל! דער גנעדיגער הערר איז נאָך יונג. אָבער יאָ... וואָס האָב איך געוואָלט זאָגען? יאָ, פאַרוואָס האָב איך זיך אויסגעקליבען אַ שטומען קאָמפּאַניאָן? איך בעט אייך, אַ שטומער איז פאַר מיר בעסער, ווי אַ רעדעוודיגער. פוהר בין איך, אָבער קיין געלד האָב איך נישט; געלד האָט אָט דער שטומער און אַזוי אַרום פּאַסען מיר זיך איינער פאַר'ן אַנדערן.

— פון וואַנען קומט איהר?

— פון ראַדאָם.

— צי האָט איהר נישט אויפ'ן וועג געזעהן אַ גרויסען שטאַב העררי אין אַג'אַנטוג פון אַ גענעראַל?

— געוויס. ער איז געלאָפען אין איילעניש. ווען ער האָט אונזער קאַרעטע דערזעהן, האָט ער געשריען, אַז מיר זאָלען זיך אָבשטעלען. איך אָבער האָב בעפוילען מיין פוהרמאַן צו פאָהרען געשווינדער.

— און פאַרוואָס האָט איהר נישט געוואָלט רעדען מיט'ן גענעראַל?

— איך וועל עס אייך זאָגען בסוד, גנעדיגער הערר ראַטנער! איך האָב מורא געהאַט, אַז דאָס איז געווען דער קעניג פון פוילען. איך האָב איהם איינמאָל געזעהן, מיט פיער יאָהרען צוריק נאָך ווען ער איז קרוין-פּרינץ געווען; ער איז דאַמאָלס מיט מיין גנעדיגען העררי, דעם בראַנדענ-בורגער קורפירשט, געוועזען אויף דער יאַגד אויפ'ן האַרץ—האַלבערשטאַדט ליגט דאָך ביים האַרץ—און ווייל איך האָב יעצט געגלויבט, אַז דער גענע-ראַל איז דער אַנטלויפענדער פּוילישער קעניג, און ווען מיר וועלען איהם געהמען מיט זיך אין וואָגען, וועלען קומען די הערערן שוועדען אויף זייער געשווינדע רייט-פערד און וועלען אונז כאַפּען און דער'הרג'ענען, דעריבער האָב איך געהייסען מיין פוהרמאַן צו-פאָהרען וואָס-ניכער, וואָס-גיכער!

— דערצעהלט איהר דעם אמת, יודע?

— דעם ריינעם אמת, גנעדיגער הערר ראַטנער!

— אין וועלכער ריכטונג איז דער מאַן, וועלכען איהר האָט אָנגענו-מען פאַר'ן קעניג, געלאָפען?

— אין דער ריכטונג פון ראַדאָם.

דער ראַטמאַנער איז אַרויסגעלאָפֿען און געגעבן זיינע לייט דעם באַפֿעל. אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָבן די שוועדישע רייטער פֿאַרלאָזן דאָס דאָרף.

דער קעניג האָט זיך געוואָרפֿן דעם ייד אויפֿ'ן האַלז.

— דו האָסט מיר דאָס לעבן און פֿרייהייט געראַטעוועט, — האָט דער קעניג געזאָגט, — איך וועל עס דיר קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן. אייביג, אייביג וועל איך דיר דאַנקבאַר זיין!

— איך האָב נור מיין פֿליכט געטהון, — האָט רבי בערמאַן געענטפֿערט.

— איך וועל דיר אייביג בלייבן דאַנקבאַר! — האָט דער קעניג איבער׳געחזר׳ט נאָכאַמאָל.

ביי אויגוסט׳ן האָט אָבער די אייביגקייט געדויערט ניט לאַנג. ער האָט געשאָנקען זיין גנאָד מיט אַ פֿרייער האַנד. אָבער לאַנג פֿאַרלאָזן זיך אויף זיינע חסדים און דאַנקבאַרקייט האָט ער ניט געטאָרט.

# 20) דער ייד און די קעניג-וואַהל אין פּוילען.

קעניג אויגוסט האָט זיך אויפֿגעהאַלטען נאָך איינינע טעג אין ראַדאָמאַה. מען האָט אַרויסגעשיקט שליחים צו דערגעהן, ווי עס האַלט מיט דער מלחמה. די ידיעות, וואָס זיי האָבן געבראַכט, זענען געווען העכסט טרויעריגע. די גאַנצע זאַקסישע אַרטילעריע איז פֿאַרלוירען געוואָרען; 6,000 מאַן זענען גענומען געוואָרען געפֿאַנגען. קאַרל האָט מיט זיין אַרמעע זיך אַ קעהר געטהון צו קראָקאָ. דער וועג קיין וואַרשאַ איז פֿריי געוואָרען. פּראַן איז אַבגעפֿאָהרען קעניג אויגוסט אין דער קאַרעטע פֿון זיין רעזידענץ.

אויגוסט האָט געלעבט אין איין פֿאַרצווייפֿלונג. רבי בערמאַן האָט איהם געטרייסט.

— מאַיעסטעט — האָט ער געזאָגט — ווען דער שוועדישער קעניג האָט אַפֿילו נאָך אַמאָל אַזוי פֿיל נצחונות, וועט ער דאָך סוף-כל-סוף אַ מפּלה האָבען. אמת, ער איז אַ קריגס-העלד, אַ געבוירענער פֿעלד-מאַרשאַל, וועלכער קאָן מיט אַ קליינער אַרמעע צעקלאַפּען גרויסע און מעכטיגע פֿיינד. אָבער פֿונדעסטוועגן פֿעהלט איהם דאָס, וואָס זיכערט דעם נצחון.

— ווי אַזוי מיינסטו דאָס? — האָט דער קעניג געפֿרעגט, רעדענדיג מיט׳ן „דו", ווי צו אַלע זיינע מקורבים.

— דעם קעניג פֿון שוועדען פֿעהלט די העכערע טאַקטיק. ער איז יונג, העלדיש, דרייסט און ווילד און ער פֿערשטעהט געשווינד אָנצוהויבען אַ קריעג און נאָך געשווינדער צו פֿערענדיגען איהם זיעגרייך, אָבער ער פֿערשטעהט ניט אויסצונוצען זיינע נצחונות. ער האָט די רוסען ביי נאַרוואַ געשלאָגען, אָבער ער האָט זיין נצחון ניט אויסגענוצט. אָנשטאָט

צו מאכען דארט פּאלקאם אונשעדליך זיין פיינד, האט ער זיך געזאגען נעהן נקמה-נעהמען אן אייער מאיעסטעט און א ווארף געטהון זיך אויף פוילען און זאקסען, אייידער ער האט נאך געשלאסען שלום מיט'ן צאר פעטער. אויך אין פוילען האט ער זיינע נצחונות נישט אויסגענוצט צו שליסען אן'עהרענפולען שלום. ער וויל אייער מאיעסטעט פערגיטיגען, אראבּרייסען ביי אייך די קעניגליכע קרוין.

— איך האב מורא, אז איהם וועט דאס געלינגען!

— און אויב דאס זאל איהם אפילו אויך געלינגען אויף א קורצער צייט, וועט ער דאך אבער פארט בלייבען זיינער נור אזוי לאנג, ביז איין איינציגע ספּלה וועט פערניכטען זיין מאכט און וועט פאר אייער מאיעסטעט זעהר לייכט ווידער בעקומען די פוילישע קעניגליכע קרוין. צי דארף איך מיר ערלויבען צו געבען אייער מאיעסטעט אן'עצה?

— רייד, רייד! דו ביסט קלוגער פאר אלע מענשען, וועלכע איך קען.

— מען קען בעשטימט פאראויסזעהען, אז קארל וועט לאזען ארויפזעצען אויפ'ן פּוילישען טראהן אן'אנדערען קעניג. שטערען איהם דערין קען מען נישט, אבער מען קען איהם שטערען, אז ער זאל פראקלאמירען אזא קעניג, וועלכער וועט האבען אויסזיכט צו האלטען זיך לאנג אויפ'ן טראהן. וועלכע קאנקורענטען זענען קודם-כל די זוהן פונ'ם פערשטארבענעם קעניג סאביעסקי.

— הא, איך וועל זיי מאכען אונשעדליך! איך על זיי לאזען נעהמען געפאנגען און ברענגען קיין קעניגשטיין. יעצט לעבען זיי אין עסטרייך, אין ברעסלוי. דער דייטשער קייזער איז מיין פריינד און ברודער. ער וועט עס מיר ערלויבען.

— די פרינצען סאביעסקי זענען די געפעהרליכסטע געגנער; דאן וואלט געווען דאס בעסטע, ווען דער שוועדישער קעניג זאל ארויפזעצען אויפ'ן טראהן עפּעס א פּוילישען פּרינץ, אחן גרויסען איינפלוס און אהן א יחוס-משפחה אזוי, אז זיין טראהן זאל תיכף אומפאלען, ווי נור דער בעשיצער וועט פון איהם די האנד אבטהון.

— דו ביסט א דימענט פון א מענשען, בעהרענד. אה, הלואי וואלט איך געקאנט דיך בעשטימען פאר א מיניסטער ביי מיר! דאס וואלט געווען א גליק פאר פוילען און פאר זאקסען. אבער איך ווייס, דו ליעבסט דיין אמונה און וועסט זיך נישט לאזען שמד'ן. א יוד אבער א מיניסטער — דאס געהט נישט; מיינע נישט-טאלעראנטע קאטאליקען און מיינע פערביסענע פראטעסטאנטען וועלען דערויף נישט איינגעהן. אבער די אויפגאבע פון א מיניסטער מוזטו ביי מיר ערפילען! דו מוזט זעהן צו בעזארגען, אז ווען קארל וועט פראקלאמירען אן'אנדער קעניג, זאל עס זיין אזעלכער, פאר וועלכען איך וועל זיך נישט האבען צו שרעקען.

ווען קעניג אויגוסט איז געקומען קיין ווארשא, איז ער דורך זיינע געטרייע לייט אויסגעגעבען געווארען מיט דער גרעסטער פרייד. דארט האט

מען שוין געגלויבט, אַז ער איז אַרײַנגעפֿאַלן אין געפֿאַנגענשאַפֿט.

דער קעניג האָט געפֿאָלגט די עצה פֿון זײַן רעזידענט, ער האָט תּיכּף געשיקט אַ ראָטע פֿון זײַנע סאָלדאַטן קײן ברעסלוי, כּדי צו נעהמען געפֿאַנגען די פּרינצן סאָביעסקי. די פּרינצן זענען געווען מחותּנים מיט'ן דײַטשן קייזער און דעריבער האָבן זיי זיך געפֿיהלט אין זײַן לאַנד אין פֿאָלקאָמער זיכערקייט, אָבער אויגוסט האָט זיך ענטשולדיגט בײַ זײַן פֿרײַנד, דעם קייזער יוזעף I, ערקלערענדיג, אַז ער האָט געטהון דאָס, וואָס די גוים האָט איהם געצוואונגען צו טהון. די פּרינצן האָט מען געבראַכט קיין לײַפּציג, און פּלײַסענבורג; פֿון דאָרט האָט מען זיי איבערגעפֿיהרט קיין קעניגשטײַן, וואו מען האָט זיי געהאַלטען געפֿאַנגען העכער אַ יאָהר. קאַרל דער צוועלפֿטער האָט דערווײַל געלאָזט אויסרופֿען פֿאַר אַ פּוילישען קעניג דעם עלטסטען פֿון ביידע האָזיגע פּרינצען, יאַקיב, וועלכער איז שוין אָבער געוועזען אין געפֿאַנגענשאַפֿט בײַ אויגוסט'ן, נאָך איידער ס'איז דערהאַלטען געוואָרען די ידיעה וועגען דער פּראָקלאַמירונג.

נאָכדעם ווי עס זענען ווידער דורכגעפֿאַלען אַלע פּראָבעס צו מאַכען אַ שלום, האָט קאַרל ווידער צעקלאַפּט די זאַקסען בײַ פּולטוסק; יעצט איז וואַרשאַ אַרײַנגעפֿאַלען אין זײַן מאַכט, און קיין זאַך האָט איהם שוין נישט געשטערט צו פּראָקלאַמירען אַ נײַעם קעניג אין פּוילען.

אין דער זעלבער צײַט איז רבי בערמאַן געקומען קיין וואַרשאַ ווי מען האָט געזאָגט, מיט'ן צוועק ווידער צו פֿיהרען שלום-אונטערהאַנדלונגען מיט קאַרל'ן לטובֿת דעם קעניג אויגוסט, און אין דער ווירקליכקייט אָבער, כּדי צו ווירקען אויף די קעניגס-וואַהלען.

קאַרל האָט זיך פֿעראייניגט מיט'ן פֿירשט פּרימאַס און יענער האָט פֿאָרגעלעגט אַלס קאַנדידאַט אויפֿ'ן פּוילישען טראָהן דעם פֿירשט לובאָמירסקי, דעם מאַן פֿון זײַן פּלעמיעניצע, מיט וועלכען ער האָט געהאַט געשלאָסען שלום. פֿאַר קאַרל'ן איז אין גרונד אַלץ איינס געוועזען, ווער עס זאָל ווערען קעניג אין פּוילען און דער עיקר איז פֿאַר איהם געוועזען נור אַראָבצואוואַרפֿען אויגוסט'ן, דעריבער איז ער לײַכט אײַנגעגאַנגען אויפֿ'ן פֿאָרשלאַג אַרויפֿצוזעצען לובאָמירסקי'ן אויפֿ'ן טראָהן. און אין אָט דער צײַט איז רבי בערמאַן געקומען קיין וואַרשאַ, וואו ער האָט געמעלדעט זײַנע בעפֿולמעכטיגונגען און געבעטען אַן אוידיענץ בײַם קעניג קאַרל XII. דער קעניג פֿון שוועדען האָט אַפֿילו נאָרנישט געטראַכט וועגען שליסען שלום, אָבער ער איז געוועזען נײַגעריג צו בעקענען זיך מיט אַ יודען, ווײַל אין שוועדען איז דאַמאָלס קיין יודען נישט געוועזען.

אין קעניג'ס פֿאָרצימער האָט רבי בערמאַן צו זײַן גרויסער שרעק דערזעהן דעם פֿירשט לובאָמירסקי.

— האַ! — האָט דער פֿירשט אויסגעשריען, דערזעהענדיג רבי בערמאַן — ביזטו עס, יודע, וועלכער האָט זיך דערוואַגט מיך צו בעליידיגען.

און אָבצושפּאָטן פֿון מיר? זאָלסט ציטערן פֿאַר מיר, ניט דו אַליין, נאָר אויך אַלע ווײַן פֿון דײַן פֿערשאָלטענעם פֿאָלק. באַלד וועל איך ווערן קעניג און פּוילען און דאַן — וועה צו אײַך, איהר יודען! ווער עס וועט זיך ניט לאָזען טמד'ן, וועט געהענגט, געפֿערטעלט, געמאָרדערט ווערען, אָדער מען וועט איהם פֿון לאַנד אַרויסטרײַבען!

רבי בערמאַן איז אַ פֿערציטערטער געוואָרען, הערענדיג די דאָזיגע ווערטער, אָבער ער האָט ניט געהאַט קיין צײַט צו ענטפֿערן, ווען דער אַדיוטאַנט פֿון קעניג איז ערשיענען און אײַנגעלאַדען איהם אַרײַנצוקומען צום קעניג אין קאַבינעט.

ציטערנד מיט'ן גאַנצען לײַב און אין טיעפֿער אויפֿרעגונג איז רבי בערמאַן אַרײַנגעקומען אין צימער צום יונגען העלד. לובאָמירסקי'ס ווערטער האָבען איהם ערפֿילט מיט שרעק פֿאַר דער צוקונפֿט פֿון זײַנע ברידער און אַז האָט ער יעצט געשיקט פֿון טיעפֿען האַרצען אַ הייסע תּפֿלה צום אויבערשטען, אַז עס זאָל איהם געלינגען צו פֿערניכטען די בייזע כּוונות פֿון'ם שלעכטען מענשען.

— איהר זענט דער רעזידענט פֿון זאַקסישען קורפֿירשט, דער יוד בעהרענד לעהמאַן? — האָט דער קעניג געפֿרעגט.

רבי בערמאַן האָט זיך פֿערנייגט.

— איהר שטאַמט פֿון יענע, וועלכע האָבען אַמאָל געקרייציגט דעם קריסט?

— ניין, אײַער מאַיעסטעט, דאָס האָבען געטהון די רוימער, וועלכע האָבען דאַמאָלס געהערשט איבער פּאַלעסטינא, ווי אײַער מאַיעסטעט געגענוועַרטיג אין פּוילען. די מאַכט פֿון דעם אײַנגעהמער האָט זיי געגעבען דאָס רעכט אויף לעבען און טויט פֿון די אײַנוואוינער.

דער קעניג האָט געשמייכעלט. רבי בערמאַן האָט גערעדט ווײַטער:

— איך אָבער שטאַם פֿון יענעם פֿאָלק, פֿון וועלכען דער גרינדער דער קריסטליכער רעליגיע איז אַרויסגעקומען.

קאַרל האָט אַ קוק געטהון אויף איהם איבערראַשט.

— דאָס איז אמת! — האָט ער געזאָגט — דאָס איז אמת. איך האָב דיך טאַקי געגעבען מײַן אויסיענץ נור כּדי צו שמועסען מיט אַ יודען ווײַל שוין מיט אויגוסט'ן וועל איך ניט שליסען, ביז איך וועל איהם פֿאָלקאָם דערנידעריגען, ביז איך וועל בײַ איהם צונעהמען די פּוילישע קרוין און צווינגען איהם אָנצוערקענען דעם קעניג, וועלכען איך וועל פּראָקלאַמירען.

ווען קאַרל האָט אַזוי גערעדט, האָט רבי בערמאַן זיך ניט געקאָנט מעהר אײַנהאַלטען צו בלײַבען רוהיג. ער האָט פֿערלוירען די פֿאַסונג, וועלכען ער האָט דערהאַלטען נור מיט גרויס מיה און אַ שטראָם טרעהרען האָט זיך אַ גאָס געטהון פֿון זײַנע אויגען.

— וואָס איז טיט אײַך, מענטש? — האָט דער קעניג געפֿרעגט — ציִ דען ליִעגט אײַך אַזוי נאָהענט צום האַרצען דאָס שיקזאַל פֿון אײַער הער'ן?

— מאַיעסטעט — האָט רבי בערמאַן געזאָגט, אָנטהיִענדיג זיך אַ געוואַלטיגען פּוחַ — אין די הייליגע ספרים אונזערע שטעהט געשריבען „לב מלכים ושרים ביד ה' — דאָס האַרץ פֿון מלכים און שרים איז אין ג-ט'ס האַנד. אַה, הלוואי זאָל דער אויבערשטער פֿיהרען אײַער קעניגליך האַרץ, אַז איהר זאָלט נישט אַרויסוועצען אויפ'ן פּוילישען טראָהן דעם פֿירשט לובאָמירסקי!

— איהר ווייסט שוין וועגען דעם?

— ווען איך בין אַרײַנגעקומען אין פֿאָדער-צימער, האָט דער פֿירשט צו מיר אויסגערופֿען: אַלע יודען זאָלען שפּירען מײַן צאָרן! ווען איך וועל זײַן קעניג אין פּוילען, וועל איך זיי אַלעמען אויסראָטען!

— איהר קענט דעם פֿירשט פֿון פֿריהער?

— אײַנמאָל האָב איך איהם געשטערט צו פֿערגיעסען אונשולדיג בלוט. ער האָט געוואָלט רויבען אַ כלה פֿון אונטער דער חופּה און ווען דאָס איז איהם נישט געלונגען, האָט ער איהרע עלטערן און ברידער געוואָלט אומברענגען!

— איהר האָט דאָ געבראַכט אַ שווערע אָנקלאַגע, יוד! אויב איהר האָט ליִגענד געזאָגט, וועט עס אײַך קאָסטען דעם קאָפּ.

— איך בין גרייט צו שטאַרבען, אויב איך האָב דערצעהלט נישט אמת.

דער קעניג האָט אָנגעקלונגען.

— דער פֿירשט לובאָמירסקי זאָל אַרײַנקומען! — האָט ער געזאָגט דעם אַרײַנגעקומענעם קאַמערדינער.

דער פֿירשט איז תיכּף אַרײַנגעקומען.

— ציִ האָט איהר געסטראַשעט אָט דעם מאַן אין פֿאָדערצימער?

— דאָס איז געווען נור אַ שפּאַס, מאַיעסטעט.

— ציִ האָט איהר געוואָלט רויבען אַ כלה פֿון אונטער דער חופּה און, ווען דאָס איז אײַך נישט געלונגען, האָט איהר געוואָלט אוים'הרג'ענען איהר גאַנצע משפּחה?

— די דראָהונג איז געווען נישט ערנסט, מאַיעסטעט.

— אין שוועדען, מײַן פֿירשט, וואָלט אײַך די געטייטעטע געקאָסט דעם קאָפּ. אין פּוילען נעהמט מען אויף, משמעות, אַזעלכע זאַכען לייכטער. איבריגענס, איהר דאַרפֿט זיך אָבגעוואוינען פֿון אַזעלכע שפּאַסען, פֿאַר אַ קעניג פּאַסט זיך דאָס שלעכט.

רבי בערמאַן האָט מיט אימה דערהערט די לעצטע ווערטער פֿינ'ס שוועדישען קעניג. ס'איז אַלזאָ אַלץ געווען אומזיסט. קאַרל האָט זיך נישט אָבגעזאָגט פֿינ'ם געדאַנק צו פּראָקלאַמירען דעם פֿירשט פֿאַר אַ קעניג. רבי בערמאַן האָט אָנגענומען אַ פֿערצווייפֿעלטען בעשלוס.

— מאַיעסטעט! — האָט ער אויסגערופֿען.

— צי זאָל דען אַרויפֿשטייגען אויפֿ'ן פּוילישען טראָהן אַ מאַן, וועלכער האָט זיך אָבגעזאָגט פֿון זיין ווייב, כדי איבערצולאָזען איהר צום אַ מנואפֿת פֿאַר'ן קעניג אויגוסט?

לובאָמירסקי איז בלאַס געוואָרען. מען האָט ווירקליך די זאַך געהאַלטען בסוד פֿאַר'ן קעניג קאַרל, ווייל די ריינקייט פֿון זיין כאַראַקטער איז בעוואוסט געווען און די צוכטיגקייט פֿון זיין מאָראַלישער וועלט-אַנשויאונג.

קאַרל איז אויפֿגעשפּרונגען פֿון אָרט.

— איז דאָס אמת?

לובאָמירסקי האָט נישט געענטפֿערט. רבי בערמאַן אָבער האָט געזאָגט:

— די פֿירשטין פֿון טעשען האָט פֿריהער געהייסען פֿירשטין לובאָמירסקא.

— געהט! — האָט דער קעניג אַ געשריי געטהון צום פֿירשט.

דער פֿירשט האָט געוואָרפֿען אויף רבי בערמאַן אַ בליק, מיט פֿיל פֿערביטערטען האַס און איז אַרויסגעגאַנגען.

אַ פּאָר טעג נאָכדעם איז דער פּויזנער וואָיעוואָדא, סטאַניסלאַוו לעשטשינסקי, אויסגעקליבען געוואָרען פֿאַר אַ פּוילישען קעניג און אין צוויי מאָנאַט שפּעטער איז ער געקרוינט געוואָרען. קאַרל זעלבסט איז געזעסען אויף דער קרוינונג פֿערקליידעטערהייט און האָט געזעהען, ווי מען האָט זיין קעניג געקרוינט.

## 21. די ישיבה פאר'ן למוד-התורה

„ביום השביעי, כטוב לב המלך ביין, אמר... להביא את ושתי המלכה לפני המלך בכתר מלכות, להראות העמים והשרים את יפיה, כי טובת מראה היא" — „דעם זיבעטען טאג, ווען דער קעניג האט זיך משמח געווען ביים טרינקען בעכער ווײַן, האט ער בעפוילען צו ברענגען פאר זיך די קעניגין ושתי מיט דער קעניגליכער קרוין אויפ'ן קאפ, כדי צו ווײַזען די פעלקער און הערען איהר שעהנהייט, דען זי איז געווען זעהר א שעגע".

אזוי דערצעהלט אונז די מגלת אסתר. די חכמי המדרש בעמערקען דערויף: דעם זיבעטען טאג — דאס איז געווען שבת קודש. אויך די יודען זיצען אום שבת קודש ביי א רײַכער סעודה, אבער זיי רעדען בעת מעשה וועגען דברי-תורה און זינגען זמירות פאר'ן רבונו של עולם. אנדערע פעלקער דאגעגען רעדען אויף זייערע מאהלצײַטען וועגען תאווה-זאכען. אזוי איז עס אויך געווען אויף אחשורוש'עס מאהלצײַט. די שעהנהײַט פון די פרויען איז געווען דער געגענשטאנד פון געשפרעך. יעדער האט גערימט די געשטאלט און דאס אויסזעהען פון זײַן געליעבטער און ווען דער קעניג האט גערימט ושתי פאר אלעמען און דערהויבען איהר שעהנהײַט איבער אלע פרויען, האבען די ווײַן-טרינקער אנגעהויבען הויך צווייפלען דערין און דער קעניג האט בעפוילען זײַנע משרתים צו ברענגען די קעניגין און איבערצייגען די צווייפלער.

עטוואס עהנליכעס איז פארגעקומען אויך אין הויף פון קעניג אוי-

גוסט, מיט דער מלחמה איז ער באַלד מיד געוואָרען און האָט איבערגעלאָזען די אויפגאַבע צו שלאָגען זיך מיט'ן קעניג קאַרל זיינע פעלד-הערען שטיינאו און פלעמינג. ער אַליין איז געקומען קיין דרעזדען צוריק, כדי צו געניסען דאָרט די פריידען פון לעבען. מען האָט איינגעאָרדענט אַ גרויסען מאָהלצייט. באַלד האָט מען אָנגעהויבען רעדען וועגען פרויען. דער גרויס-קאַנצלער פאָן בייכלינגען האָט גערימט זיין פריינדין, די פרוי פאָן דעכענבערג; דער אָבערקאַמערהער גראַף ביטשטום האָט געלויבט זיין פרוי, אַ געבוירענע גרעפין האָים. דער שטאַטהאַלטער, פירשט פירשטענבערג האָט גערימט די שענהייט פון זיין פריינדין, גרעפין רײס; נור דער קעניג האָט קיין וואָרט נישט גערעדט, וויל זיין געליבטע, די פירשטין פון טעשען, האָט זיך איהם שוין געהאַט צוגעזעגנט. דערפאַר איז אָבער געוועזען רעדזעליג געהיימראַט גראַף אַדאָלף מאַגנוס פאָן האָים. ער האָט לאַנג געזוכט פאַר זיך די שענסטע פרוי; ער איז עטליכע מאָל געוועזען חתן און האָט שוין געהאַלטען ביים שטעלען חופה מיט פריילין פאָן האַקסהויזען, אָבער פלוצלונג האָט ער דערזעהען די שענע האָלשטיינערין, אַננאַ קאָנסטאַנצא פון בראָקדאָרף, וועלכע איז געוועזען קאַמער-פריילין בײַ דער ברוינשווייגער קרוין-פרינצעסין. גראַף האָים האָט באַלד אָבגעלאָזען דעם שידוך און האָט חתונה געהאַט מיט פריילין אַננאַ, וועלכע ער האָט געבראַכט צו זיך אין שלאָס אין האַלבערשטאַדט, כדי קיינער זאָל זי נישט זעהען, בעזונדערס אָבער דער קעניג. און דעריבער האָט ער זי אויך יעצט נישט געבראַכט קיין דרעזדען. אין יענעם אומגליקליכען אָווענד אָבער האָט דער ווײַן איהם אויפגעבונדען די צונג און ער האָט אָנגעהויבען דערצעהלען וועגען דער שענהייט פון זיין פרוי. קעניג אויגוסט האָט זיך געמאַכט נישט גלויבענדיג, די איבריגע שרים האָבען אויך געטהון דאָס אייגענע; מען האָט געזאָגט, אַז אויב די דאַמע איז ווירקליך אַזוי שען, האָט דער גראַף זי נישט געברויכט בעהאַלטען בײַ זיך אין שלאָס. האָים איז אַרײַן אין זיץ און האָט ערקלערט, אַז ער וועט זיך אין טויזענד דוקאַטען, דאָס זיין פרוי איז די שענסטע פון אַלע.

— עה — האָט דער קעניג אויסגערופען — איך ברויך צו האָבען געלד, די אַרמעע אין פוילען קאָסט מיר זעהר פיעל; איך וויל געווינען בײַ דיר די טויזענד דוקאַטען.

פונקט ווי אחשורוש האָט חרטה געהאַט, ווען ער האָט זיך אויסגענילכטערט און האָט געוואָלט, אַז ער זאָל בעסער נישט האָבען אויסגעזאָגט זיין גזר-דין איבער ושתי, אַזוי האָט אויך חרטה געהאַט גראַף האָים אויף זיין געוועט. ער איז געגאַנגען צום קעניג און געוואָלט מבטל מאַכען זיין געוועט, ער איז שוין אַפילו מרוצה געוואָרען צו ערקלערען זיך אַלס פערשפּיעל'ט און האָט געוואָלט אַפילו אויך בעצאָהלען דאָס געוועט. דער קעניג האָט איהם אָבער אויסגעלאַכט און געהאַלטען איהם ביים וואָרט. אַזוי-אַרום איז גראַף האָים געוועזען געצוואונגען צו ברענגען זיין פרוי אין

קעניגליכען הויף, וואו זי האט ענטציקט דעם קעניג אזוי, ווי קיין פרוי נישט פריהער. אינגיכט האט איהר בעשטימט הונדערט טויזענד טאהלער פענסיע א יאהר און צוגעזאגט איהר, אז נאכ'ן טויט פון דער קעניגין וועט ער מיט איהר חתונה האבען און פונאנדעררייסען יעדע פערבינדונג מיט דער פירשטין טעשען. גראף האים האט בעקומען א גרויסע סומע געלד און האט איינגעשטימט צו שיידען זיך פון זיין ווייב. קייזער יוזעף האט געגעבען דער נייער געליעבטער פון זיין פריינד דעם טיטול די מלוכה-פירשטין קאזעל.

דאס אלץ איז געשעהען אין א צייט, ווען קארל דער צוועלפטער האט געהאלטען איין שלאכט נאך דער אנדערער, ווען פוילען איז פאר אויגוסט'ן פערלוירען געווארען און נאך דער שלאכט ביי פרוישטאדט איז אויך זאקסען געשטאנען אפען פאר די שוועדען. א קורצע צייט פאר דעם האט קעניג אויגוסט געגעבען א בעווייז פון זיין וואקלדיגען און נישט-זיכערען ווי אויך אונדאנקבארען גייסט. דער גרויס-קאנצלער פון זאקסען איז פלוצלינג ארעסטירט געווארען און אבגעפיהרט קיין קעניגשטיין, וואו ער האט זיבען יאהר געלעבט אין געפאנגענשאפט. דער גרויס-קאנצלער איז רייך געווען; ער האט דעם קעניג געגעבען פון זיין אייגען געלד א האלבען מיליאן טאהלער, וועלכע דער קעניג האט נאכ'ן ארעסט פערשפארט צו בעצאהלען.

נאך אונאיידעלער איז דער קעניג זיך בעגאנגען מיט'ן אייבען-דערמאהנטען ליפלענדער פריץ פאטקול. בשעת'ן שליסען דעם שלום מיט קארל דעם צוועלפטען אין אלטראנשטעדט, האט אויגוסט זיך געמוזט אבזאגען פון דער פוילישער קרוין און בלייבען בלויז ביים טיטול „קעניג", אבער אהן די ווערטער „פון פוילען". ער האט געמוזט אנערקענען סטאניסלאוו לעשטשינסקי'ן פאר א געזעצליכען פוילישען קעניג און ענדליך האט ער געמוזט צוזאגען ארויסצוגעבען קארל'ן, אלס א צעבונטעוועטען אונטערטאן, דעם ליפלענדישען פריץ פאטקול. אויגוסט האט בעזונדערס דערפאר נישט געדארפט איינגעהן אויף דער דאזיגער לעצטער בעדינגונג, ווייל פאטקול איז דורכ'ן צאר פעטער בעשטימט געווארען פאר א גענעראל און ער האט געלעבט אלס רוסישער געזאנדטער אין דרעזדען. אויגוסט האט איהם פונדעסטוועגען אויסגעליפערט און קארל האט געלאזען צערייסען זיין דאזיגען פיינד אויפ'ן ראד, ווייל ער איז געווען די הויפט-סבה פון אלע מלחמות. א געשריי פון אויפרעגונג און צארן האט זיך ארויבערגעטראגען איבער גאנץ איירעפא, נישט אזוי געגען קארל'ן, ווי געגען אויגוסט'ן, וועלכער האט אזוי פערלאזען זיין פריינד און האט איהם אויסגעליפערט זיין פערביטערטען פיינד. דער צאר פעטער האט אין א בריעף צום דייטשען קייזער און צו דער ענגלישער קעניגין אנגערופען איהם דער פירשט, „וואס האט אויף זיין עהרע פערגעסען".

ווערענד דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען, איז רבי בערמאַן געקומען צו־ריק אַהיים אין האַלבערשטאַדט, וואו ס׳האָט אים ערוואַרטעט אַ גרויסע פּייערונג: דער חנוכת־הבית פון דער שוהל.

די שוהל איז געוואָרען אַ פּראַכטפולער בנין, וואָס ענטציקט נאָך ער היום דעם בעזוכער. די גרויסע מאַרמאָר־סלופּעס, וועגען וועלכע מיר האָבען שוין פריהער דערצעהלט, דער אָרון־הקודש, בעפּוצט מיט פיעל פערגילדעטע בלומען און צווייגען, דער גרויסער קופּאָל, וואו עס איז גע־האָנגען אַ קאָלאָסאַלע טויב, אויסגעפּערטיגט פון זילבער און טיעף בעצויגען מיט גאָלד, איבעראַל רייך פערגילדעטע צירונגען, עהוליך צו די הייליגע כלים פון בית המקדש, די פיין־געשניצטע אַראבעסקען אויף די אויבערשטע טיילען פון די ווענד, דער גאַנצער אַרכיטעקטור־סטיל — דאָס אַלץ האָט דערוויזען, אַז דער גרינדער פון דער שוהל האָט געלעבט ביים קעניגליכען הויף און דרעזדען און האָב ליעב געהאַט פּראַכטפולע און טיעף־קונסטלע־רישע זאַכען. ניש אומזיסט דערצעהלט מען, אז רבי בערמאַן האָט גע־שאָנקען אַ גאַנץ פעסעל גאָלדענע דוקאַטען, כדי צו בעדעקען מיט גאָלד די צירונגען פון בית־הכנסת!

אויך דאָס ישיבה־לעבען האָט רבי בערמאַן געפונען צו זיין גרויסער פרייד העכסט ענטוויקעלט דורך דער בעמיהונג פון רבי הירש חריף. די ערשטע תלמידים אין דער ישיבה זענען געווען רבי משה בריסקער און רבי הירש חריף׳ס זוהן; צו זיי זענען באַלד צוגעקומען נאָך פיעל תלמידים פון די אַרומיגע שטעדט; פיעל פון זיי זענען שפּעטער געוואָרען בעריהמטע רבנים. מיר וועלען נור דאָ דערמאָהנען אייניגע פון זיי: רבי אלחנן אשכנזי, וועלכער איז שפּעטער געווען רב אין דאַנציג און האָט מחבר געווען דעם בעריהמטען „סדרי תורה"; רבי ארי׳ ליב, שפּעטער רב אין האַנאָווער, מחבר פון ספר „פני אַרי׳"; רבי ישעיה בערלין דער בעריהמטער בעל הנוסחאות אין תלמוד, רבי מאיר ברבי, שפּעטער רב אין פרעשבורג, איי־נער פון די גרעסטע חריפים אין פּאָריזען יאָהרהונדערט.

דער פלייסיגער למוד־התורה אין די ישיבות, די התמדה אין לער־נען און דער אָנבליק פון פיעל ישיבת־בחורים, האָט ערפילט רבי בערמאַנ׳ס האַרץ מיט אמת׳ער פרייד.

— אַה — האָט ער געזאָגט צום רב — הלואי וואָלט איך געקאָנט בלייבען אין האַלבערשטאַדט זיצען נעבען אייך און הערען אייער שיעור אין תלמוד! דאָ איז די אמת׳ע פרייד, די אמת׳ע צופרידענהייט, דאָס אמת׳ע גליק! דאָ לערנט מען תורה און מען הערט און זעהט נור הייליגע זאַכען און יראת־שמים! איך אָבער מוז געהן אַהין, אין מיטען אַ וועלט פון אויסגעלאַסענקייט און פון תאוות, פון שלעכטקייט און שפלות־הנפש, פון אָבגאַרערײ און פאַלשקייט. גלויבט מיר, רבי, ווען איך וואָלט געקאָנט, וואָלט איך זיך אָבגעזאָגט פון אַלץ און נור געלעבט אין עבודת־הבורא און אין

— רעדט נישט אַזוי! — האָט רבי הירש חריף געזאָגט — דאָס, װאָס איהר שהוט-אויף דאָרט, איז גרויס אָהן גלייכען. איהר אַרבייט לטובת דעם כלל-ישראל! צי ווילט איהר דען נישט, צוליעב אַזאַ הויסען תכלית, אַרוי-בערטראָגען אויך זאַכען, וואָס זענען אייך אונאָנגענעהם?

— איך קאָן אייך גאָרנישט זאָגען—האָט רבי בערמאַן געענטפערט,— װי שטאַרק עס ערפילט מיך מיט עקעל דאָס לעבען ביים קעניגליכען הויף! די אויסערליכע פראַכט און די אינערליכע פוסטקייט, די פיינע פאָרמען פון אויסערנוועניג און די שרעקליכע פערפוילטקייט אינעווייניג, די גלענ-צענדע זינדיגקייט — אַבנאַרעריי, שקרים און פאַלשקייט. ווערט עמיצער אַ חשוב ביים קעניג, ליעגט אַלץ ביי איהם ביי די פיס, פאַלט ער, טרעט איהם יעדערער מיט די פיס. און ביי אַלעם דעם איז דער באָדען, אויף וועלכען מען געהט דאָרט אַרום, שפיגעל-גלאַט—ווי לייכט קאָן מען פאַלען!

מען וואָלט נעקאָנט זאָגען, אַז רבי בערמאַן האָט געשפירט אין האַר-צען, דאָס איהם שטיהען-פאָר גרויסע געפאַהרען אין דער צוקונפט. אומ-זיסט האָט דער רב איהם געטרייסט מנצח צו זיין די דאָזיגע שרעקענדע געפיהלען.

דאָס חנוכת-הבית איז אַריבער. רבי בערמאַן האָט געמוזט אָבפאָה-רען צוריק קיין דרעזדען. דאָרט האָט ער זיך איינגעאָרדענט אַ גאַנצעווירטשאַפט, ווי אויך אַ שוהל און אַלץ, וואָס אַ יוד ברויכט צו האָבען און זיין יודישען לעבען.

---

## 22) די געשעפטען אין קעניגליכען הויף.

קאַרל XII האָט איבערגעוויגטערט אין זאַקסען, נאָכדעם ווי ער האָט אַרויפגעלעגט געוואַלטיגע קאָנטריבוציעס אויף די שטעדט. זיין אַרמעע האָט געמוזט אויסגעהאַלטען ווערען דורך זאַקסען. אין פריהלינג האָט ער זיך געריהרט פון אָרט, כדי צו וואַרפען זיך אויף זיין דריטען פיינד, אויפ'ן צאַר פעטער, וועלכען ער האָט געוואָלט דערניעדעריגען אַזוי ווי ער האָט דערניעדעריגט קעניג פרידריך פון דענעמאַרק און קעניג אויגוסט פון פוילען. דער צאַר האָט צו איהם געשיקט שליחים און פאָרגעלעגט אַ שלום. „אין מאָסקווא וועלען מיר מיטער רעדען מכח דעם"! — האָט קאַרל שטאָלץ געענטפערט. פעטערבורג איז נאָך דאַמאָלס נישט געוועזען אויפגעבויט, און קאַרל האָט זיך געלאָזט געהן אויף מאָסקווא. עס האָט איהם אָבער פערפיהרט דער קאָזאַקען-העטמאַן מאַזעפאַ און איבערגערעדט, אַז ער זאָל ענדערען די ריכטונג און געהן קיין אוקראַינא, וואו ס'האָלט ביי'ם אויסברע-כען אַ קאָזאַקען-אויפשטאַנד. אָבער אויסנעלאָזען האָט זיך אַנדערש: די

קאָזאַקען האָבען קיין בונט נישט געמאַכט און קאַרל האָט געמאַכט אַ מיאוס'ן פעהלער. צו אַ שלאַכט איז עס געקומען ביי פּאָלטאַווא. דורך די אויסגעצייכענטע פּאָזיציעס, וואָס דער שוועדישער העלד האָט פאַרנומען, האָט דער נצחון שוין געקעהרט זיך צו איהם. אָבער פּלוצלונג האָט אַ קויל געטראָפען דעם קעניג און ער איז פון פערד אַרונטערגעפאַלען. דער קעניג האָט דערויף נישט אַכטונג געגעבען און געפיהרט די שלאַכט ווייטער. נישט קאָנענדיג זעצען זיך אויפ'ן פערד, האָט קאַרל זיך געלאָזט טראָגען אין אַ בעטעל. ס'האָט אויסגעוויזען, אַז זיין מיליטערישע זשעני וועט ווידער מנצח זיין, אָבער דאָ איז פאָרגעקומען אַ מיספערשטענדניש: איינער פון זיינע בעפעהלען איז שלעכט פערשטאַנען געוואָרען, און אַ גענעראַל האָט געמאַכט נישט יענע בעוועגונג, וואָס ער האָט פערלאַנגט. די שוועדישע רייהען זענען צוליעב דעם אַדורכגעריסען געוואָרען, דער גרעסטער טייל פון דער אַרמעע איז אויסגעהרג'עט געוואָרען און נור מיט מיה איז קאַרל'ן געלונגען צו אַנטלויפען פון געפאַנגשאַפט. ער איז אַנטלאָפען קיין בענדערי צו די טערקען און האָט דאָרט בעמיהט זיך צו דערהויבען זיי געגען רוסלאַנד.

קאַרל'ס מפלה איז געווען אַ שרעקליכע; זיין מאַכט איז געבראָכען געוואָרען; פון פּאָלטאַווא הויבט זיך אָן די אייראָפּעאישע בעדייטונג פון רוסלאַנד.

די ידיעה וועגען דעם חורבן פון דער שוועדישער אַרמעע איז אויפגענומען געוואָרען מיט אונגעהייערער שמחה אין דרעזדען; יעצט איז פּוילען ווידער פריי געוואָרען. סטאַניסלאַוו לעשטשינסקי האָט נישט געהאַט קיין מאַכט און קיין אָנזעהען; ער איז אויך נישט געווען פערבונדען אין מחותנות'שאַפט מיט'ן פּוילישען אַדעל. דורך דער מפלה פון שוועדישען קעניג האָט ער פערלוירען זיין שטיצע. אויגוסט האָט נור געבראַכט ערשיינען אין פּוילען מיט אַ פולען בייטעל געלד און מיט סאָלדאַטען. דער טראָהן וואָלט איהם שוין ווידער געהערט. וואו נעהמט מען אָבער דעם אָנגעשטאָפּטען בייטעל?

אין דרעזדען האָט מען אָבגעהאַלטען אַ מיניסטאָרען-ראַט. די גרויסע פראַגע, וואָס איז געשטאַנען אויף דער טאָגעס-אָרדנונג, איז געווען: וואו נעהמט מען געלד? נייע שטייערען אַרויפלעגען? דאָס לאַנד איז אָבער שוין געווען העכסט ערשעפּט. אויפ'ן פּאַפּיר וואָלט מען געקאָנט אָנשרייבען שטייערען, וויפיעל מען וואָלט געוואָלט, אָבער איינמאָהנען זיי וואָלט מען נישט געקאָנט.

— קיין אַנדער ברירה איז נישטאָ—האָט געזאָגט פלעמינג—ווי מאַכען אַ הלואה.

— דער רעזידענט זאָל קומען! — האָט בעפוילען דער קעניג.

רבי בערמאַן איז אַריינגעקומען.

— בעהרענד—האט דער קעניג געזאָגט—איך ברויך צו האָבען געלד, פיעל געלד! איך מוז ווידער איננעהמען פוילען. דו האסט מיר געהאָלפען דעם ערשטען מאָל צו בעקומען די פוילישע קרוין, טהו עס אויך יעצט, העלף מיר צוריק צו בעקומען די פוילישע קרוין! מאַך פאַר מיר אַ הלואה, בעהרענד! וויפיעל געלד ועלען מיר ברויכען צו האָבען, פּערמינג?

— זעקס מיליאָן טהאָלער! — האָט דער גענעראַל-פעלדמאַרשאַל און פּרעמיער-מיניסטער געענטפערט.

— מאַיעסטעט — האָט רבי בערמאַן געזאָגט — אַ הלואה און נאָך דערצו אַזאַ גרויסע איז שווער צו בעקומען. אויף דער וועלט הערשט יעצט אַ דוחק אין געלד, ווי נאָך קיינמאָל נישט פריהער. די מלחמות אין שפאַניען און אין צפון-אייראָפּא האָבען איינגעשלונגען אונגעהויער גרויסע סומען געלד. דער קרעדיט איז שרעקליך געפאַלען. ווער עס האָט געלד, בעגראָבט עס בעסער אין דער ערד, איידער צו אַנטלייהען עס אפילו פאַר גרויסע פּראָצענטען. און דאַן, מאַיעסטעט, ענטשולדיגט מיר, מיין קעניג פאַר מיין אָפען וואָרט — זאַקסענס קרעדיט איז זעהר אויסגעשעפּט, און פוילען האָט מען נאָך צוריק נישט איינגענומען. ווען דער שוועדישער קעניג קומט צוריק פון טערקיי... פערצייהונג, מאַיעסטעט, נישט איך רייד עס, די מענשען, וואָס וועלען דאַרפען געלד געבען, וועלען עס זאָגען. ניין, קיין הלואה איז נישט מעגליך.

— אַלזאָ מוזען מיר דאָך פאָרט הערכען די שטייערען — האָט אויגוסט אויסגערופען.

— פון אַנ'אויסגעפרעסטען לימאָן — האָט פירשטענבערג געזאַגט — קאָן מען מעהר נישט אויסקוועטשען.

אויגוסט האָט אַ זעץ געטהון מיט'ן פוס.

— אַלזאָ זאָל איך דאָ זיצען מיט צוזאַמענגעלעגטע הענד — האָט ער אויסגערופען — און איבערלאָזען די צעבונטעוועטע וואָיעוואָדאַ'ס פון פויזען די קרוין, וועלכע געהערט מיר לויט ג-טליכען און מענשליכען געזעץ! גיט אַנ'עצה, איהר חערערען! צו וואָס דען זענט איהר מיניסטאָרען? שאַפט מיר געלד, אָבער איך שיק אַלע צוזאַמען אין די פעסטונג קעניגשטיין! בעהרענד, דו ביזט דאָך עפּעס אַ חכם אויף אַזעלכע זאַכען, וואָס שווייגסטו? צי וואָס האָב איך דיך דען דערהויבען צו מיין רעזידענט, ווען דו קאָנסט מיר נישט שאַפען קיין געלד?

— מאַיעסטעט — האָט רבי בערמאַן געזאָגט — איך וואָלט אפילו יאָ געוואוסט אַ מיטעל, אָבער מיין אַלערגנעדיגסטער קעניג דאַרף אויף מיר נישט בייז זיין, ווען...

דער קעניג האָט גענומען אַ פאָדקאָווע, וואָס איז געלעגען אויפ'ן טיש און האָט זי צעבראָכען אויף די העלפט, אַ שטיינער, ווי זי וואָלט

בעוועו פון האַלץ, דאַן האָט ער בײַרע שטוקער אַ שלײַדער געטהון אין מיטען זאַל.

— רײַד — האָט ער אויסגערופען — איך בעפעהל עס דיר! איך וויל און מוז געלד האָבען.

אַלע שרים האָבען געקוקט געשפּאַנט אויף רבי בערמאַן.

דער לעצטער האָט גערעדט לאַנגזאַם און פײַערליך:

— זאַקסען-לויענבורג.

— וואָס—האָט דער קעניג אויסגערופען — איך זאָל פערקויפען דאָס גאַנצע הערצאָגטום, וואָס איך האָב נור-וואָס בעקומען בירושה? צי האָט מען דען ווען געהערט, אַז אַ הערצאָגטום זאָל פערקויפט ווערען?

— איך וואָלט זאָגען—האָט פירשטענבערג אַרויסגעזאָגט פאָרזיכטיג זײַן מיינונג—אַז מען ברויך יאָ צו פערקויפען אַ הערצאָגטום, כדי דאַדורך ווידער צו געווינען אַ קעניגרײַך.

— און דו האָסט אַ קונה, בעהרענד? — האָט דער קעניג געפרעגט.

— אײַער מאַיעסטעט קענען, ווי איך, אַ קורפירשט, וואָס זײַן פאָטער איז נאָך דאָ נישט לאַנג געווען הערצאָג און זײַן לאַנד איז געוואָרען צו-קליין פאַר'ן קורפירשטליכען הויף.

— האַנאָווער! — האָט דער קעניג אויסגערופען.

— אײַער מאַיעסטעט'ס אונטערטעניגסטער דינער—האָט רבי בערמאַן געזאָגט—איז דאָ נישט לאַנג געווען אין האַנאָווער. בײַ אַנ'אַלטען פרײַנד דעם הויף-פאַקטאָר ליפמאַן, האָב איך געטראָפען דעם גראַף קילמאַנסעגג. מײַן פרײַנד האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר'ן גראַף, — אָה, האָט דער גראַף, וועלכער איז האַנאָווער מיניסטער, געזאָגט—איהר זענט דער רעזידענט פון זײַן מאַיעסטעט דעם קעניג פון פוילען? איהר זענט עס, וועד עס האָט פערקויפט דעם בראַנדענבורגער קורפירשט גוועדלינגבורג און ניטין?

— ווען איך האָב געענטפערט, אַז איך בין עס, האָט דער גראַף געפרעגט: פאַר וואָס זענט איהר נישט געקומען צו אונז? — עקסעלענץ — האָב איך געזאָגט — וואָס וואָלט דען דער האַנאָווער קורפירשט געקאָנט מאַכען מיט ווינען? דאָס וואָלט דאָך זײַן לאַנד נישט קיין גרעסערע מאַכען! — איהר האָט רעכט—האָט דער גראַף געענטפערט.—אָבער דאָ האָט זײַן מאַיעסטעט פון פוילען בעקומען בירושה אַ הערצאָגטום אויף ניעדער-עלבע, וואָס ליעגט אויף דער גרענעץ פון זײַן דורכלויכט דעם הערצאָג ערנסט פאָן ליגענבורג. דאָס וואָלטען מיר געקאָנט ברויכען! — עקסעלענץ — האָב איך געזאָגט—אַ הערצאָגטום קויפט מען נישט, ווי אַנ'איי מיט פוטער-ברויט. דער גראַף האָט זיך צעלאַכט און געזאָגט: אונזער שאַץ-קאַמער איז פול; מיר האָבען פיעל מיליאָנען. פאַר דאָס הערצאָגטום וואָלטען מיר בעצאָהלט וויפיעל מען זאָל נור פערלאַנגען,— אָבער—האָב איך געענטפערט—זײַן מאַיעסטעט וועט ביליג נישט פערקויפען דאָס הערצאָגטום.

דער קעניג האָט געשפּאַנט אונרוהיג אין צימער אַרויף און אַראָב, נישט קאָנענדיג זיך בּעשליסען, וואָס צו טהון. און אָט האָט זיך געעפענט די טהיר און די רייכס-גרעפין קאָזעל איז אַריינגעקומען אין אַ עלעגאַנטען רייט-קאָסטיום. נישט שיקענדיג קיין בּליק די שרים, וועלכע האָבען זיך פאַר איהר טיעף פערבּויגען, איז זי צוגעפלויגען צום קעניג און האָט אויסגערופען:

— וואו בּלייבּסטו, אויגוסט? צי האָסטו פערגעסען, אַז מיר דאַרפען רייטען שפּאַצירען? צי בּיזטו דער גאַלאַנטער אויגוסט, וועלכער איז בּעריהמט אין דער גאַנצער וועלט מיט זיינע פיינע הויפישע מאַניערען? ווי אַזוי קאָנסטו דיין פרוי לאָזען וואַרטען (די דאָזיגע פלגש האָט זיך שטענדיג אַרויסגעשטעלט אַלס די ווירקליכע פרוי).

— אַננאַ — האָט דער קעניג געזאָגט, נישט אַכטענדיג אויף איהר פאָרוואורף — איך בּרויך צו האָבען געלד, פיעל געלד. דאָס לאַנד איז ערשעפּט און קיין נייע שטייערען קאָן מען נישט צונויפנעהמען; קיין קרעדיט האָב איך אויך נישט; קיינער וויל מיר נישט בּאָרגען. איך אָבער מוז צוריקבּעקומען פּוילען! דערצו בּרויך איך צו האָבּען 6 מיליאָן טהאָלער, וואָס זאָל איך טהון?

— יאָ, וואָס מיינסטו צו טהון?

— זאָל איך זיך אָבּזאָגען פון פּוילען?

— ניין, דאָס זאָלסטו נישט טהון! פע, אַ קעניג אָהן אַ קעניגרייך!

— וואָס זאָל איך טהון? גיב דו מיר אַן עצה! צי זאָל איך לאַוענבּורג פערקויפען? זאָג, דו בּיזט דאָך אַזוי קלוג!

— ווייסטו, אויגוסט, וואָס דו זאָלסט טהון? זאָל זיך דיר דאַכטען, אַז דיין פעטער פון זאַקסען-לאַוענבּורג לעבּט נאָך אָדער ער איז געשטאָרבּען און האָט איבּערגעלאָזען אַ זוהן אַ יורש, אַזוי-אַרום וואָלסטו דאָך געמוזט אויסקומען אָהן דאָס הערצאָגטום. פערקויף לאַוענבּורג! איך בּין מיט דאָזיגען לאַנד בּעקאַנט, ס'איז ווערט אַ היבּש בּיסעל געלד!

— פלעמינג, — האָט דער קעניג געזאָגט, — לאָז אויספערטיגען די בּעפאָלמעכטיגונגען פאַר'ן רעזידענט. אַ גליקליכע רייזע, בּעהרענד! אָבּער נישט ווענינגער, ווי זעקס מיליאָן. צי הערסטו? אָט אַזוי. יעצט לאָ'מיר געהן רייטען.

און ער האָט דערלאַנגט דעם אָרעם דער גרעפין און האָט פערלאָזען דעם זאַל, בּעגריסענדיג אַלעמען.

די מיניסטאָרען זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען אין פערשיעדענע סתירען. רבּי בּערמאַן איז אַרויסגעגאַנגען מיט'ן גענעראַל-פעלדמאַרשאַל.

— בּעהרענד! — האָט דער גענעראַל געזאָגט, ווען זיי זענען אַליין געבּליבען, — איהר מאַכט דאָ אַ גוט געשעפט, אָבער איך מוז אויך אַ חלק האָבען, ווען נישט וועל איך שטערען דעם עסק. וואָס ועט איהר מיר געבּען, ווען דאָס געשעפט וועט געענדיגט ווערען?

— 50 טויזענד טאָלער, עקסעלענץ! — האָט רבי בערמאַן געזאָגט.

— אָבגעמאַכט, — האָט דער מיניסטער גענטפערט, — איך וואָלט טאַקע אַ פּעניג וועניגער ניט גענומען.

## 23) די גנבה אין וועג.

רבי בערמאַן איז נאָך דעמזעלבען טאָג אָבגעפאָהרען קיין האַנאָווער און נאָך לאַנגע און מיהפולע אונטערהאַנדלונגען האָט ער דאָס געשעפט געשלאָסען. צוערשט האָט מען איהם געבאָטען אַנדערטהאַלבען מיליאָן טהאָלער און ערשט נאָך פיעל דינגעניש האָט מען איינגעשטימט צו געבען איהם די געפאָדערטע זעקס מיליאָן. דאָך ווייל מען האָט דערביי געדאַרפט אויסגעבען דאָס געלד, אויף וועלכע אַלע פירשטען פון וואַלפישען הויז האָבען רעכט געהאַט, האָט מען געמוזט האָבען די הסכמה פון די אַנגאַ־טען, פון די הערצאָגען פון ליגענבורג און פון ברוינשווייג. כדי ניט צו פערשלעפען די זאַך האָט רבי בערמאַן אַליין געמאַכט אַ רייזע אין די דאָ־זיגע הויפען. אין ליגענבורג האָט ער די זאַך געענדיגט געשווינד, ווייל הערצאָג ערנסט האָט געדאַרפט אַליין בעקומען לאַיענבורג. פיעל שווערער איז עס געווען מיט ברוינשווייג, ווייל דער ברוינשווייג ער האָט קיין אויסזיכט ניט געהאַט צו בעקומען אַ מאָל דאָס הערצאָגטום. רבי בערמאַן האָט זיך דעריבער געזעהען געצוואונגען צו פערבלייבען אין ברוינשווייג לענגער. זיין קוטשער יאָהאַן—פעטער, דער בערן־טויטער, האָט זיך אויף דער עלטער געלעגט אויסרוהען — האָט זיך אַריינגעלאָזען אין שכרות. ער פלעגט אָפט שפּיעלען און האָט זיין געלד פערשפּיעלט און דערצו נאָך געמאַכט חובות. געשפּיעלט האָט ער מיט צוויי חברים, יונגע־לייט, העגדלער, וועלכע האָבען דאַן—ס'איז געווען יריד־צייט,— געהאַנדעלט אין ברוינשווייג. איינער פון זיי האָט געהייסען ווינצענץ און איז געווען אַ גע'שמד'טער יוד; ער איז געווען געבירטיג פון ברעסלוי און האָט פריהער געהייסען שבתי. ווען ער האָט זיך געשמד'ט האָט ער זיך פעראייניגט מיט אַ באַנדע גנבים. דער צווייטער חבר איז געווען מיטגליעד פון דער דאָזיגער באַנדע. אין אָט דער חברותא האָט יאָהאַן פערשפּיעלט זיין גאַנץ געלד. אין דער הברותא איז אויך געווען אַ יונג פעטערמאַן פון אַסטעראָדע, און אָט האָבען זיי איינגערעדט יאָהאַנ'ען אַז ער זאָל זיי אַריינפיהרען אין רבי בערמאַנס וואָגען, כדי איהם צו בע־גנב'ענען. דער עהרליכער יאָהאַן האָט זיך לאַנג געשטעלט אַנטקעגען, ביז לסוף האָט ער נאָכגעגעבען.

רבי בערמאַן האָט גור־וואָס בעזוכט דעם הערצאָגליכען דירעקטאָר איבער די מלוכה־גיטער, ברוין, און בעקומען די הסכמה, אָהן וועלכער דער הערצאָג האָט זיין איינענע הסכמה ניט געוואָלט געבען, אַז מען זאָל אויסגעבען געלד אויף דער קניה פון לאַוענבורג. רבי בערמאַן איז צופרידען

געפֿירט אַהיים, אָבער דאָרט צו זײַן שרעק געפֿונען אויפֿגעבראָכען זײַן קאַסע און דאָס געלד אַרויסגענומען; אויסערדעם האָט מען בײַ איהם צוגעגנב'עט דעם טײַערען פֿוטער, וואָס דער קעניג אויגוסט האָט איהם געשאָנקען, ווי אויך אַ גאָלדענע טאַבאַק-פּושקע, בעזעצט מיט דימענטען, וועלכע דער האַנאָווער קורפֿירשט האָט איהם נור-וואָס געשאָנקען.

רבי בערמאַן האָט תיכף געמעלדעט די זאַך דער פּאָליציי, וועלכע האָט באַלד פֿעראָרדענט אָנצוהויבען פֿיהרען אַן אויספֿאָרשונג.

די גנבים האָבען דערווײַל איבערגעגעבען דאָס פֿוטער מיט דער טאַבאַקערקע אַ דריטען חבר, וועלכער האָט תיכף פֿערלאָזען בראַונשווײַג. דאָס געלד אָבער האָבען די גנבים בעהאַלטען אין אַ שטאַל בײַ אַ שכן אונטער'ן היי, כדי אַז בײַ אַ רעוויזיע זאָל מען בײַ זיי קיין געלד נישט געפֿינען. די דאָזיגע פֿאָרזיכטיגקייט איז טאַקי געווען נויטיג, ווײַל ס'האָבען זיך באַלד געפֿונען עדות, וועלכע האָבען געזעהען די גנבים אַרײַנגעהן צו רבי בערמאַן אין דער וואוינונג. מען האָט די גנבים אַרעסטירט, נאָך איידער זיי האָבען בעקאָנט אײַנגאַנצען דאָס געלד — 1200 דוקאַטען — בעהאַלטען, און ווען זיי האָבען געלייקענט אין דער גנבה, האָט מען זיי, לויט די דאַמאָליגע מנהגים, געדאַרפֿט לאָזען פּײַניגען; רבי בערמאַן האָט אָבער אַליין געבעטען, אַז מען זאָל דאָס נישט טהון. זײַן געלד האָט מען אין שטאַל ענטדעקט און אָבגעגעבען איהם, און ווען די ריכטער האָבען פֿון איהם פֿערלאַנגט, אַז ער זאָל זײַן עדות-זאָגען בעקרעפֿטיגען מיט אַ שבועה, האָט ער געזאָגט: מײַנע העררען ריכטער! איך זאָג זיך אָב פֿון דער ווײַטערדיגער אויספֿאָרשונג. מײַן געלד האָב איך דערהאַלטען און פֿון די איבריגע געגנב'עטע זאַכען זאָג איך זיך אָב. איהר פֿערלאַנגט פֿון מיר, אַז איך זאָל געבען אַ הייליגע שבועה נור כדי צו בעשטראָפֿען פֿערברעכער. אײַער פֿליכט איז עס טאַקי, אָבער הערט נור מײַנע מאָטיווען, פֿאַר וואָס איך מוז זיך אָבזאָגען פֿון אַ שבועה. אין עטליכע טעג אַרום איז בײַ אונז ראש-השנה און לויט ווי אונזערע חכמים, זכרונם לברכה, האָבען אונז געלערנט, איז עס אַ געריכטס-טאָג פֿאַר אַלע ברואים. און אָט שטעה איך דאַן פֿאַר ג-ט'ס טראָהן און בעט רחמים, וואָרום פֿאַר דעם אויבערשטען זענען מיר אַלע זינדיגע מענשען. איהר אָבער פֿערלאַנגט פֿון מיר הײַנט אַ שבועה, דורך וועלכער איך זאָל צוויי מענשען אין אומגליק אַרײַנשטויסען, אפשר גאָר ברענגען זיי דעם טויט, וועהרענד זיי וועלען אפשר אויף דער פֿרײַהייט ווידער תשובה האָבען אויף זייער זינד און ווערען עהרליכע לײַט. צי טאָר איך דאָס טהון? בײַדע פֿערדעכטיגע גנבים זענען נאָך יונג; איינער איז אַ שלעכטער קריסט, דער צווייטער—אַ שלעכטער יוד; ווי איך הער איז אָט דער לעצטער אַ חתן פֿון אַ מיידעל, וואָס איז אַ טאָכטער פֿון זעהר עהרליכע לײַט. איך בעט אײַך, פּאַרדאָנירט די פֿערברעכער און גיט זיי צײַט אויסצובעסערן זיך.

די ריכטער האָבען מיט פֿערוואונדערונג געהערט רבי בערמאַן'ס רעדע אין יענער צײַט האָט דאָס געריכט נישט געוואוסט פֿון חסדים; פֿאַר שווערע

גנבות פֿלעגט מען בעשטראָפֿען מיט'ן טויט, און די ריכטער זענען געווען שטענדיג צופֿרידען, ווען דורכ'ן פּייניגען איז זיי געלונגען אַרויסצובעקומען ביי איהם, אַז ער זאָל זיך מודה זיין, און דערנאָך זאָלען זיי איהם קאָנען פֿער'משפּט'ען. אָבער די הויך-האַרציגע ווערטער פֿון רבי בערמאַנ'ען האבען געמאַכט אויף זיי דעם שטאַרקסטען איינדרוק. מען האָט די אויספֿאָרשונג אָבגעשטעלט און בעפֿרייט ביידע גנבים, נור פֿון ברוינשוויג האָט מען זיי אַרויסגעטריבען.

מיט שרעק און ציטערניש האָט דער אונגעטרייער יאָהאַן געוואַרט אויפ'ן סוף פֿון דער אויספֿאָרשונג. ווען זיינע מיטשולדיגע וואָלטען געפּייניגט געוואָרען, וואָלטען זיי זיכער אויסגעזאָגט, אַז ער האָט זיי מיטגעהאָלפֿען אין דער גנבה. יעצט אָבער איז ער אַרויס אָהן שאָדען פֿון דער געפֿאַהר.

די פֿערברעכער האָבען אָבער נישט ערפֿילט די האָפֿנונג, וואָס רבי בערמאַן האָט אויף זיי געלעגט. נאָכדעם ווי זיי האָבען אַ לאַנגע צייט זיך ווידער פֿערנומען מיט גנבות, האָט מען זיי ווידער אַרעסטירט מיט אַ גאַנצער באַנדע פֿון צוואַנציג גנבים. דאָס מאָל האָט זיך שוין נישט געפֿונען קיין מליץ-יושר פֿאַר זיי. מ'האָט זיי געפּייניגט, און זיי האָבען זיך מודה געווען אין אַלע גנבות און איינברעכונגען, ווי אויך אין דער גנבה אויפ'ן ברוינשווייגער יריד ביים קעניגליכען רעזידענט בעהרענד לעהמאַן. די גאַנצע באַנדע איז פֿעראורטיילט געוואָרען צום טויט דורך דער תּליה. דעם אונגליקליכען יוד האָט מען געפּייניגט נאָר מיט אַ בעזונדער פֿערגניגען. מען האָט איהם נישט ערלויבט צו רופֿען צו איהם אַ רב, אָדער אַזוי אַ יודען צו זאָגען מיט איהם ודוי. מען האָט איהם געוואָלט אָב'שמד'ען מיט געוואַלט און ווען ער האָט דערפֿון זיך ענערגיש אָבגעזאָגט, האָט מען פֿון איהם גענומען אַ בעזונדערע נקמה. אַ טאָג נאָכ'ן אויפֿהענגען איהם האָט מען איהם אַראָבגענומען פֿון דער תּליה, אויסגעשניטען די צונג און פֿערברענט. דאַן האָט מען דעם טויטען גוף ווידער אויפֿגעהאָנגען מיט די פֿיס אַרויף נעבען אַ נע'פֿגר'טען הונד און דער אָרטיגער גלח, מייגסטער האָזמאַן, האָט געשריבען ביי דער געלעגענהייט אַ בוך: „דאָס שווער צו בעקעהרענדע יודישע האַרץ".

אָבער אויך דער אונגעטרייער יאָהאַן, וועלכער האָט מעגליך געמאַכט די גנבה אין ברוינשווייג, האָט נישט געדאַרפֿט בלייבען אונבעשטראָפֿט. נור ווענען דעם — שפּעטער.

## 24) די הויכע מעקלער און זייערע געשעפטען.

ווען רבי בערמאַן איז געקומען צוריק קיין דרעזדען, האָט ער גע־פונען די שטאָדט און דעם קעניגליכען הויף אין גרויסער אויפרעגונג. מען האָט שוין פערגעסען אָן דער מלחמה־צייט; ס'האָט זיך אָנגעהויבען אַ צייט פון בעלער און פייערליכקייטען, וועלכע האָבען זיך געצויגען אָהן הפסקות. דער דענעמאַרקישער קעניג, פרידריך IV, איז אויפ'ן וועג צוריק פון איטאַליען געווען צוגאַסט ביים קעניג אויגוסט און לכבוד איהם האָט מען געמאַכט בעלער און פייערליכקייטען, וועלכע האָבען מיט זייער פראַכט און גלאַנץ איבערגעשטיגען אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען פריהער. רבי בערמאַן האָט זיך געלאָזט מעלדען ביים קעניג און ער האָט בעקומען אַן'אוידיענץ. ווען ער איז אַריינגעקומען, האָט ער דערהערט, ווי גרעפין קאָזעל רופט אויס העפטיג:

— איך וויל אַזוי און אַזוי מוז עס זיין!

— ברוך הבא, בעהרענד—האָט דער קעניג אויסגערופען צום אַריינ־קומענדען. -ברענגסטו גוטע ניעס?

רבי בערמאַן האָט נישט געקאָנט ענטפערן, וויל די גרעפין האָט געשריען:

— דו וועסט זיך נישט אויסדרעהען, אויגוסט! קודם מוזסטו ענט־שיידען וועגען דער פראַגע, איידער איך וועל ערלויבען, אַז דו זאָלסט אָנ־הויבען אַנ'אַנדער געשפרעך.

— אָבער, אַננאַ, ס'האַנדעלט זיך וועגען וויכטיגע עסקים!

— פאַר דיר איז נישטאָ קיין וויכטיגערע זאַך, ווי צו ערפילען מיין פערלאַנג. אַלזאָ, נאָך אַמאָל! די קעניגין מוז טיילנעהמען אין שפיעל.

— בעהרענד, זיי דו דער ריכטער, מיין פרוי...

— נו, פון מײַנעטװעגען זאָל זײַן אַזױ. די קעניגין עבערהאַרדין װיל נישט מײַלנעהמען אין׳ם גענער־שפּיעל, װאָס מיר אָרדנען אײַן, סײַדען מען װעט איהר געבען די הױפּט־ראָלע. דאָס איז אַ שפּיעל פון דער מיטאָ־לאָגיע, איך װיל שפּיעלען די ראָלע פון׳ם אָבגאָט אַפּאָלאָ, דעם פיהרער פון זון־װאָגען; די הױפּט־ראָלע געבען מיר האָט בעגנומען פאַר זיך אַננאַ, זי װיל שפּיעלען די ראָליע פון דער געטין דיאַנאַ, די פיהרערין פון לבנה־װאָגען.

— צי געהערט מיר דען נישט די דאָזיגע ראָלע?

— אַװדאַי, אַװדאַי, דו ביסט די שטראַהלענדע געטין און מײַן הױף, די שענסטע פרױ אין מײַנע מדינות. דו װעסט מאַקי האָבען די דאָזיגע ראָלע, אָבער דאַן מוזטו ערלױבען דער אָרימער קעניגין, אַז זי זאָל גאָר־נישט דאַרפען מײַלנעהמען אין שפּיעל.

— נײַן, מאַקי אָט דאָס װיל איך נישט. זאָל די קעניגין דורך איהר אָנװעזענהײַט פראָקלאַמירען פאַר דער גאַנצער װעלט, אַז איך האָב רעכט, אַלס דײַן פרױ, צו פערנעהמען מײַן אָרט נעבען דיר און אַז זי געהערט אַהינצו, װאוהין איהר אײַנפאַכע פערזענליכקײַט שטעלט איהר! זאָל זי אַלס װעסטאַלין דערהאַלטען דאָס פײַער פאַר די קרבנות.

— נו, בעהרענד, װאָס זאָגסטו דערצו?

— ענטשולדיגט מיר, מאַיעסטעט—האָט רבי בערמאַן געענטפערט — און אַזעלכע ענינים האָב איך נישט צו זאָגען קײן אורטײל.

— װאָס—האָט אױסגערופען די שטאָלצע געליעבטע פון קעניג און צאָרן—דו, יודע, ערלױבסט זיך צו ענטשײַדען נישט אַזױ, װי איך װיל? װען איך האָב אַרױסגעזאָגט מײַן מײַנונג, דאַרף זיך קײנער נישט ערלױבען צו זאָגען, אַז ער װײס נישט, װער עס איז גערעכט. איך בין שטענדיג גערעכט, שטענדיג!

אױגוסט האָט זיך צעלאַכט אױפ׳ן קול.

— נעה, בעהרענד—האָט ער געזאָגט—און מײַד־אױס דעם צאָרן פון דער רײַצענדער סולטאַנין. אַנדערש װעט זי פּאָרערן, אַז איך זאָל דיך לאָזען קעפּען. קום מאָרגען װידער, דאַן װעל איך דײַן בעריכט אױסהערען.

די גרעפין קאָזעל האָט, נאַטירליך, אױסגעפיהרט, װאָס זי האָט גע־װאָלט. אויף דער פּײַערליכקײַט זענען געװען העכער 1500 קאַװאַליערען און העכער 40 מלכים, הערצאָגען, פּרינצען און פּרינצעסינס; די גרעפין האָט בעצױבערט די װעלט אַלס די געטין דיאַנאַ, װעהרענד די אָרימע, בעדרױ־ערנסװערטע קעניגין האָט געשפּיעלט די שטילע ראָלע פון אַ װעסטאַלין און דערװעקט נור מיטלײַד צו איהר פּערזאָן.

אױך אױף דעם צװײטען טאָג האָט רבי בערמאַן נישט געקאָנט זיך דערשלאָגען צו אַנ׳אױדיענץ, דען מען האָט װידער אַמגעאָרדענט אַ גרױ־

סען פּאַראַד. אַ גאַנצע רײַהע ריטער האָבען פֿאָרגעשטעלט אַלע פֿערשידענע לענדער און װעלט־טײלען. די ערשטע אָבטײלונג, די אײראָפּעאישע, איז געשטאַנען אונטער דער אָנפֿיהרונג פֿון דענעמאַרקישען קעניג; אין דער אָבטײלונג זענען געװען ריטער אין שפּאַנישע און פֿראַנצויזישע קאָסטיומען אין נאָרמאַנישער און דײַטשער בעװאָפֿנונג, אין גריכישע און איטאַליענישע נאַציאָנאַלע מלבושים. די צװײטע אָבטײלונג, די פּרעכטיגסטע, איז געװען די פֿון אַפֿריקא מיט קעניג אױגוסט אין שפּיץ. נאָך איהם זענען געגאַנגען די מױרישע ריטער אין רײַכע און פֿאַנטאַסטישע אָנצוגען. ניט װעניגער פֿאַנטאַסטיש, אױב אױך ניט אַזױ רײַך, איז געװען די דריטע אָבטײלונג, די אַזיאַטישע, װעלכע ס'האָט געפֿיהרט דער הערצאָג פֿון זאַקסען־װײַסענפֿעלד, װעהרענד די פֿירטע אָבטײלונג, די אַמעריקאַנישע, װאָס איז בעשטאַנען פֿון לױטער אינדיאַנער הױפּטלינגען אין װילד־ראָמאַנטישע אָנצוגען מיט שטרױס־פֿעדערן אױף די קעפּ, האָט געפֿיהרט דער פּרינץ פֿון זאַקסען־װײַסענפֿעלד, אױף אַ הױכען טראָהן איז געזעסען די גרעפֿין קאָזעל. זי האָט געדאַרפֿט אױסטײלען קראַנצען די זיגער אין שפּיעל און אַלײן זײ בעפּוצען. דעם ערשטען פּרײַז אין שפּיעל אין אַ סומע פֿון 30 טױזענד טהאַלער האָט געװאונען דער פּרינץ פֿון זאַקסען־װײַסענפֿעלד.

און אָװענד האָט מען אײַנגעאָרדענט אַ פֿײַערװערק, װאָס האָט געקאָסט 80 גולדען און האָט פֿאָרגעשטעלט די בעלאַגערונג פֿון רינסעל. האַרט פֿאַר'ן אָנהױב פֿון פֿײַערװערק איז אין דרעזדען אױסגעבראָכען אַ מורא'דיגע שרפֿה און פֿון פֿיעל הײַזער איז געװאָרען אַ באַרג אַש; פֿיעל משפּחות זענען געבליבען אָהן אַ דאַך איבער'ן קאָפּ און די פֿריהער װאױלשטאַנדיגע משפּחות זענען געװאָרען בעטלער. די דאָזיגע טרױעריגע געשעהעניש — האָט געמעלדעט אַ דאַמאָליגע צײַטונג — האָט אָבער ניט געשטערט דאָס שפּיעל אין הױף און די אַלגעמײַנע פֿרײד".

רבי בערמאַן האָט געברענט פֿון אומגעדולד אָבצושליסען ענדגילטיג דאָס געשעפֿט, װאָס האָט איהם געקאָסט אַזױ פֿיעל צײַט און מיה. ער האָט געשריבען צום קעניג אַן אונטערטעניגסטען בריעף, אין װעלכען ער האָט איהם אָנגעװיזען, אַז אין האַנאָװער װאַרט מען אױף דער בעשטעטיגונג פֿון קעניג, װײַל מען קאָן ניט פֿריהער אױסצאָהלען דאָס געלד און אױב די זאַך װעט זיך פֿערציהען, קאָן דאָס גאַנצע געשעפֿט זיך פֿונאַנדערגעהן. ערשט נאָך אָט דעם בריעף האָט דער קעניג װידער אױפֿגענומען זײַן רעזידענט. אױגוסט איז געװען דאָס מאָל אַלײן.

— ס'טהוט מיר װעהר לײַד, בעהרענד, — האָט ער געזאָגט — װאָס איך האָב די זאַך פֿערצױגען. נו, לעג מיר פֿאָר די אַקטען.

דער רעזידענט האָט ערפֿילט דעם קעניג'ס װאונש. דער קעניג האָט אַרײַנגעקוקט אין די אַקטען.

— זעקס מיליאָן טהאָלער! — האָט ער געזאָגט — אונטערשרייבענדיג דעם פּערקויפס-אַקט.—דו האָסט מיינע אינטערעסען גוט בעזאָרגט. נו, דו פערדינסט דאָך מסתּם אויך דערביי אַ שעגע מטבע?

— איך בין צופריעדען, מאַיעסטעט.

— ווי פיעל בלייבט דיר פון׳ם געשעפט? אָבער זאָג דעם אמת.

— מאַיעסטעט, איך בערעכען דעם פערקויפער איינם פּראָצענט און אויך אַזוי פיעל דעם קויפער.

— ס׳מאַכט אויס הונדערט און צוואַנציג טויזענד טהאָלער. דו קאָנסט זיין צופריעדען.

— אָבער, מאַיעסטעט, דאָס איז נישט אַלץ ריין ריוח!

— פאַרוואָס? האָסטו דען געהאַט אַזוי פיעל הוצאות?

— ניין, נישט דאָס, אָבער...

— דו, רייד קלאָרע דבורים!

— זיין דורכלייכט, דער קורפירשט פון האַנאָווער, האָט מינויסטער ווען הערצאָג ערנסט פון לינענבערג האָט שרים און יועצים, דער הערצאָג פון ברוינשווייג האָט אַ דירעקטאָר איבער זיינע גיטער...

— האַ, האַ, איך פערשטעה שוין! זיי אַלע וועלען וועלען געשמירט ווערען און דאָ אין דרעזדען איז מסתּם אויך דאָס איינענע. זאָג נור, בעהרענד, ווי פיעל האָט פלעמינג זיך אויסגעדונגען?

— פערצייהען מיר, אייער מאַיעסטעט, דאָס טאָר איך נישט זאָגען, דאָס זענען געשעפטס-סודות.

— איך וויל עס אָבער וויסען! איך בעפעהל דאָס דיר, אָדער איך וועל דיר וועלען אונגנעדיג. זאָג מיר תיכף די סומע ביז אַ פעניג!

— זיין עקסעלענץ, דער גענעראַל-פעלדמאַרשאַל פאָן פלעמינג, האָט פאַר׳ן אָנהויב פון געשעפט זיך אויסגעדונגען פופצוג טויזענד טהאָלער און האָט זיי שוין נעכטען בעקומען אויסגעצאָהלט.

— ס׳איז גוט, בעהרענד, דו קאָנסט געהן.

ווי נור דער רעזידענט איז אַרויסגעגאַנגען האָט דער קעניג בעפוילען צו רופען דעם פעלדמאַרשאַל, גענעראַל פלעמינג.

גראַף יאַקאָב היינריך פאָן פלעמינג איז אַריינגעקומען.

— יאַקאָב!—האָט דער קעניג אויסגערופען אַנטקעגען דעם אַריינקומענדען—דו ביסט אַ גרויסער שווינדלער, פיעל גרעסער, ווי איך האָב גערעכענט! דו געהסט און דינגסט זיך אויס ביי יודען בעהרענד 50,000 טהאַלער! זאָג, איז דאָס נישט צו-פיעל?

פלעמינג איז געוואָרען בלאַס.

— צי האָט דער יוד געפלוידערט, אָדער ער האָט זיך בעקלאָגט?

— נישט דאָס, נישט יענץ; איך האָב איהם געצוואונגען מיר צו זאָגען דעם אמת. נו, יעצט הער, יאַקאָב: איך טו אויך עפּעס פערדינ-

גען בײַם געשעפֿט, בײַ װעלכען אַלע פֿערדיענען. איך פֿערלאַנג העלפֿט ריות. דו זאָלסט מיר באַלד ברענגען 25 טױזענד טהאָלער און גוט גאָלד. אָהן אַ װאָרט אַנטקעגען!

פלעמינג האָט געקענט דעם קעניג זעהר גוט און פֿערשטאַנען, אַז מען מוז פֿאָלגען. ער איז אַרױסגעגאַנגען און באַלד געקומען צוריק מיט צװײ משרתים, װעלכע האָבען געבראַכט די שװערע זעק, געפּאַקט מיט גאָלד. דער קעניג האָט גענומען די זעק מיט אײן האַנד און אַװעקגעטראָגען זײ אין די סאַלאָנען פֿון גרעפֿין קאָזעל.

— אה, אגנא,—האט ער א[illegible]—דא [illegible] פינף [illegible]
ציג טױזענד טהאָלער, װעלכע איך האָב אַלײן פֿערדיענט, איך אַלײן, דו פֿערשטעהסט? איך האָב זײ אַרױסבעקומען בײַם גײציגען רױבער, בײַ פלעמינג'ען.

און לאַבענדיג אין די זײַטען האָט ער איהר דערצעהלט, װי אַזױ ער האָט בײַ פלעמינג'ען אַרױסבעקומען דאָס געלד.

פלעמינג איז צװישען אַלע אױגוסט'ס חשובים געװען דער אײנפֿלוס-רײַכסטער אין הױף און דערפֿאַר אַלײן האָט איהם שױן פֿײַנד געהאַט די גרעפֿין, װײַל זי האָט גישט געקאָנט סובל זײַן, אַז עמיץ, אױסער איהר, זאָל האָבען אַנ'אײנפֿלוס אױפ'ן קעניג. יעדער, װאָס האָט זיך נור דער-װאױגען אַרױסצוטרעטען געגען איהרע קאַפּריזען, דער איז איהר געװען פֿערהאַסט און זי האָט איהם גע'רודפ'ט. און װירקליך, קײנער האָט זיך נישט דערװאױגען דאָס צו טהון אױסער אײן פלעטינג. געגען פלעמינג'ען האָט איהר מאַכט זיך געענדיגט, דען ער איז געװען אַ גרױסער חשוב בײַם קעניג. דעריבער איז פֿאַר דער גרעפֿין געװען אַ בעזונדער פֿערגניגען אָפּ-צורײַסען געלד בײַ פלעמינג'ען און נאָך זעהען, װי מען לאַכט פֿון איהם אָב.

— דאָס האָסטו גוט געמאַכט, אױגוסט—האָט זי געזאָגט.—אָבער צי װײסטו, איך קען פלעמינג'ען צו-גענױ, ער װעט יעצט נעהן צום יודען און צװינגען איהם אָבצוגעבען דאָס געלד נאָך אַמאָל.

— אַזױ? נו, מיר װעלען שױן דאָס בעװאָרענען.

דער קעניג האָט זיך געלאָזט דערלאַנגען פּאַפּיער און טינט- אײַ-בער, דאַן האָט ער מיט דער אײגענער האַנד אָנגעשריבען פֿאָלגענדען

## קאַבינעט-בעפֿעהל

איך פֿערבאָט מײַן קעניגליכען רעזידענט, בעהרענד לעהמאַן, אױס-בעצאָהלען נאָך אַמאָל דעם גראַף פלעמינג די בײַ איהם אָבגענומענע 25,000 טהאָלער. דער דאָזיגער קאַבינעט-בעפֿעהל איז אַ געהײמער און זאָל בלײַבען אַ געהײמניש.

**אױגוסט.**

דעם בעפֿעהל האָט ער אין אַ קאָנווערט פֿער'חתמ'עט און אַבגעשיקט אין דאָס „יודען-הויז".

— דאָס איז שען! — האָט די גרעפֿין געזאָגט — היינט אין אָווענד וועלען מיר נעהמען פֿלעמינג'ען אויפֿ'ן צימבעל. ס'וועט זיין אַ זעלטענער שפּאַס.

## 25) די סבה פֿון דער שנאה צו אַ יודען.

אין סוף פֿונ'ם פֿאָריגען קאַפּיטעל האָבען מיר דערמאָהנט דאָס „יודען-הויז", דאָס איז געווען די פֿריהערדיגע פּאָסט-געביידע, וואָס דער קעניג האָט אָבגעגעבען זיין רעזידענט, און וויל אַנדערע יודען האָבען נישט געהאַט אין יענער צייט קיין וואוינונגס-רעכט אין דרעזדען, האָט מען דאָס דאָזיגע הויז אַ נאָמען געגעבען דאָס „יודען-הויז". אינ'ם דאָזיגען הויז האָט רבי בערמאַן געהאַט זיין קאַנטאָר און יעצט איז ער דאָרט געזעסען בעשעפֿטיגט מיט'ן אויספֿערטיגען די אַקטען וועגען דער מכירה, מעלכע ער האָט געבראויכט אָבצושיקען קיין האַנאָווער. פּלוצלונג איז אַריינגעקומען צו איהם אַ קאַמערדינער פֿון קעניג און איבערגעגעבען איהם דעם קעניגליכען קאַבינעט-בעפֿעהל. רבי בערמאַן האָט תחלת נישט פֿערשטאַנען דעם ווירקליכען זינן פֿון בעפֿעהל; ערשט ביסלעכווייז איז איהם ליכטיג געוואָרען אין די אויגען: ער האָט אָנגעהויבען פֿערשטעהן, אַז דאָ קומט-פֿאָר אַ הויף-אינטריגע פֿון געמיינסטען זינן. דערביי אָבער האָט ער אויך דערשפּירט אַ וועהטאָג, וויל אינסטינקטיוו האָט ער געשפּירט, אַז דער מעכטיגער מיניסטער וועט דאַדורך ווערען זיין פֿערביסענסטער פֿיינד. פֿונדעסטוועגען האָט ער זיך בעשלאָסען צו פֿאָלגען דעם קעניג. „אם ד' לי בעזרי, מה יעשה אדם לי" — „ווען דער אויבערשטער וועט מיר שטעהן צו הילף, וואָס קאָן מיר דען אַ מענש טהון"? — האָט ער גערעדט פֿאַר-זיך, ווען ער האָט דערזעהען, ווי די קאַרעטע פֿון גענעראַל-פֿעלדמאַרשאַל איז צוגעפֿאָהרען צו זיין הויז און זיך אָבגעשטעלט דאָרט.

כדי אָבער דער לעזער זאָל זיך בעסער קאָנען אָריענטירען אין די ווייטערדיגע געשעהענישען פֿון אונזער געשיכטע, מוזען מיר דאָ בעקענען איהם אַביסעל גענויער מיט'ן גראַף פֿלעמינג, וועלכער איז בעשטימט צו שפּיעלען ווייטער אַ וויכטיגע ראָלע אין רבי בערמאַנ'ס שיקזאַל.

גראַף יאַקאָב היינריך פֿאָן פֿלעמינג איז פֿון געבורט געווען קור-בראַנדענבורגער אונטערטאַן; זיין משפחה איז געווען שטאַרק פֿערשפּרייט אין פּאָמערן, שוועדען און פּוילען. דער יונגער גראַף האָט בעקומען אַ גוטע ערציהונג און האָט שטודירט אין די אוניווערזיטעטען פֿראַנקפֿורט-דאָדר און אוטרעכט. ער האָט פֿאָלקאָם געקענט לאַטייניש און פֿלעגט שרייבען אין דער דאָזיגער שפּראַך זעהר שען און געאיבט. פֿערלאָזענדיג דעם אוניווערזי-

טעט האָט ער זיך געווידמעט דער מיליטערישער קאַריערע, אַריינטרעטענדיג אין ווילהעלם אָראַניענס אַרמעע, ווען ער האָט זיך געלאָזען געהן איינגעהמען דעם ענגלישען טראָהן. שפּעטער איז ער אַריינגעטראָטען אין דיענסט אין דער זאַקסישער אַרמעע און ער האָט עס אַרויסגעפיהרט אויגוסט'ן אויפ'ן געדאַנק צו ווערען קעניג אין פּוילען. דורך זיינע קרובים, נעמליך דורך זיין קוזינע, דער פרוי פון קרוין-גרויס-שאַצמייסטער, פּירשט פּרזשעבענדראָווסקי, אַ געבוירענע גרעפין פלעמינג, האָט ער אַטמייסטען מיטגעווירקט, אַז אויגוסט זאָל בעקומען די פּוילישע קרוין. קעניג אויגוסט האָט איהם בעשאָטען מיט טיטולען און כבודים; ער האָט איהם דערהויבען צום גענעראַל-פעלדמאַרשאַל, צום געהיימען ראַט, צום גרויס-שטאַלמייסטער און, נאָך בעפלינגענס דעמיסיע, אויך צום פּרעמיער-מיניסטער. בּיי זיינע גרויסע גייסטיגע און קערפּערליבע מעלות, האָט פלעמינג'ען געפעהלט דאָס, וואָס דערהויבט ערשט ווירקליך אַ מענשען: ער האָט נישט געהאַט קיין כאַראַקטער, פּאַל פאַלשקייט און געוואַלט-טעטיגקייט, האָט ער אַרויסגעוויזען די ניעדריגסטע און געמיינסטע ליידענשאַפטען. מען האָט בּיי איהם ניט געקאָנט געפינען קיין געטריַיהייט און קיין גלויבען. זיין הויפּט-ליידענשאַפט איז געווען—געלד, אָבער דאָס האָט געדיענט נור דער תאוות-הכבוד. פלעמינג האָט זיך אַרומגעטראָגען מיט'ן געדאַנק צו ווערען הערצאָג פון קורלאַנד און כדי צו קאָנען זיך קויפען אַ הערצאָגליכען הוט, האָט ער געזאַמעלט גרויסע אוצרות געלד.

רבי בערמאַן איז אַרויסגעגאַנגען אַנטקעגען דעם מיניסטער און האָט זיך טיעף פערבויגען פאַר איהם; דאַן האָט ער איהם אַריינגעפיהרט אין זיין פּריוואַטען קאַבינעט.

— בעהרענד—האָט דער גראַף אויסגערופען, אַניעדערפאַלענדיג אין אַ פאָטעל אַריין—איהר זעהט זיך פאַלש בעגאַנגען געגען מיר: איהר האָט מיך פערראַטען בּיים קעניג.

— עקסצעלענץ—האָט דער רעזידענט געענטפערט—דאָס איז געשעהען דורכאויס געגען מיין ווילען: דער קעניג האָט מיך פשוט געצוואונגען דערצו.

— נאַרישקייט! איהר האָט אַלענפאַלס נישט געדאַרפט אויספּלוידערן זיך!

— זיין מאַיעסטעט האָט מיר אָבער געשטעלט אַ דירעקטע פראַגע.

— און װאָס האָט אייך געשטערט צו ענטפערן: ניין?

— מיין עהרליכקייט, עקסצעלענץ.

— עהרליכקייט—דאָס איז אַלענפאַלס אַזאַ זאַך, וואָס איז נישט בעקאַנט דעם הויכען העררן.

— נו,—האָט פלעמינג אַ זאָג געטהון — וואָס געוועזען איז געוועזען. דאָס קאָן מען שוין נישט איבערמאַכען; אָבער איהר מוזט מיר אָבגעבען די 25

טויזענד טהאלער, וועלכע איך האב געמוזט אבגעבען דעם קעניג.

ערשט יעצט האט רבי בערמאן פערשטאנען דעם ריכטיגען זין פון קעניגליכען קאבינעט-בעפעהל.

— עקסעלענץ—האט ער געזאגט, — איהר דארפט דאס נישט פערלאנגען פון מיר; מיר בלייבט איבער סך-הכל נור זעהר וועניג פאר מיין אונענדליכער מיה און אונגעהויערע ריזיקע. איך בעקום פראוויזיאן 120 טויזענד טהאלער; דערפון האב איך אמער עקסעלענץ אויסגעצאהלט 50 טויזענד טהאלער; דעם קורפירשטליכען מיניסטער אין האנאווער, די הערצאגליכע ראטען אין ליגענבורג און ברוינשווייג האב איך בסך הכל געמוזט אבגעבען 30 טויזענד טהאלער; מיין פריינד ליפמאן אין האנאווער האט בעקומען איין טייל 20 טויזענד טהאלער; אויסערדעם האט מען מיך אין ברוינשווייג בע'גנב'עט. דעם מייערען פוטער, וואס דער קעניג האט מיר געשאנקען, און די נאלדענע טאבאקערקע, וואס איך האב בעקומען א מתנה פון האנאווער קורפירשט, האט מען ביי מיר צוגענומען. ווען איך זאל אמער עקסעלענץ געבען יעצט נאך 25 טויזענד טהאלער וועל איך האבען פון גאנצען עסק נור פערלוסט.

— און דאס, בעהרענד, ווילט איהר איינשמועסען מיר, אנ'ערפאהרענעם סוחר? מעהר, ווי די ארימע פראוויזיאן, בלייבט אייך גארנישט איבריג? איהר האט דאך עפעס נאך הונדערטער אנדערע מיני קונצען און קאלקולאציעס, ווי, למשל, ביים אויסרעכענען די מטבעות און דאס גאלד, וואו איהר פערדינט נאך דאפעלט מעהר ווי די פראוויזיע בעטרעפט. געהט, מאכט נישט קיין אומשטענדען. אויב מיין פריינדשאפט איז אייך עפעס-וואס ווערט צאהלט מיר אוים דאס פערלוירענע געלד צוריק.

רבי בערמאן האט זיך געפוגען אין דער גרעסטער פערלעגענהייט. ער וואלט גערן אבגעגעבען דאס געלד פון דער אייגענער קעשענע, אבער דער קעניג האט דאס איהם ספעציעל פערבאטען, דאס ערגסטע דערביי איז נעווען, וואס ער האט געמוזט האלטען די זאך בסוד.

— עקסעלענץ—האט ער זיך געבעטען—איך בעט אייך דרינגענד, פערלאנגט נישט פון מיר מעהר; דאס מאל קאן איך נישט ערפילען אייער ווילען. ביי אנ'אנדער געלעגענהייט וועל איך די זאך ווידער גוט מאכען!

פלעמינג איז אויפגעשפרונגען פון ארט. ער האט שוין געהאט געעפענט ס'מויל אנצוהויבען שילטען זיך, אבער פלוצלונג האט ער זיך בעציואונגען און געזאגט קאלט און איינגעהאלטען:

— ווען דער העדר רעזידענט וויל דורכאוים נישט געבען מיר די דאזיגע סומע, וועל איך מעהר נישט פערלאנגען. איך האב אבער מורא, אז דער העדר רעזידענט וועט חרטה האבען.

און ער איז ארויסגעגאנגען פון צימער אהן א „גוטען טאג".

אינ'ם זעלבען אווענד איז געווען א באל ביי דער גראפין קאוועל:

איינגעראַדען זענען געווען נור די נאָהנטסטע פֿריינד פֿון קעניג. דער אויבער־קאַמערהער, גראַף ביטשטום, האָט געבראַכט זיין שוואָגער, דעם פֿירשט לובאָמירסקי, וועלכער איז אָבגעפֿאַלען פֿון דער שוועדישער פּאַרטיי אין פּוילען, ווי נור מען האָט אויסגעקליבען פֿאַר אַ קעניג סטאַניסלאַוו לעשטשינסקי'ן. פֿירשט לובאָמירסקי האָט זיך פֿעראייניגט ווידער מיט דער זאַקסישער פּאַרטיי. יעצט, ווען ער האָט חתונה געהאַט מיט גראַף ביטשטום'ס שוועסטער, איז ער נאָך מעהר מקורב געוואָרען מיט דער זאַקסישער פּאַרטיי, ווייל גראַף ביטשטום איז געווען דער געטרייסטער פֿריינד פֿון קעניג.

דאָס געשפּרעך אויפֿ'ן באַל האָט זיך געדרעהט אַרום די לעצטע פֿייערליכקייטען, אַרום דעם בונד, וואָס מען האָט געשלאָסען מיט'ן אָבגעפֿאָהרענעם דענעמאַרקער קעניג, אַרום דעם ערפֿאָלג פֿון זאַקסישען מיליטער אין פּוילען און אַרום דעם שוועדישען קעניג, וועלכער איז נאָך אַלץ געווען אין טערקיי. אָבער אָט איז אַריינגעקומען פֿלעמינג. דער קעניג האָט תּיכף אָנגעהויבען רייצען זיך מיט איהם.

— אָה, הער נור — האָט דער קעניג געזאָגט — צי איז עס אמת, אַז דיין קאַרעטע האָט זיך היינט אָבגעשטעלט פֿאַר'ן יודענהויז? נו, האָסטו בעקומען ביי איהם צוריק די 25 טויזענד טהאַלער. איך רעכען, אַז דער רעזידענט איז צו־האַרט און קיין פֿרייגיבעגע האַנד האָט ער נישט.

פֿלעמינג איז אַ פֿערביטערטער געוואָרען פֿון כעס; ער האָט אָבער איינגעהאַלטען זיך.

— איך האָב נישט פֿערלאַנגט קיין געלד פֿון רעזידענט — האָט ער געזאָגט — איך האָב נור רעווידירט נאָך אַמאָל די אַקטען פֿון האַנאָווער.

— דער הערר גענעראַל־פֿעלדמאַרשאַל — האָט די גרעפֿין געזאָגט בייסענד — איז אַ געטרייער בעאַמטער; שטענדיג טראַכט ער נור וועגען דעם נוצען פֿון זיין הערן, וועגען דעם אייגענעם נוצען טראַכט ער קיינמאָל נישט.

פֿלעמינג האָט פֿערביסען זיך די ליפּען.

— גנעדיגסטע גרעפֿין — האָט ער געזאָגט — איך מוז דאָך זאָרגען, אַז מיין קעניג זאָל נישט פֿעהלען די מיטלען צו ערפֿילען די וואונשען פֿון זיין טייערסטער פֿריינדין.

יעצט האָט די גרעפֿין זיך דערשפּירט בעליידיגט. פֿלעמינג האָט דאָס וואָרט „טייערסטע" אַזוי שטאַרק בעטאָנט, אַז מען האָט געהערט, דאָס ער מיינט, אַז זי קאָסט איהם טאַקי שוין צו־טייער, ווייל אין דער ווירקליכקייט האָט גרעפֿין פֿון קאָזעל געקאָסט דעם קעניג פֿיעל טייערער, ווי אַלע זיינע פֿריהערדיגע געליעבטע.

די גרעפֿין האָט שוין געוואָלט געבען אַ בייסענדען ענטפֿער, אָבער דער קעניג האָט זיך אַריינגעמישט, דען ער האָט נישט געוואָלט, אַז אַלע זאָלען זעהען, וואָס פֿאַר אַ פֿיינדשאַפֿט ס'הערשט צווישען זיין געליעבטער און זיין בעליעבטען מיניסטער; ביידע זענען איהם טייער געווען.

— קינדער—האָט ער געזאָגט—קריגט זיך נישט! לאָמיר בעסער אָבּ־ריידען, ווי אַזוי מיר זאָלען דעם מאָרגענדיגען טאָג צוברענגען. איך לעג־פאָר צו געהן אויף דער יאַגד אויף ווילדע חזירים.

— פע—האָט די גרעפין קאָזעל געזאָגט—ווי לאַנגווײַליג! צי דען דער־פאַר, וואָס דו ביסט אַנ'אויסגעצייכענטע בריה צו נעהמען געפאַנגען ווילדע חזירים, דאַרפען מיר טיילנעהמען אין אַזאַ באַרבאַרישען פערגניגען? איך פראוואַרט די פאָרשלאַגען פון די איבריגע הערען.

— מײַן קעניג—האָט בישטום געזאָגט—איז דער ליעבענסווירדיג־סטער בעל־הבית און די גנעדיגסטע גרעפין די שענסטע בעל־הבית'טע. לאָמיר־זשע שפּילען אין ווירטס־הויז!

דאָס איז געווען אַנ'איינגעניטליך שפּיעל, וואָס דער קעניג אויגוסט האָט אַליין ערפונדען און זעהר געליעבט. מען פלעגט דאָס קעניגליכע שלאָס איינאָרדנען, ווי אַנ'ווײַנפאָהר־הויז: דער קעניג איז געווען דער ווירט און זײַן דאַמע די ווירטין. זיי פלעגען אויפנעהמען די געסט אין ריעזען־זאַל. די געסט זענען געווען די הויפלײַט, פערמאַסקירט ווי פויערן און בערגלײַט; זיי פלעגען קומען טײַלווײַז צו־פוס, טײַלווײַז אויף זייער פערד־און־שפּאַן דורך די גאַסען פון שטאָרט אין שלאָס אַרײַן. טײַלמאָל פלעגט מען בײַ דער ראָזינגער געלעגענהײַט אויך איינאָרדנען אַ יריד. די הויפלײַט, הערען און דאַמען, פלעגען ערשײַנען פערקליידעט, ווי קרעמער, און אין גרויסען זאַל פלעגען זיך געפונען אימפּראָוויזירטע קראָמען מיט אַלערליי צירונגס־סחורות.

— ניין—האָט אויגוסט געזאָגט—דאָס פאָדערט פיעל פאָרבערייטונגען. אויסערדעם וויל איך דורכאוס געהן אויף דער יאַגד. אַלזאָ, מיר וועלען איינאָרדנען אַ פאַזאַנען־יאַגד אין גרויסען גאָרטען. דערבײַ בלייבט עס.

דאָסמאָל האָט די גרעפין זיך נישט דערוואויגען צו זאָגען אַנדערש. דער עולם איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען. לובאָמירסקי איז געגאַנגען מיט פלעמינג'ען.

- גראַף—האָט דער פירשט געזאָגט—צי איז נישט דער רעזידענט, וועלכען דער קעניג און איהר האָבען פריהער דערמאָהנט, דערזעלבער יוד, וועלכער איז געווען בשעת דער קרוינונג אין פוילען?

— ס'איז דערזעלבער עלענדער יוד—האָט פלעמינג געענטפערט.

— איהר האַסט איהם?

— איך וואָלט געוואָלט תיכף לאָזען איהם הענגען.

— דאַן מוזען מיר פערבינדעטע זיין! ס'איז דער צוועק פון מײַן לעבען נקמה צו נעהמען אָן דעם ראָזיגען יודען.

— אָבגעמאַכט! מיר זענען פערבינדעטע!

ביידע איידעלע פערבינדעטע האָבען דערלאַנגט איינער דעם אַנדערן די האַנד.

## 26. דער טיוואָלאַנישער פּלאַן.

גענעראַל-פעלדמאַרשאַל גראַף פאָן פלעמינג, דער מנהיג פון מיניסטאָרען-קאַבינעט, האָט געפיהרט אַ לעבען פון אַ ווירקליכען פירשט. ער האָט אויסגעהאַלטען אַ גאַנצע מחנה משרתים, אין זיינע שטאַלען זענען געשטאַנען איבער הונדערט פון די שענסטע פערד און אין זיינע פאָדער-צימערען פלעגען ערשיינען אַזוי פיעל מיניסטאָרען, ראַט-מעגער אָפיצירען און אַנדערע שרים, ווי ביי אַ גרויסען מאָנאַרך. פלעמינג איז געווען אַ זעהר פלייסיגער אַרבייטער; שוין גאַנץ פריה פלעגט ער אַרבייטען מיט זיינע סעקרעטאַרען, אַפילו ווען ער איז געזעסען שפעט אין אָוועגד אויף אַ באַל אָדער אויף אַ באַנקעט. שלאָפען פלעגט ער נור אויף אַ שטוהל און ווי נור ער פלעגט זיך אויפכאַפען, איז ער תיכף געווען מונטער און פריש. אויך אין דעם פריה-מאָרגען נאָכ'ן אָוועגד, וואָס מיר האָבען בעשריבען אין פאָריגען קאַפיטעל, איז געווען העכסט לעבהאַפט אין פלעמינג'ס פאָדער-צימער. דאָ איז געווען דער אינערן-מיניסטער, גראַף הויטשדאָרף, אויסערן-מיניסטער פאָן מאַנטייפעל, דער קריעגס-מיניסטער, דער אויבער-הויף-מאַרשאַל און פיעל אַנדערע שרים. אַלע דאָזיגע הויכע העררען, האָבען געמוזט געדולדיג וואַרטען, ווייל גראַף פלעמינג האָט געוואָלט בלייבען אונגעשטערט. ער האָט פעראָרדענט, אַז מען זאָל צו איהם אַריינלאָזען תיכף נור דעם פירשט לובאָמירסקי, ווען ער וועט קומען.

גראַף פלעמינג האָט אונרוהיג געשפאַנט אין זיין קאַבינעט אַרויף און אַראָב.

— מיר דאָס טהון — האָט ער פאַר-זיך גערעדט — מיר דאָס טהון, דעם ערשטען מענשען נאָכ'ן קעניג, דעם פאַקטישען רעגענט פון פוילען און זאַקסען! מיר, פאַר וועמען אַלץ ליעגט אויף דער ערד צו די קניע — מיר אָבצוזאָגען אויסצוצאָהלען אַ קטנות פון 25 טויזענד טאָהלער און מאַכען מיך צו שפאָט און שאַנד פאַר'ן גאַנצען הויף! דו וועסט מיר דערפאַר בעצאָהלען, דו, יודעל. דו וועסט שפירען מיין נקמה! אָבער מען מוז עס מאַכען קלוג און פאָרזיכטיג, כדי ניט צו געבען דער גרעפין קאָזעל די געלעגענהייט מיך צו פערדערבען. דער לובאָמירסקי וועט פאַר מיר נעהמען די קאַשטאַנען פון פייער.

אין דעם אויגענבליק האט מען אנגעקלאפט אין טהיר און ווייפ'ן שנטפער פון גראף: „אריין!" איז פירשט ליבאמירסקי אריינגעקומען אין צימער.

— ברוך הבא, מיין פירשט! — האט אויסגערופען גראף פלעמינג דעם אריינקומענדען.—איך האב אייך ערווארטעט. אלזא איהר האסט דעם דאזיגען יודען און, אויב מעגליך, ווילט איהר איהם זעהען הענגען?

— איך וואלט געוואלט צערייסען איהם אויף צעהן טויזענד שטי־קער! — האט דער פירשט געענטפערט. — צוויי מאל איז ער מיר שוין דעם וועג פערטראטען: צום ערשטען מאל — די געשיכטע איז דאך, אייך בעקאנט! צום צווייטען מאל איז ער אליין שולדיג געווען, וואס איך בין נישט געווארען קעניג אין פוילען. אויך דאס ווייסט איהר מסתם.

— איך ווייס. לאמיר ערשט נישט ריידען וועגען דעם, וואס געווען. גענוג מיר האלטען בלאט צוזאמען, מיר ווילען ביידע פערניכטען דעם הונד און ער זאל פערניכטעט ווערען.

— דאך האב איך מורא, אז ער איז א צו־גרויסער חשוב ביים קעניג. ער האט שוין פיעל דיענסט געטהון פאר'ן קעניג און אויגוסט איז איהם שולדיג פיעל דאנק.

— באַ, די דאנקבארקייט פון קעניג איז לייכט, ווי א פעדער! פאר אויגוסט'ן איז א קלייניגקייט אבצוזאגען זיך פון זיינע פריינד. דערמאהנט זיך אן ביילינגען, האים און פאטקול. דעם דאזיגען יוד איז נאך פיעל לייכטער צו פערדערבען. אויגוסט טראכט נור וועגען זיך און קען נור זיך, פונדעסטוועגען מוזען מיר צוגעהן צו דער זאך קלוג. הערט, איך האב ערפונדען א פלאן. מיר מוזען דעם קעניג איבערצייגען, אז דער יוד איז א פעררעטער. מיר מוזען זיך בעמיהען צו דערווייזען איהם, אז ער שטעהט אין פערבינדונג מיט'ן שוועדישען קעניג, און אז די פיעל פוילישע און טערקישע יודען, וועלכע זענען ביי איהם שטענדיגע אמנגעהער, זענען די פערמיטלער אין דער דאזיגער פערבינדונג. איהר ווייסט דאך מסתם, אז קארל XII. וויל אויפהייבען די טערקען צו א מלחמה געגען רוסלאנד און אין דערזעלבער צייט ווילען סטאניסלאוו לעשטשינסקי און פירשט סאפיעהא ארויסטרייבען די זאקסען פון פוילען. מיר איז בעקאנט דער אונטערשריפט פון מיין געוועזענעם שוואגער סאפיעהא און אויף פערשיעדענע אקטען האב איך דעם דאזיגען אונטערשריפט און זיין חתימה. איך וועל דעריבער לאזען אויסשטעלען זיינע בעפולמעכטיגונגען אויפ'ן יוד'ס נאמען, כ'וועל צוגעבען סאפיעהא'ס אונטערשריפט און זיין התימה; אין די בעפולמעכטיגונגען וועט שטעהן א הבטחה רייך צו בעלויגען דעם יוד און מיכבען איהם, אין נאמען פון שוועדישען קעניג, פאר אנ'אונטערהענדלער מיט טערקיי און פראנקרייך. צו לאזען אויסארבייטען די דאזיגע געפעלשטע דאקומענטען איז שוין א קלייניגקייט. דער עיקר איז נור, ווי אזוי מען רוקט זיי אריין דעם יודען אין דער האנד, כדי מען זאל זיי ביי איהם געפינען.

— איך מיין, אז אויך דאס איז נישט אזוי שווער,—האט זיך אני־

נערוואָזען פֿירשט לובאָמירסקי.—מיט פאַטקול'ן איז עס דאָך געלונגען אַרײַנ־צורוקען איהם געוויסע בריעף אין זײַן שרײַב־טיש...

— פֿונוואַנען ווייסט איהר עס, פֿירשט?

— דאָס איז אַ סוד, וואָס אַלע ווייסען.

— ווער האָט דאָס געקאָנט האָבען אויסגעפּלוידערט?

— איך ווייס נישט. אָבער גענוג, עטוואָס אַזעלכעס וואָלט מען דאָך געקאָנט מאַכען אויך מיט'ן יוד.

— ניין, דאָס געהט נישט. דעם יוד'ס דינט, זײַנע סעקרעטאַרען און בוכהאַלטערס, זענען איהם אַלע געטרײַ איבערגעגעבען און קיין גודריגע בעדינטע קאָן מען דערצו אויך נישט אָנווענדען, אפילו ווען מען זאָל שוין פועל'ן בײַ עמיצען צו מאַכען מיט אונז יד־אחת. ניין, דאָס געהט נישט. מיר מוזען אויסקלערען עטוואָס אַנדערש.

— דאָס מוזט איהר אַליין אויפטהון. מײַן קאָפּ איז מיר צו־שוואַך אויף אַזעלכע המצאות.

— ווען איך בין נעכטען געווען בײַם יוד, האָט ער מיר דערצעהלט, אַז מען האָט איהם אין ברוינשווײַג בע'גנב'עט, דערבײַ האָט מען בײַ איהם צוגענומען דאָס טײַערע פוטער, וואָס דער קעניג האָט איהם אַמאָל געשענקט. ווען מיר זאָלען נור קאָנען בעקומען יעצט דאָס פוטער! איך וואָלט דאָרט אַרײַנגעלעגט די געפֿעלשטע פּאַפּירען און קעשטענע. אָבער ווי אַזוי בעקומט מען עס?

— דאָס פוטער? איך האָב אַזאַ פוטער, וועלכעס איז צו איהם ענהליך, ווי איין איי צום צווייטען. ווען דער יוד איז אַרײַנגעקומען צו מיר אין שלאָס אין ביאַלאַ, האָב איך געמיינט, אַז ער טראָגט מײַן פוטער.

— אָהה, אויסגעצייכענט! אַזוי־אַרום האָבען מיר דעם שפּיעל געוואונען. הערט נור, פֿירשט געאָרג! איהר מוזט דעם יוד פערטשעפּען ערגענץ־וואו אויף'ן גאַס. איהר דאַרפֿט זיך אָבער היטען אָנצורוהרען איהם ערנסט, דען דאָס וואָלט איך געקאָנט קאָסטען דעם קאָפּ. אַזוי, נור צעיוערטלען זיך דווקא אין מיטען גאַס, אָדער ערגעץ־וואו אין אַ געזעלשאַפֿטליכער פערזאַמלונג, אַזוי אַז אַלע זאָלען ווערען דעם רעדען. דאַן וועלען מיר דערצעהלען דעם קעניג, אַז דער יוד האָט, אַנטלויפענדיג פֿון אײַך, איבערגעלאָזען זײַן פוּ־טער און אין דאָזיגען פוטער האָבען מיר די בריעף און דאָקומענטען גע־פֿונען. קעניג אויגוסט וועט זײַן פוטער דערקענען, ווײַל ער האָט אַנ'אויג אויף אַזעלכע זאַכען. דער יוד וועט קאָמפּראָמיטירט ווערען, און מען דאַרף האָפֿען, אַז דאָס וועט איהם קאָסטען דעם קאָפּ.

— איהר זענט אַ מײַסטער, גראַף!

— נאָך וואָס, פֿירשט געאָרג! איך מיין, ווי נור מעגליך, בלײַבען פֿרעמד פֿון דער גאַנצער זאַך. איהר מוזט זײַן דער אָנקלאָגער און דאַן—קיין מענש מאַר נישט וויסען מכח אונזער פּלאַן.

— דרייפוס קען איהר זיך פערלאזען.

— איילט זיך נור ניט, פירשט! און די בענגענייש מיט'ן יוד דארף פארקומען ניט פריהער, ווי איך וועל אייך הייסען. קיין בוים פאלט ניט מיט איין קלאפ. איך מוז קודם איינטריגירען געגען דעם יוד פון אנ'אנדערער זייט; איך מוז ערשט הערען, אויב דער קעניג איז בכלל נוטה צו לאזען פאלען דעם יוד. קעניג אויגוסט האט אמאל קאפריזען און ווען ער פער'עקשנ'ט זיך, איז יעדע מיה אומזיסט. נו, געהט-זשע יעצט, מיין פירשט, אהיים. די דאקומענטען וועל איך לאזען איבערזעצען, און דאס איבעריגע וועט זיך שוין געפינען אין דער צייט.

ביידע שפיינע פארשווירער האבען זיך יוארים געדריקט די הענד איינער דעם אנדערן. לובאמירסקי איז אוועקגעגאנגען.

— גראף לינאר זאל אריינקומען,—האט דער מיניסטער-פרעזידענט בעפוילען דעם קאמערדינער.

גראף לינאר, איינער פון די שענסטע מענשען פון זיין צייט, איז אריינגעקומען און האט זיך פערנייגט מיט'ן גרעסטען יראת-הכבוד פאר'ן מעכטיגען מיניסטער.

— מיין גראף,—האט פלעמינג געזאגט,—איך וואלט זעהר געוואלט ערפילען אייער וואונש אריינצוטרעטען אין מיניסטעריום. די איינציגע מיני-סטער-שטעלע, וועלכע מען קאן אייך געבען, איז די שטעלע פון פינאנץ-מיניסטער. פאקטיש שטעהט אין שפיץ פון פינאנץ-מיניסטעריום א יוד, דער קעניגליכער רעזידענט בעהרענד לעהמאן. ביי דער גרעפין קאזעל זענט איהר דאך א גרויסער חשוב. בעט איהר, אז זי זאל אייך פערשאפען אנ'-אויידיענץ ביים קעניג און זאגען א גוט ווארט לטובת אייך. אויף מיין אונ-טערשטיצונג קענט איהר זיך זיכער פערלאזען.

גראף לינאר האט היים געדאנקט דעם מעכטיגען מיניסטער און האט זיך תיכף געלאזען פאהרען צו דער גרעפין קאזעל. צו זיין צופרי-דענהייט האט ער געטראפען ביי איהר דעם קעניג.

— אה! — האט אויגוסט אויסגערופען,—אונזער שענער לינאר!—אנגא, אנגא, איך קאן ווערען כמעט אייפערזיכטיג.

די גרעפין האט געשמייכעלט.

— דער שענסטער און פאלקאמסטער קאוואליער פון אונזער צייט,— האט זי געזאגט,—איז זיין מאיעסטעט פון פוילען און זאקסען.

דאן האט זי זיך געווענדעט און געפרעגט:

— וואס ווילסטו, לינאר?

אויך די גרעפין האט געהאט די געוואהנהייט צו רעדען מיט איהרע מקורבים אויף „דו".

— גנעדיגסטע גרעפין,—האט לינאר געזאגט,—איך וואלט זעהר גע-וואלט אריינטרעטען אין מיניסטעריום און אט וואלט איך געוואלט בעטען

בײַ זײַן מאַיעסטעט...

— אָבער—האָט איהם דער קעניג איבערגעריסען,—ס'איז דאָך נישטאָ קײן פרײַע שטעלע.

— דאָס פינאַנץ-מיניסטעריום, מאַיעסטעט...

— דאָס דאָזיגע מיניסטעריום געפינט זיך אין גוטע הענד. מײַן רעגירענט בעהרענד איז דער בעסטער פינאַנץ-מיניסטער, וועלכען מען קאָן נור געפינען.

— אָבער, אויגוסט, ער איז דאָך אַ יוד!

— קינד,—האָט דער קעניג געזאָגט,—איך קאָן איהם נישט אויסקומען: ער שאַפט מיר געלד, ווען איך ברויך עס צו האָבען.

— אָבער איך קאָן דעם יוד נישט סובל-זײַן!—האָט די גרעפין אויסגערופען,—זאָל בעסער זײַן פינאַנץ-מיניסטער דער גוטער גראַף ליגנאר.

דער קעניג האָט זיך צעלאַכט.

— ווען מען וועט אַמאָל ערפינדען די קונסט,—האָט ער געזאָגט,—ווי אַזוי צו מאַכען פון בלײַ גאָלד, דאַן זאָל ליגנאר ווערען פינאַנץ-מיניסטער. ביז יענער צײַט וועל איך זיך היטען אָבצוזאָגען פון זײַן שטעלע דעם מאַן, וועלכער שאַפט מיר געלד אין יעדער צײַט, וואָס איך ברויך עס צו האָבען.

גראַף ליגנאר איז געקומען-צוריק צום מיניסטער-פרעזידענט, פאָן פלעטינג און איבערגעגעבען איהם אַ בעריכט וועגען דעם שלעכטען ערפאָלג פון זײַן אוידיענץ. פלעטינג האָט איהם געטרייסט, אַז ס'וועט זיך מאַכען פאַר איהם באַלד אַנ'אַנדער וואַקאַנץ. דאַן איז פאָן פלעטינג אַוועקגעפאָהרען צום פירשט לובאָמירסקי און האָט איהם בעפוילען אונטערצונעהמען געגען דעם יודישען רעזידענט דעם קריג בײַ דער ערשטער געלעגנהייט.



# 27. דער אַלכעמיקער.

ווען מען וועט אַ מאָל ערפינדען די קונסט צו מאַכען פון בליי גאָלד — האָט דער קעניג געזאָגט לאַכענדיג, — אַ מערכה: ס'האָט אויסגעוויזען, אַז דעם קעניג'ס ווין האָלט ביים ערפילט ווערען.

די אַלכעמיע, אָדער די קונסט צו מאַכען גאָלד פון געוועהנליכע מעטאַלען — פון בליי, אייזען, קופער א. אַז. וו. — די דאָזיגע קונסט איז אין יענער צייט פיעל בעאַרבייט געוואָרען. דאָס, וואָס מען האָט בעמערקט, אַז ביים צוזאַמענשמעלצען פערשידענע מעטאַלען קומען אַרויס מאַסען פון גאָר אַנ'אַנדער פאַרב, האָט געפיהרט די מענשען צום געדאַנק צו מאַכען פון די נישט-איידעלע מעטאַלען — גאָלד. די קונסט צו מאַכען דאָס האָט געהייסען געפינען דעם „אבן החכמים" — דעם שטיין פון די געלעהרנטע. פיעל יאָהר-הונדערטער האָט מען איהם אומזיסט געזוכט, און אָט האָט ער ענדליך געזאָלט ענטדעקט ווערען אין דער צייט פון אונזער ערצעהלונג

אין דער שוואַנען-אַפּטייק אין בערלין איז געווען אַ לעהר-יונגעל, יאָהאַן פרידריק בעטגער, וועלכער האָט זיך פלייסיג בעשעפטיגט מיט אַלכעמיע און האָט געחאַפט דעם העכסטען חאַנש צו ווערען אַ מייסטער אין דער אַלכעמיע. געבוירטיג איז ער געווען פון זאַקסען. נאָך זיין פאָטער'ס טויט האָט זיין מוטער אַ צווייט מאָל חתונה געהאַט און זיך אַריבערגעצויגען קיין מאַגדענבורג. אין בערלין האָט דער יונגער בעטגער געפונען אין זיין פרינציפּאַל קינקעל, אַ מענשען, וועלכער האָט איהם דערוועקט אַליין צו מאַכען אַלכעמישע עקספּערימענטען. אונטער זיין השגחה האָט ער געשמאָלצען און געמישט פערשידענע מעטאַלען, כדי צו בעקומען גאָלד און אָט איז געקומען אַ געהיימניספולע פערזאָן קיין בערלין מיט'ן נאָמען לאַסקאַריש. לויט ווי ער האָט געזאָגט, איז ער געווען אַרכימאַנדריט פון אַ גריכישען קלויסטער אויף דער אינזעל מיטילינע און ער האָט געהאַט מיט זיך אַ כתב פון קאָנסטאַנטינאָפּאָלער פּאַטריאַרך. געזאָגט האָט ער, אַז ער מאַכט די נסיעה אין אייראָפּאַ, כדי צו זאַמלען געלד אויסצוקויפען די קריסטליכע שבוים אין דער טערקיי. געזאָגט האָט מען אָבער אומעטום, אַז לאַסקאַריש טיילט-אויס מעהר געלד, איידער ער זאַמעלט אַן. לאַסקאַריש איז

אַרײַנגעקומען אין דער שאַטנזן־אַפּטײק צו קויפֿן דאָרט אַנטימאָניום און דאָ האָט ער זיך באַקענט מיט בעטגערן און אײַנגעלאַדן איהם צו זיך אין האָטעל. דאָרט האָט ער איהם אַנטדעקט, אַז ער איז אַ נ'אַלכעמיקער און האָט איהם צוגעזאָגט מגלה צו זײַן די סודות פֿון דער דאָזיגער קונסט.

חאָטש האָט בעטגער געלערנט בײַ לאַסקאַריש'ן און מער איז אייגענטליך מעגען דער דאָזיגער לאַסקאַריש, — דאָס ווייסט מען נאָך עד־היום נישט גענוי. בכלל האָט מען דאַמאָלס געגלויבט, אַז לאַסקאַריש האָט געשאָנקען זײַן תּלמיד אַ פּלעשעלע עליקסיר, מיט וועלכן מען קען צוגרייטן גאָלד; דאָס פּלעשעלע זאָל האָבן געהאַט אַ ווערט פֿון 80 טויזענד טאָהלער. לאַסקאַריש אַליין זאָל האָבן טאַקי דאָס געהאַט דעם סוד פֿון אבן החכמים, אָבער זינט די נײַע כעמיע האָט דערוויזן, אַז גאָלד איז אַן אייגנפּאַבער שטאָף, אָדער אַן עלעמענט, ווי מען רופֿט עס אָן אין דער וויסנשאַפֿט, האָט מען זיך בכלל אָפּגעזאָגט פֿון דער מיינונג, דאָס מען זאָל קאָנען צונויפֿשטעלן אַזאַ מין עליקסיר ווי דאָרט זאָל אויך זײַן. בעטגער האָט זײַן פּרינציפּאַל מיט זײַנע בני־בית געגעבן אַ באַווײַז פֿון זײַן קונסט: ער האָט אָנגעפֿילט אַ קליינעם שמעלץ־טיגעל מיט קוועקזילבער, בלײַ, מעש, קופּער און אַנדערע מעטאַלן, דאַן האָט ער נאָך אַרײַנגעוואָרפֿן אַהין אַ ביינענעם קנעפּעל, וועלכן ער האָט אָפּגעריסן בײַ זיך פֿון מלבוש. יעצט האָט ער דעם שמעלץ־טיגעל געשטעלט אויף אַ גליה־פֿײַער און בעטאָטשן דעם שמעלצענדן אינהאַלט מיט עפּעס אַ מין רויטן פּולווער. נאָכדעם ווי ער האָט די געשמאָלצענע מאַסע גוט אַדורכגעמישט, האָט ער זי אַרויסגעגאָסן אויף אַן אייזערנער פּלאַטע און אָט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער ביינערנער קנעפּעל איז געוואָרן אַ גאָלדענער. דער אייגנטימער פֿון דער אַפּטייק האָט געלאָזן אונטערזוכן דעם קנעפּעל דורך אַ גאָלד־שמיד — ער איז געווען פֿון ריינעם, עכטן גאָלד.

שפּעטער האָט מען גערעדט, אַז די גאַנצע זאַך איז געווען אַ שווינדעל, ווײַל דער קנעפּעל איז געווען אַ גאָלדענער און לאַסקאַריש האָט נור בעווייזט איהם אַזוי, אַז ער זאָל אויסזעהן תּחילת ווי צין. בשעת מעשה אָבער האָט קיינער אַזאַ חשד נישט געהאַט. אין בערלין האָט זיך געשווינד פֿאַרשפּרייט די ידיעה וועגן דעם געלונגענעם עקספּערימענט און אויך קעניג פֿרידריך דער ערשטער האָט זיך וועגן דעם דערוואוסט. דער פּרייסישער קעניג האָט באַלד נעגעבן אַ באַפֿעהל צו לאָזן אַרעסטירן דעם וואונדערליכען גאָלד־מאַכער און צווינגען איהם אויסצואַרבייטן גאָלד פֿאַר'ן קעניגליכען אוצר. עמיצער האָט אָבער מזהיר געווען בעטגערן בעצײַטענס און ער איז אַנטלאָפֿן פֿון בערלין. אונטער טויזענדער געפֿאַהרען איז ער אַריבער די גרענעץ קיין וויטענבערג, וועלכע האָט דאַמאָלס נאָך געהערט צו זאַקסען. אָבער כמעט אין איין צײַט מיט איהם איז געקומען קיין וויטענבערג אַ ראָטע פּרייסישע סאָלדאַטן און געפֿאָדערט אַרויסצוגעבן איהר

דעם בעטגער אונטער דער בעשולדיגונג, אַז ער האָט גע'גנב'עט אַ דימענטענעם רינג, אָבער דווקא דער פֿאַקט, וואָס מען האָט געשיקט אַ ראָטע סאָלדאַטען צו כאַפּען אַ גנב פֿון אַ רינג, האָט דערוועקט דעם חשד, אַז די זאַך איז עפּעס נישט גאָר פּראָסט. דער ווירטעמבערגער קאָמענדאַנט האָט געלאָזען ברענגען צו זיך בעטגערן. דער לעצטער האָט העפֿטיג פּראָטעסטירט געגען דעם חשד, וואָס מען האָט געגען איהם דערוועקט, ער האָט אויך אָנגעוויזען, אַז דער פּרייסישער קעניג האָט איבערהויפּט נישט קיין רעכט אויף איהם, ווייל ער איז געבירטיג פֿון זאַקסען און איז אַלזאָ נישט קיין אונטערטאַן פֿון פּרייסישען קעניג.

בינו לבינו האָט דער ווירטעמבערגער קאָמענדאַנט זיך דערוואוסט, אַז דער בלאַסער זיבעצען־יעהריגער בחור'ל, איז גאָר אַ געלעהרטער אַלכעמיקער, ער האָט דעריבער בעשלאָסען נישט אַרויסצוגעבען איהם דעם פּרייסישען קעניג און געמעלדעט וועגען דעם אין דרעזדען.

גראַף פֿלעמינג איז זיך געזעסען אין זיין קאַנצעלאַריע ביי דער אַרבייט, בשעת מען האָט איהם דערלאַנגט דעם בריעף פֿון ווירטענבערגער קאָמענדאַנט. אויך דער גראַף פֿלעמינג האָט שוין געהערט וועגען דער ערשיינונג פֿון אַן אַלכעמיקער אין בערלין. יעצט האָט ער זיך דערוואוסט, אַז די הוהן, וואָס לעגט גאָלדענע אייער, איז אַרויסגעפֿלויגען פֿון פּרייסען און מען האָט איהר גענומען געפֿאַנגען אין זאַקסען. דער פּרעמיער איז תיכף אַוועקגעפֿאָהרען צום קעניג און האָט איהם געטראָפֿען אין שלאָסגאָרטען ביים איבען־זיך אין שיסען אין ציעל. אין דער דאָזיגער קונסט איז קעניג אויגוסט געווען אַ גרויסער מייסטער.

— מאַיעסטעט — האָט דער מיניסטער געזאָגט — איך פֿערלאַנג איהר זאָלט מיך תיכף אויפֿנעהמען אויף אַ דרינגענדע אודיענץ.

דער קעניג איז באַלד אַוועקגעגאַנגען מיט איהם אין שלאָס אַריין.

— אויגוסט — האָט גראַף פֿלעמינג אויסגערופֿען, ווען זיי זענען געבליבען אַליין — איך ווינש דיר גליק. דיין גליק־שטערן שטייגט־איבער יעדעם מענשליכע גליק. דו ווערסט זיין נישט בלויז דער שטאַרקסטער, שענסטער און פּרעכטיגסטער מאַן, דו ווערסט אויך ווערען דער רייכסטער מאָנאַרך. אונצעהליגע מיליאָנען שטעהען דאָ אין אויסזוכט.

— יאַקאָב — האָט דער קעניג געזאָגט האַלב־דערשראָקען — ביזט נישט אַראָב פֿון זינען?

— ניין, הערצענס־ברודער, ניין, געליעבטער קעניג! איך בין ביי מיין גאַנצען פֿערשטאַנד, פּונקט, ווי דו אַליין. דו האָסט דאָך געהערט דערצעהלען וועגען דעם גלח לאַסקאַריש און זיין תלמיד בעטגער?

— וועלכער זאָל האָבען ערפֿינדען די קונסט צו מאַכען גאָלד?

— ער האָט זי ערפֿונדען! לאַסקאַריש איז פֿון בערלין פֿערשוואונדען געוואָרען, בעטגער איז אַנטלאָפֿען און קעניג פֿרידריך האָט געשיקט אַ גאַנצע ראָטע סאָלדאַטען, כדי צו נעהמען איהם געפֿאַנגען. בעטגער איז

געקומען קיין וויטענבערג. וואו דער קאָמענדאַנט האָט געלאָזט בעהאַלטען איהם אין אַ זיכערן אָרט.

— אָבער מיר וועלען דאָך מוזען איהם אַרויסגעבען צו פּרייסען?

— ניין, ער איז אַ זאַקסישער אונטערטאַן, ער איז געבוירען אין זאַקסען.

אויגוסט איז אויפֿגעשפּרונגען פֿון אָרט.

— טאָ געהערט ער דאָך צו אונז! — האָט ער אויסגערופֿען.

— יאָ, ער געהערט צו אונז.

— אָה, דערצעהל, דערצעהל. וואָס ווייסטו וועגען איהם נאָך פֿאַר פּרטים.

— דער גלח לאַסקאַריש פֿון דער אינזעל מיטילענע, אַנ׳אַלטער מאַן מיט אַ שניי-ווייסע באָרד, האָט זיך בעוויזען אין בערלין גאַר פּלוצלינג. ער האָט געבראַכט מיט זיך אַ כתב — אַ רעקאָמענדאַציאָנס-בריעף, הייסט עס, פֿון קאָנסטאַנטינאָפּאָלער פּאַטריאַרך. די בערלינער געלעהרטע האָבען איהם אויסגעהערט און איינגעפֿונען, אַז ער איז זעהר מעכטיג אין דער גריכישער שפּראַך. דער דאָזיגער גלח, וועלכער האָט געזאַמעלט געלד, כדי צו בעפֿרייען קריסטליכע שבוים פֿון דער שקלאַפֿעריי, האָט אין בערלין אויסגעוויילט די אָרימע לייט מעהר געלד, ווי ער האָט געזאַמעלט. דאָס איז געווען אַלעמען אויפֿפֿאַליג און מען האָט אָנגעהויבען אויפֿמערקזאַם בעאָבאַכטען איהם, און אַט האָט מען בעמערקט, אַז ער פֿערברענגט זעהר פֿיעל מיט אַ שילער פֿון אַנ׳אַפּטייק, בעטגער מיט׳ן נאָמען. מען האָט זיך אויך דערוואוסט, אַז זיי האָבען ביידע איינגעאָרדענט אַ לאַבאָראַטאָריום, וואו זיי אַרבייטען געהיים. די חברים פֿלעגען בעטגער׳ן דערפֿאַר אויסלאַכען און אָט האָט ער דעריבער געוואָלט אָבהאַלטען איבער זיי אַ טריאומף און האָט אין זייער געגענוואַרט פֿערוואַנדעלט אַ צינענעם קנעפּעל אין אַ גאָלדענעם. מען האָט דעם קנעפּעל געלאָזט אונטערזוכען ביי אַ גאָלד-שמיעד און יענער האָט אָנערקענט, אַז דער קנעפּעל איז פֿון ריינעם גאָלד. אין דערזעלבער צייט איז לאַסקאַריש פֿערשוואונדען געוואָרען און קיינער ווייסט נישט, וואו ער איז אַהינגעקומען. קעניג פֿרידריך האָט אַרויסגעגעבען אַ בעפֿעהל צו נעהמען געפֿאַנגען בעטגערן, אָבער בעטגער איז אַנטלאָפֿען געוואָרען און איז געקומען קיין וויטענבערג.

— פֿון וואַנען ווייסטו דאָס אַלץ אַזוי גענוי?

— דער קאָמענדאַנט פֿון וויטענבערג האָט בעטגער׳ן גענומען געפֿאַנגען און אַלע איבריגע פּרטים האָט מיר מודיע געווען אונזער געזאַנדטער אין בערלין, בילאָוו.

און דו גלויבסט, אַז דאָס אַלץ איז אמת?

— צי וואָלט דען דער פּרייסישער קעניג געשיקט אַ ראָטע סאָלדאַטען

צו נעהמען געפאַנגען אַן׳אַפּטייקער-שילער?

— פּרעמינג, די גאַנצע זאַך קומט מיר פאָר, ווי אַ חלום. די קונסט װעלכע מען האָט טויזענד יאָהר אפשר אומזיסט געזוכט, זאָל ענדליך גע- פונען װערען! און מיר, מיר זאָל זי ברענגען נוצען! יעצט װעט די גאַנצע װעלט מיר געהערען. קיין זאַך װעט שוין נישט זיין מיר צו-טייער! אַלע פערגעניגענס, אַלע אוצרות געהערען מיר! אפשר קאָן נאָר דער קינסטלער אויך אויספּערטיגען אַ לעבענס-עליקסיר, דורך װעלכען מען װעט זיך קאָ- נען בעפרייען פון אַלע חולאת׳ן און לעבען הונדערטער יאָהרען? דאָס מי- טעל, דורך װעלכען מען קאָן גאָלד מאַכען, שטעהט דאָך אויך אין צוזאַ- מענהאַנג מיט׳ן מיטעל צו געבען אונזער אָרגאַניזם אייביגקייט, צו מאַכען אונזער קערפּער אונפערענדערליך, אונזער געזונדהייט אונבעגריהרליך און צו געבען אונזער גייסט די אייביגע שפּאַנקראַפט!

— איך בעט דיך, אויגוסט, פאַנטאַזיר נישט. לאָמיר זיך בעגניגען ראשית מיט דעם, װאָס מיר האָבען לעת-עתה זיכער. װאָס זאָל איך שריי- בען קיין װיטענבערג?

— שרייב, אַז מען זאָל דעם אַלכעמיקער תיכף ברענגען אַהער אונ- טער אַ שטאַרקער און זיכערער דעקונג. יעצט װעל איך שוין קאָנען אויס- קומען אָהן דעם יודען לעהמאַן און טהון די נעפעליגקייט אַנגאַ׳ן צו בע- שטימען גראַף ליגנאָר פאַר אַ פינאַנץ-מיניסטער. דער יוד זאָל בעזײטיגט װערען-

אַ שמייכעל פון טריאומף האָט זיך בעװיזען בײַם מיניסטער אויפ׳- פנים. ער האָט גענומען אָבשייד פון קעניג, אָבער ער איז נישט געפאָה- רען תיכף צו זיך אין פּאַלאַץ, נאָר צום פּאַלאַץ פון גראַף בימשטום, װאו פירשט לובאָמירסקי האָט געװאוינט, כדי צו זאָגען איהם, אַז יעצט װעט ענדליך געקומען די צייט פאַר איהם צו זוכען אַ סכסוך מיט׳ן יודען.

װען דער מיניסטער איז װידער אַריין צו זיך אין דער קאַרעטע האָט ער אויסגערופען:

— יודע, דיין שטערן געהט-אונטער!

# 28. די פֿאַלשע מסירה.

רבי בערמאַן איז אָבגעפֿאָהרען קיין האַלבערשטאַדט. אַ שליח־מיוחד איז געקומען קיין דרעזדען און אַרויסגערופֿען איהם אַהיים צו זיין שווער, רבי יואל, וועלכער איז געווען אַ גוסס־למות. רבי יואל איז באַלד נאָכדעם געשטאָרבען, נאָכדעם ווי ער האָט געבענטשט זיינע קינדער פֿאַר׳ן טויט. די לויה איז געמאַכט געוואָרען מיט גרויס כּבוד. די יודישע קהלה אין האַלבערשטאַדט איז אין דער צייט שוין געווען גרויס אויסגעוואַקסען. דורך רבי בערמאַנ׳ס איינפֿלוס האָבען זיך דאָרט בעזעצט פֿיעל יודען פֿון אַנדערע ערטער, און די דאַמאָליגע צייטען איז עס געווען ניט אַזוי לייכט, ווייל ערשטענס, האָבען די פֿרעמדע שווער געקאָנט בעקומען אַ שוץ־בריעף פֿון דער רעגירונג און, צווייטענס, זענען די יודען אַליין געווען גרויסע געגנער פֿון אַריינפֿיהרען צו זיך פֿרעמדע יודען. מען האָט פּשוט מורא געהאַט, אַז די פֿרעמדע יודען וועלען צונעהמען פּרנסה ביי די היימישע יודען. צוליעב דעם, וואָס די יודען האָבען ניט געהאַט קיין רעכט צו בעשעפֿטיגען זיך מיט לאַנד־אַרבייט און מלאכות און זענען געווען אָנגעוויזען נאָר אויפ׳ן קליין־האַנדעל, איז יעדער פֿון דער פֿרעמד געקומענער יוד געווען אַ קאָנקורענט. ניט אַזוי איז עס אָבער געווען אין האַלבערשטאַדט! אין דער גאַנצער סביבה האָבען דאָ קיין יודען ניט געוואָהנט און דעריבער האָט קיין פּרנסה פֿאַר קיינעם ניט געפֿעהלט און מען האָט ניט מורא געהאַט פֿאַר קאָנקורענץ.

רבי בערמאַן האָט פֿערשאַפֿט אַ שוץ־בריעף יעדען עהרליכען יוד, וואָס האָט זיך געוואָלט בעזעצען אין האַלבערשטאַדט און האָט איהם נאָך געבאָרגט געלד פֿאָראויס, כּדי ער זאָל אָנהויבען האַנדלען און האָבען פּרנסה. אַזוי־אַרום זענען זיך צוזאַמענגעקומען יודען קיין האַלבערשטאַדט פֿון פֿיעלע קאַנטען, פֿון וועסטפֿאַלען, פֿון האַנאָווער, פֿון הילדעסהיים, אַפֿילו אויך פֿון דרום־דייטשלאַנד, פֿון בעהמען און פֿון פּוילען. די קהלה איז גרויס געוואָרען און איז געבליבען גרויס ביז׳ן אָנפֿאַנג 19־טען יאָהרהונדערט, ווען די יודען אין פּרייסען האָבען בעקומען דאָס בעוועגונגס־רעכט און פֿיעל האַלבערשטאַדטער יודען האָבען זיך בעזעצט אין בערלין און מאַגדעבורג.

נאָך זײַן שווער׳ס שבעה האָט רבי בערמאַן גענומען טיפּ פאָהרען צוריק קיין דרעזדען, אָבער זײַן פרוי איז דאַמאָלס קראַנק געוואָרען און האָט איהם געבעטען צו בלײַבען נאָך אַ לאַנגע צײַט אין האַלבערשטאַדט. רבי בערמאַן אָבער האָט ערקלערט, אַז ער מוז דורכאויס פאָהרען קיין דרעזדען. דאַן האָט זײַן פרוי געשיקט נאָך דעם רב, רבי הירש הריף, כדי אַז ער זאָל אויך בעטען איהר מאַן ניט צו פאָהרען, אָבער אויך די בעטען פונ׳ם גרויסען רב האָבען ניט געקאָנט ווירקען אויף רבי בערמאַנ׳ען.

— איך מוז פאָהרען צוריק קיין דרעזדען — האָט רבי בערמאַן געזאָגט — איך האָב דאָרט צו ערלעדיגען וויכטיגע עסקים. טאָגיטעגליך קומט אָן דאָס געלד פאַר׳ן פערקויף פון זאַקסען־לײַפּציגער אין איך מוז די זאַך אַליין קאָנטראָלירען. ווי נור ס׳וועט מיר מעגליך זײַן, קום איך צוריק קיין האַלבערשטאַדט.

זײַן פרוי מרים האָט אָבגעזיפצט.

— אָה — האָט זי געזאָגט — איך בין אַזוי שטאַרק בעזאָרגט. עפּעס זאָגט מיר דאָס האַרץ פאָראויס ניט גוטס.

— דאָס שטאַמט פון טרויער נאָך דײַן פאָטער׳ס טויט. וואָס קאָן דען מיט מיר פּאַסירען?

— איך ווייס ניט, אָבער ס׳איז מיר שווער אויפ׳ן האַרצען, און אַ האַרץ איז דאָך אַ זייגער.

— און אָט דערפאַר זאָל איך פערנאַכלעסיגען מײַן פליכט? איך בין אומעטום אין ג—ט׳ס האַנד, דאָ, ווי אין דרעזדען, ניט אמת, רבי?

— געווים, רבי בערמאַן — האָט דער רב געענטפערט — דער איבערשטער וועט אײַך בעשיצען און שיקען זײַנע מלאכים, וועלכע וועלען אײַך בעשיצען פון יעדער געפאַהר.

רבי בערמאַן איז אָבגעפאָהרען צוריק קיין דרעזדען, אָבער דער טויט פון זײַן שווער און די אונרוהיגקייט פון זײַן ווײַב האָבען געמאַכט אויף איהם אַ שווערען אײַנדרוק. די פיעל געשעפטען, וואָס ער האָט געהאַט אין דרעזדען, האָבען איהם אפילו צעשטרייט, אָבער ווען עס איז געקומען דער שבת קדש, האָט ער זיך געמוזט אָנטהון אַ כּוּת, כדי צו קאָנען זײַן פרעה־ליך. דאָס איז איהם ניט געלונגען און זײַן טאָכטער רייזעל, וועלכע איז בײַ איהם געווען די בעל־הבית׳טע אין דרעזדען, האָט איהם גיזמוזט בעטען דורכצוגעהן זיך אַביסעל, כדי צו צערשטרייען זיך.

ס׳איז געווען אַ פריינדליכער, קאַלטער ווינטער־טאָג, ווען רבי בערמאַן איז אַרויסגעגאַנגען דורכ׳ן שטאָדט־טויער, כדי צו זײַן אויף דער פרײַער לופט. אַלע, וואָס האָבען איהם בעגעגענט, האָבען איהם פריינדליך בעגריסט, ווײַל דער קעניגליכער רעזידענט איז געווען בעוואוסט מיט זײַנע פיעל מעלות, מיט זײַן עהרליכקייט, געווינסענהאַפטיגקייט און אונאייגענגוציגקייט.

בײַ אַלײנעמען איז ער געװען בעליבט און אָנגענומען. װי פֿיל נויט־לײַדענדע האָט ער געשטיצט, װי פֿיל מענטשן האָט ער דורך אַ גמילות־חסד אַרויסגעהאָלפֿן פֿון פֿאַרלעגנהײט! דערפֿאַר אָבער פֿלעגט ער ניט װעלן באָרגן די לײַכטזיניקע מענטשן קײן אײנציקן גראָשן, אָבער אויך דאַדורך איז ער אַלגעמײן געװען געאַכטעט.

רבי בערמאַן איז זיך געגאַנגען געמיטלעך, אָטעמענדיק די פֿרישע לופֿט און די קנײַטשן אויף זײַן שטערן האָבן ביסלעכװײַז זיך אויסגעגלעט. ער האָט זיך דערמאָנט װעגן דער אַזוי־געשװינד אויפֿגעבויטער און אויפֿגעבליטער ישיבה און האַלבערשטאַדט. העכער זיבציק ישיבה־בחורים האָבן דאָרט שוין געלערנט בײַ רבי הירש הריף און רבי משה ברינסקער; טאָג און נאַכט האָט עס געהילכט און דער שוהל־נאָס מיט׳ן ניגון פֿון׳ם גמרא־לערנען. רבי בערמאַן האָט, דערמאָנענדיק זיך װעגן דעם, זיך אַזוי טיף פֿאַרטראַכט, אַז ער האָט גאָר פֿאַרגעסן און דער אַרומיקער װעלט, און װי איז פּלוצלונג צו איהם צוגעגאַנגען אַ מענש און אַן׳אָנצוג פֿון אַ יעגער און האָט אַ געשרײַ געטהון:

— יודע, מאַך מאָרינץ!

מיט אַזעלכע װערטער פֿלעגט דער המ׳ן און יעגער פֿינסטערער צײַט אָבלאַכען פֿון אַ יודען. געװעהנליך פֿלעגען עס טהון די משרתים פֿון די פּריצים, װעלכע פֿלעגען זיך מאַכען אַ פֿערגניגען אָבצולאַכען פֿון אַ יודען. אָנשטאָט „מאַך מאָרינץ״ פֿלעגען זײ אײגענטליך מײנען צו זאָגען „מאַך מאָרעס!״ ס׳הײסט, אַ שטײנער, „האָב דרך־ארץ!״ דער יוד פֿלעגט תּיכּף מוזען אַראָבנעהמען דאָס היטעל און בוקען זיך ביז צו דער ערד. און װעה איז געװען צום יודען, װען ער האָט דאָס ניט געטהון! קלעפּ פֿלעגען זיך שיטען אויף איהם, שרעקליכע קלעפּ.

רבי בערמאַן האָט אָנגעקוקט פֿערװאונדערט אויפֿ׳ן יעגער.

— איך בין דער קעניגליכער רעזידענט, מײַן פֿרײַנד — האָט ער געזאָגט.

— דער טײַװעל איז דעם יודענס פֿרײַנד! יודע מאַך מאָרינץ, אָרער...

און דערבײַ האָט ער געגעבען אַ געװאַלטיגען פּאַטש רבי בערמאַנ׳ען אין פּנים.

דערװײַל האָבען זיך פֿערזאַמעלט פֿיל מענשען אַרום און װען זײ האָבען דערזעהען, אַז מען שלאָגט רבי בערמאַנ׳ען, האָבען זײ געאײַלט איהם צו־הילף. אָבער אויך פֿיל בעדינטע פֿונ׳ם יעגער זענען צוגעלאָפֿען און זײ האָבען זיך אָנגענומען פֿאַר זײער קאַמעראַד. ס׳האָט זיך אָנגעהויבען אַן׳אַלגעמײן געשלעג. די יעגער האָבען אַרויסגענומען זײערע מעסערס און האָבען געהאַקט און געשאָכטען אויף רעכטס און לינקס אַזוי, אַז עס האָט זיך אָנגעהויבען גיסען בלוט. לסוף האָבען אָבער געזיגט די בירגער און דער יעגער מיט די בעדינטע זענען אַנטלאָפֿען געװאָרען. צעבלוטיגט און

מיט בעשמוצטע מלבושים איז רבי בערמאַן געקומען צוריק אַהיים.

אַ האַלבע שעה שפּעטער איז פירשט לובאָמירסקי׳ס עקיפּאַזש צוגע־פאָהרען צום קעניגליכען שלאָס. דער פירשט האָט פערלאַנגט אַן אוידיענץ ביים קעניג; מיט׳ן פירשט איז געקומען זיינס אַ משרת, וועלכע האָט גע־טראָגען אין די הענד אַ פוטער.

— מאַיעסטעט — האָט דער פירשט געזאָגט, ווען ער איז אַריינגע־קומען צום קעניג — מיין לייב־יעגער האָט היינט געהאַט אַ קאַמף מיט׳ן יוד בעהרענד לעהמאַן. ביי דער דאָזיגער געלעגענהייט האָט דער יעגער אַראָבגעריסען ביים יודען זיין פוטער. דער יוד איז אַנטלאָפען און דער פוטער איז געבליעבען ביים יעגער אין די הענד. דער יעגער האָט געפו־נען אין דער בוזעם־קעשענע פון פוטער איינינע בריעף, וועלכע ער האָט מיר איבערגעגעבען, צי וויל אייער מאַיעסטעט בעקענען זיך מיט׳ן אינהאַלט פון די דאָזיגע מערקווירדיגע בריעף?

דער קעניג האָט גענומען די בריעף און געלעזען זייז ער איז בלאַס געוואָרען ווי קאַלך, דאַן האָט ער געעפענט די טהיר און אויסגערופען: „פלעמינג זאָל קומען!"

מען האָט געשיקט רופען דעם גענעראַל־פעלדמאַרשאַל; ער איז גראָד געווען בשעת מעשה אין שלאָס.

— פלעמינג — האָט דער קעניג אויסגערופען, דערזעהענדיג דעם מיניסטער. — דיר איז דאָך בעקאַנט די אונטערשריפט און חתימה פון דיין פריהערדיגען שוואָגער, דעם פירשט סאַפיעהאַ. גיב נור אַ קוק!

— מאַיעסטעט — האָט פלעמינג געזאָגט — ס׳איז די אונטערשריפט פון פירשט און זיין חתימה.

— לייען, לייען — האָט דער קעניג געזאָגט.
פלעמינג האָט געלייענט.

דער קעניג האָט אין גרימיגען צאָרן געשפּאַנט אין צימער אַרויף און אַראָב.

— די שלאַנג - האָט ער געזאָגט — וועלכע איך האָב געשפּייזט אויף מיין ברוסט, איך וויל איהם דעם קאָפּ צוטרעטען!

— צי בעפעהלען אייער מאַיעסטעט—האָט פלעמינג געפרעגט,—אַז איך זאָל אַרעסטירען דעם רעזידענט?

— ניין, ניין! איך וויל מיט׳ן יודען קיין לאַנגע שהיות נישט מאַכען. איך וועל איהם אָברוימען פון דער וועלט גאַנץ שטיל. לאָזען איהם אַרעס־טירען, מאַכען אַ פּראָצעס—דאָס וועט אָנמאַכען אַ ליאַרם אין דער וועלט. מען האָט מיר נאָך נישט מוחל געווען מיין בעגעהן זיך מיט פּאַטקול. ווען איך וועל לאָזען אומברענגען דעם יודען בשתיקה, וועט קיין האָהן און קיין הוהן נישט קרעהען נאָך איהם. לאַז איהם נור בעוואַכען פון דער

זיינען בשתיקה, אז ער זאָל נישט אַנטלויפֿן, ביז איך וועל איהם שיקען אַהין, פֿון וואַנען ער וועט צוריק נישט קומען. און יעצט, מיינע הערען, האַלט די זאַך בסוד. דעם פעלץ—ס'איז דאָך דער זעלבער, וואָס איך האָב איהם געשענקט—דעם פעלץ מיט די פּאַפּירען לאָזט איבער דאָ ביי מיר!

ביידע אינטריגאַנטען זענען אויס'ן וואונק פֿון קעניג אַרויסגעגאַנגען.

דער קעניג איז אַוועקגעגאַנגען צו דער גרעפין קאָזעל, כדי איהר מיטצוטיילען וועגען דעם פֿערראַט פֿונ'ם יודען און דעם פּלאַן, וואָס ער האָט זיך אַזוי איהם צו פֿערניכטען.

די עצות פֿון די שענדליכע ליט, וועלכע האָבען אויסגעשפּריים אַ נעץ פֿאַר'ן אונשולדיגען, כדי איהם צו פֿערדערבען, האָבען געהאַט דעם געוואונשטען ערפֿאָלג.

— אַה, דערהויב, רבונו של עולם, דיין האַנד און העלף דעם אונשולדיגען!

---

## 29. דער שרעקליכער פּלאַן און די אוהרה.

רבי בערמאַן האָט נאָך דעמזעלבען טאָג דערהאַלטען אַ בעפֿעהל פֿון קעניג צו קומען צו איהם אויף אַנ'אוידיענץ; ער האָט אָבער נישט געקאָנט קומען, ווייל ער איז געלעגען קראַנק. ערשט אויף מאָרגען איז זיין געזונד-צושטאַנד געוואָרען אויף אַזוי פֿיעל בעסער, אַז ער האָט געקאָנט גיין צום קעניג.

דער קעניג האָט איהם אויפֿגענומען אין בודואַר פֿון דער גרעפֿין קאָזעל.

— פֿאַרוואָס קומסטו עפּעס ערשט היינט? — האָט איהם דער קעניג שטרענג געפֿרעגט.

— זאָלען מיר אייער מאַיעסטעט גנעדיג מוחל זיין; איך בין געווען קראַנק. שבת איז אויף מיר אָנגעפֿאַלען אַ יענער פֿון פּירושט לובאָמירסקי, בשעת איך בין געזעסען אויפֿ'ן שפּאַציער הינטער'ן שטאָדט און האָט מיך שטאַרק געשלאָגען. פֿון שרעק און אויפֿרעגונג בין איך קראַנק געוואָרען.

דער קעניג האָט געוואָרפֿען אַ בליק פֿון פֿערשטענדיגונג דער גרעפֿין קאָזעל.

— און יעצט ביזטו שוין פֿאָלקאָם געזונד? — האָט דער קעניג געפֿרעגט.

— נאָך נישט גאַנץ, מאַיעסטעט.

— אַ שאָד. איך האָב געוואָלט דיך שיקען תיכף אין אַ זעהר וויכטיגער שליחות.

— איך האָף, אַז מאָרגען וועל איך קאָנען ערפילען דעם וואונש פון אייער מאַיעסטעט.

— אַלזאָ מאָרגען; איך פערלאָז זיך דערויף. דו מוזסט קודם-כל פאָהרען קיין קעניגשטיין און איבערגעבען דאָרט אַ בריעף דעם קאָמענדאַנט, דעם אָבערסט-לייטענאַנט פאָן קרוקס. דער בריעף ליעגט שוין אויסגעפערטיגט אין מיין קאַנצעלאַריע, דאָרט וועסטו איהם אָבנעהמען, דער קאָמענדאַנט מעט דיר דאַן געבען בריעף ווי איך אָנזאָגען, וואָס דו האָסט צו טהון וויטער. אויב דו פאָהרסט-אָב מאָרגען, וועסטו מיטוואָך שוין קאָנען זיין אין קעניגשטיין. הערסטו, דו זאַך איז העכסט וויכטיג: דער בריעף מוז אָבגעגעבען ווערען מיטוואָך.

— איך וועל די בעפעהלען פון אייער מאַיעסטעט פינקטליך ערפילען.

— דו וועסט מוזען מאַכען די רייזע ריטענדיג, ווייל מיט אַ וואָגען איז שווער אַרויפצופאָהרען אויף דעם קעניגשטיין. קלייד זיך גור אָן וואַרים! צי האָסטו נאָך דעם פוטער, וואָס איך האָב דיר געשענקט אין פוילען?

— גייען מאַיעסטעט, דעם דאָזיגען טייערען אַנדענקען פון אייער קעניגליכער גנעדיגקייט צו מיר, האָט מען ביי מיר צוגע'גנב'עט.

דער קעניג האָט ווידער אַ קוק-געטהון אויף דער גרעפין, אַ שטייגער, ווי ער וואָלט געוואָלט זאָגען: אַ-האַ, זעהסטו שוין!

— פון קעניגשטיין—האָט דער קעניג גערעדט ווייטער מיט אַ שמייכעל — וועסטו מוזען מאַכען אַ וויטע רייזע, פרטים וועגען דעם וועסטו זיך דערוויסען אין קעניגשטיין. איך וואָלט געוואָלט, אַז דו זאָלסט פאָהרען גור אַליין.

— צי דאַרף איך מיטנעהמען אַ דיענער?

— יאָ, אָבער דו מוזט איהם איבערלאָזען פאַר קעניגשטיין. דו ווייסט דאָך, אַז אין דער פעסטונג לאָזט מען אַריין גור איין מענשען.

— דו האָסט ניט מורא פאַר דער רייזע? — האָט גרעפין קאָזעל געפרעגט.

— גנעדיגסטע גרעפין, איך האָב בטחון אין דעם אויבערשטען. מיין אַלמעכטיגען בעשיצער. ער וועט מיר שיקען זיינע מלאכים צו בעשיצען מיך. די גרעפין האָט געלאַכט.

— צי האָסטו שוין געזעהען — האָט זי געפרעגט — אַזעלכע מלאכים, וואָס זאָלען מיט די פליגלען פליהען פון הימעל אַראָב?

— גנעדיגע גרעפין, די מלאכים, וואָס איך מיין, זענען די מצוות פון אונזער הייליגער תורה „חונה מלאך ה' סביב ליראיו ויחלצם" — „עס רוהען די מלאכים פון ג—ט אַרום די, וואָס פירכטען איהם און זיי ראַטעוועטען זיי". דאָס איז דאָס ג—טליכע וואָרט פון דער תורה, וואָס איך בינד־

מיר אַרום דעם שטערן און אַרום דעם אָרעם, דאָס זענען די ציצית און מיין אַרבע כּנפות, יעדעס געבאָט פֿונ׳ם אויבערשטן, וואָס מיר ערפֿילן, היט אונז אָב, ווי אַ מלאך און בעשיצט אונז.

— ווען דו וועסט פֿון דער דאָזיגער נסיעה קומען צוריק, בערערענד, — האָט די גרעפֿין געזאָגט — וועסטו מיך לערנען אייער תּורה און איך וועל זיך מגייר זיין.

— בערערענד — האָט דער קעניג געזאָגט — די וואָך איז געווען אין דיין הויז אַ ייד אין מלבושים, ווי אַ ייד פֿון די מזרח־לענדער. צי האָט ער דיר דערצײלט וועגן דעם שוועדישן קעניג, וועלכער געפֿינט זיך יעצט אין טערקיי?

— מאַיעסטעט, דאָס איז געווען אַ נ׳אָרימער ייד פֿון ירושלים, וועלכער קאָן גאָר נישט וויסן וועגן דעם שוועדישן קעניג און בענדערי.

— גוט, בערערענד, גייע נעהם אָב דעם בריעף און מיין קאָנצעפּאַריע און מיטוואָך, הערסטו, מיטוואָך מוז דער בריעף אָבגעגעבן ווערן אין קעניגשטיין.

און אָוועגד נאָכ׳ן דאָזיגען טאָג, איז אַ פֿערמאַסקירטער מאַן אַריינגעקומען אין הויז פֿון קעניגליכען רעזידענט. ער האָט זיך נאָכגעפֿרעגט נאָך עורי׳ן, רבי בערמאַנ׳ס בוכהאַלטער.

אַזעלכע פֿערמאַסקירטע וויזיטען זענען אין יענע צייטען און דרעזדען געווען אַ געוועהנליכע ערשיינונג. „דרעזדען — שרייבט דער דאַמאָליגער בערימטער טוריסט, פֿאָן לאָזען — שיינט צו זיין אַ בעצויבערט לאַנד, וואָס שטיינט אַריבער אַפֿילו די פֿאַנטאַזיעס פֿון די פֿערצייטיגע דיכטער“.

עורי׳ האָט געמיינט, אַז עמיצער וויל טרייבען מיט איהם קאַטאָוועס, דערייבער האָט ער פֿערשלאָסען די טהיר אונטער דעם אַריינגעקומענעם.

דער פֿרעמדער האָט אַראָבגעוואָרפֿען די מאַסקע פֿון פּנים.

— גלח דאָמינ׳יק — האָט עורי׳ אויסגערופֿען — דער ודוי־פֿאָטער פֿון קעניג! עהרווירדיגער פֿאָטער, וואָס בעדייט דאָס?

— שטילער! — האָט דער גלח דאָמיניק געזאָגט — איידער איך וועל אייך אַ וואָרט זאָגען, מוזט איהר מיר שווערען, אַז קיין ילוד־אשה זאָל דערפֿון נישט וויסען, דאָס איך בין ביי אייך געווען און האָב מיט אייך גערעדט.

עורי׳ האָט געשוואוירען.

— יונגער מאַן — האָט דער גלח געזאָגט — איך האָב אַמאָל דערקענט אייער העררן, בעהרענד לעהמאַן, ווען איך בין נאָך געווען הויז־גלח ביים פֿירשט לובאָמירסקי. דאַמאָלס האָב איך איהם צוגעזאָגט צו בעשיצען איהם פֿון דעם פֿירשט׳ס נקמה. יעצט איז געקומען די צייט מיין וואָרט צו האַלטען. דייטליכער רעדען טאָר איך נישט, דאָס איז אַ ודוי־געהיימניש,

וואָס איך טאָר נישט פאַרראַטן. איין זאַך וועל איך אָבער אײַך זאָגן: דערלאָזט נישט אײַער הער צו פאָהרען קיין קעניגשטיין!

— עהרווירדיגער גלח, איהר ברענגט מיך אין גרויס פערלעגענהייט. איהר גיט מיר אַ שליחות און דערבײַ נעהמט איהר בײַ מיר צו די מעגליכקייט צו ערפילען איהר. ווי אַזוי זאָל איך פועל'ן בײַ מײַן הערר, אַז ער זאָל ווערען אונגעהאָרכזאַם דעם בעפעהל פון קעניג? צי חעט דען מײַן הערר מיך וועלען הערען? ערלויבט מיר ווענינגסטענס איהם צו זאָגען, אַז מען האָט מיך מזהיר געווען!

— ניין, איהר טאָרט דאָס נישט טהון. וואָס איך האָב געטהון איז פון מײַן זײַט שוין אויך אַ פערברעכען, דען איך טאָר נישט פערראַטען די סודות, וואָס מען גיט מיר איבער בשעת אַ וודוי. ווי אַזוי איהר זאָלט אָבהאַלטען אײַער הערר פון דער נסיעה, דאָס איז אײַער זאַך. עפענט די טהיר און לאָזט מיך געהן.

— עהרווירדיגער פאָטער...

— לאָזט מיך געהן!

עזרי' האָט געעפענט די טהיר. דער גלח איז געשווינד אַרויסגעגאַנגען.

עזרי' איז געבליבען שטעהן אין דער גרעסטער פערצווייפלונג. אַז עס האַנדעלט זיך וועגען אַ פורכטבאַרער זאַך, דאָס האָט ער געקאָנט דערקענען פון דער ערנסטקייט. מיט וועלכער דער גלח האָט גערעדט מיט איהם. וואָס פאַר אַ סכנה קאָן דען פאָרשטעהן זײַן הערר אויף דער פּאָסטונג קעניגשטיין? דער רעזידענט האָט געזאָגט, אַז ער מוז אַהין פאָהרען אין דער שליחות פונ'ם קעניג, אָבער וועגען דעם צוועק פון דער נסיעה האָט רבי בערמאַן געגען זײַן געוועהנהייט קיין וואָרט נישט גערעדט.

עזרי' האָט בעשלאָסען קודם-כל צו געהן תיכף רעדען מיט רבי בערמאַנ'ען. אַרײַנקומענדיג צו איהם אין צימער, האָט ער איהם געפונען בעשעפטיגט מיט'ן אײַנפּאַקען זײַן רייזע-טאַש.

— רבי בערמאַן — האָט עזרי' געפרעגט — פאַרוואָס ווילט איהר מיטנעהמען אַזוי פיעל זאַכען מיט זיך אויף אַזאַ קורצער רייזע?

— פון קעניגשטיין וועל איך דאַרפען פאָהרען ווייטער, וואוהין — ווייס איך אליין נישט. ערשט אין קעניגשטיין וועל איך בעקומען אינסטרוקציעס מכח דעם.

— וואונדערליך! — רבי בערמאַן, איהר ווייסט דאָך, איך בין אײַערם אַ געטרײַער דינער שוין העכער צעהן יאָהר; איך ליעב אײַך, ווי איך קאָן נור ליעב האָבען אַ פאָטער. צי ווילט איהר מיט עטוואָס טהון צוליעב?

— וואָס נעמליך?

— פאָהרט ניט קיין קעניגשטיין!

— ביזט דו אַ נאַר, עזרי'?

— דאָ איז פריהער געוועזען אַ פערמאַסקירטער מאַן און האָט מיך בעשוואָרען אָבצוהאַלטען אייך פון דער דאָזיגער רייזע.

— האַ, דאָס איז אַ אינטריגע פון מיינע פיינד, ניט מעהר, מען וויל, אַז איך זאָל ווערען אונגעהאָרכזאַם געגען דעם קעניג, כדי אַזוי־אַרום מיך צו בעזייטיגען.

— איך בעט אייך, איך בעשווער אייך...

— נאַרישקייט, עזריה, זיי ניט קיין קינד. מעהר רעד קיין וואָרט ניט. איך מוז דעם קעניג געהאָרכען!

---

## 30) א וואונדערליכער בעזוך.

אין דער נאַכט נאָכדעם האָט עזרי' ניט געקאָנט איינשלאָפען, זיין פאַנטאַזיע האָט איהם געמאָלט די שרעקליכסטע געפאַהרען, וועלכע ערוואַרטען זיין העררן אין דער פעסטונג קעניגשטיין. טויזענד פלענער האָבען זיך איבערגעוואָרפען ביי איהם אין קאָפּ, ווי אַזוי אָבצוהאַלטען רבי בערמאַן פון דער רייזע, אָבער אַלע פלענער האָט ער געמוזט אָבוואַרפען צוריק. אָט האָט ער זיך ענטשלאָסען צו געהן צום קעניג און בעטען ביי איהם, אַז ער זאָל רחמנות האָבען אויפ'ן רעזידענט; און דאָ ווידער איז איהם פאָרגעקומען, אַז דאָס בעסטע וועט זיין צו געהן צום פּרעמיער־מיניסטער פלעמינג און צוזאָגען איהם הונדערט טויזענד טהאָלער, אויב ער וועט ראַטעווען זיין העררן. איהם איז אויך איינגעפאַלען אַ פּלאַן אַליין צו פאָהרען קיין קעניגשטיין, כדי צו דערגעהן דאָרט, ווענען וואָס ס'האַנדעלט זיך און דאַן האָט ער אַ קלאָר געטהון, צי וועט ניט זיין גלייכער אַריבער צוגעהן צו גרעפין קאָזעל, פאַלען איהר צו די פיס און בעטען ביי איהר, אַז זי זאָל אָבווענדען דאָס אונגליק פון רבי בערמאַן. אָבער ביי יעדען פון די דאָזיגע פלענער האָט עזרי' זיך געמוזט זאָגען, אַז ס'וועט זיין שווער איהם אויסצופיהרען. לסוף איז ער אַרויסגעשפּרונגען פון בעט און האָט זיך גענומען צו דער אַלטער יודישער תרופה: ער האָט אָנגעהויבען זאָגען תהלים און בעטען ביי דעם אויבערשטען הילף און רעטונג. אינ'ם דאָזיגען וואונדערליכען ספר האָט ער געשעפּט, ווי פון אַ לעבעדיגען קוואַל טרייסט אין דער פערצווייפלונג און בטחון, אַז דער אויבערשטער וועט ניט פערדאָזען זיין גוטען וואוילטהעטיגען העדר. און ווען עס איז שוין טאָג געוואָרען איז ער נאָך אַלץ געשטאַנען איבער'ן תהלים'ל אין מיט טרעהרען אין

די אויגען געלייענט און געלייענט די היילינגע תפלות.

און ווען די זון איז אויפגעגאנגען, האט ער תפילין געלעגט און זיך געשטעלט דאווענען. נאכ'ן דאווענען איז ער געשווינד אוועקגעגאנגען צו א באקאנטער שררה, דעם פרינץ מארין, כדי צו בעטען ביי איהם הילף פאר זיין הערן.

פרינץ מארין פאן זאקסען איז געווען דער זוהן פון גרעפין אויראָרא פון קעניגסמארק און קעניג אויגוסט דעם שטארקען, פון אלע זיהן פון קעניג איז ער געווען דער בערימטעסטער. ער איז פון דער געבורט שוין געווען א קריגס-העלד. די דאמאלינע שריפטשטעלער דערציילען, אז באלד ווי ער איז ארויסגעשפרונגען דעם ערשטען מאל פון וויג, האט ער פערלאנגט, אז מען זאל איהם ברענגען טרומייטערס און פויקען. אלס דרייצעהן-יעהריגער יונגעל האט ער שוין געדינט אין דער ארמעע, אלס אדיוטאנט פון גראף שולענבערג, וועלכער איז שפעטער אזוי שטארק בערימט געוואָרען אלס פעלד-מארשאל פון דער ווענעציאנער רעפובליק. אבער פלעמינג האט איהם מקנא געווען און פערשטויסען פון דער זאקסישער ארמעע נישט בלויז דעם גראף שולענבערג, נאר אויך דעם זוהן פון קעניג. פרינץ מארין איז דעריבער געווען געצוואונגען אריינצוטרעטען אין דער פראנצויזישער ארמעע און דארט איז ער צוזאמען מיט זיין פעלד-מארשאל אזוי בערימט געוואָרען, אז זיין נאמען געהערט שוין דער געשיכטע.

און דער צייט פון אונזער ערצעהלונג איז פרינץ מארין נאך נישט געווען מארשאל פון פראנקרייך; ער איז געווען אויף א קורצער צייט צו-גאסט ביי זיין פאטער אין קעניגליכען הויף אין דרעזדען. דא איז ער ביי אלעמען געווען העכסט בעליבט און אויך די גרעפין קאזעל איז געווען צו איהם זעהר גוט. מארין איז געווען אג'עכטער זוהן פון זיין פאטער: אויך אזוי שעהן, קרעפטיג און פערשווענדעריש, ווי ער אין געווייסע פער-לעגענהייטען האט ער זיך שוין געהאט געווענדעט צו רבי בערמאן נאך הילף און ביי דער דאזיגער געלעגענהייט האט ער איינגעזעהען, וואס פאר א גרויסארטיגער מאן רבי בערמאן איז און האט איהם הויך געאכטעט און געשעצט. און זיינע בריוף צו זיין מוטער, ווי אויך אין די געדרוקטע מעמוארען פון פעלד-מארשאל, דערמאהנט ער שטענדיג מיט דער גרעסטער הויכאכטונג דעם רעזידענט בעהרענד לעהמאן.

צו אט דעם פרינץ האט זיך געלאזט לויפען עזריאל תיכף נאכ'ן דאווענען, האפענדיג צו דערגרייכען עפּעס לטובת זיין הערן דורך דער פערמיטלונג פון פרינץ. אבער ווען ער איז צוגעקומען צום פרינצ'ס פאלאץ האט דער פרינץ גור-וואס זיך געזעצט רייטען.

— דורכלויכטיגער פרינץ—האט עזריאל אויסגערופען—איך וואלט גע-וואלט מיט אייך ריידען נור א פאר ווערטער!

— אונמעגליך—האט דער פרינץ געענטפערט—איך האב נישט קיין

מיינע צייט, קומט מאָרגען!

און דער פּרינץ איז פאַרשוואונדען געוואָרען אויף זיין פויגעל-פערד. עזרי' איז געבליבען שטעהן מיט איין האַפנונג ווענינער.

— אל תבטחו בנדיבים! — האָט גישט קיין בטחון אין אַ מענשען— האָט ער געקרעכצט פאַר זיך—מיין הילף שטאַמט פון'ם איבערשטען, דעם שעפער פון הימעל און ערד. אויב ער וויל מיר נישט העלפען, זענען אַלע מיינע מחשבות אומזיסט; פערקעהרט, ווען דער איבערשטער זאָל נור וועלען העלפען, ברויך ער נישט קיין פירשט: ער קאָן שיקען זיין הילף אויך דורך אַ בעטלער.

און אַט דער בעטלער איז שוין טאַקי געווען ביי עזריה'ן אין שטוב, ווען ער איז צוריק אַהיים געקומען.

— וואָס ווילט איהר? — האָט עזריה געפרעגט, ווען ער האָט ביי זיך אין פאָדער-שטוב דערזעהען אַן אָרימען יודען אין שטאַטעס געקליידעט.

— אַה, מיין העָרר, — האָט דער אָרימער יוד געענטפערט — איך וואָלט וועלען רייידען מיט'ן גנעדיגען העררען. אָבער מען וויל מיך נישט אַריינלאָזען צו איהם. ער האַלט ביי'ם אַוועקפאָהרען—האָט מען מיר געזאָגט.

— וואָס ווילט איהר פון העררען? אַ נדבה? נעָ"ר?

— אַה, ניין, מיין העָרר. אמת, געלד וואָלט מיר זעהר צו-נוץ קומען אָבער נישט צוליעב דעם וויל איך רייידען מיט'ן העררען.

— קומט, רבי יוד, מיט אין מיין צימער און אויב איך קאָן אייך נור העלפען, וועל איך עס געווים טהון.

עזריה איז אַריינגעגאַנגען אין קיך און האָט בעשטעלט פריהשטיק פאַר זיך און פאַר'ן אורח צו זיך אין צימער אַריין.

געפרישטיגט האָט מען, ווי ס'איז דאַמאָלס געווען די מאָדע אין דייטשלאַנד, מיט ברויט און וואַרים ביער. פון קיין קאַווע האָט מען אין דייטשלאַנד דאַמאָלס נאָך נישט געוואוסט.

עזרי' מיט זיין אורח האָבען זיך געוואַשען און געגעסען.

— אַה — האָט דער פרעמדער יוד געזאָגט—ס'איז מיר אַריין אַ חיות אין לייב. אַ גאַנצע נאַכט האָב איך געוואַנדערט צו-פוס און בין אַדורכגע- פרוירען געוואָרען. מיינע מלבושים זענען גאָרנישט ווי פאַר'ן יעצטיגען ווינ- טער-וועטער.

נאָכ'ן עסען האָט עזרי' איינגעלאַדען דעם אורח צו דערצעהלען, וואָס זיין בעגעהר איז.

— איך הייס לעב — האָט דער אורח געזאָגט — און האָב פריהער געוואוינט אין רינעק, אין ווירצבורג. איינמאָל איז מיין דינעסט געגאַנגען אין זיינע חגאות שעפּען אַנ'עמער וואַסער פון ברונעם. מיין יונגערער ברודער איז געגאַנגען צום קריסטליכען מיזרח אָבנעהמען מיין עמער, וואָס

איז בײַ איהם געװען. דער װירט האָט דאָס יונגעל פֿערהאַלטען, כּדי אָבצו-שמד'ן איהם. איך בין דעמאָלס אין דערהײם נישט געװען. װען איך בין אַהײם-געקומען און האָב זיך דערפֿון דערװאוסט, האָב איך זיך געלאָזען לויפֿען קײן װירצבורג, כּדי צו זוכען הילף פֿאַר מײַן אָרימען ברודער. דער פֿירשט-בישאָף האָט געשיקט אַ ראָטע סאָלדאַטען. װעלכע האָבען אַרעסטירט דעם װירט מיט זײַנע זיהן; אָבער פֿאַר מײַן ברודער איז די הילף שוין גע-װען צו-שפּעט, דען מען האָט איהם שרעקליך גע'ממית'ט און ער איז דעמ-זעלבען טאָג געשטאָרבען. דער װירט איז פֿעראורטהײלט געװאָרען צום טויט, און מען האָט איהם אויפֿגעהאָנגען. אָבער דעמזעלבען טאָג איז דער המון באַפֿאַלען מײַן הויז און האָט עס בערויבט און חרוב-געמאַכט. איך האָב ג—ט געלויבט, װאָס איך האָב מיך מיט מײַן װײַב אַרויסגעראַטעװעט מיט'ן לעבען.

— שרעקליך!

—

— פֿון יענער צײַט אָן — האָט דער אורח דערצעהלט װײַטער—שלעפּ איך זיך אַרום אין לאַנד, װי אַ בעטלער. און אַט האָב איך אין בעהײמען זיך דערװאוסט, אַז רבּי בערמאַן נעהמט-אויף יודען אין האַלבערשטאַדט. איך האָב זיך דעריבער געלאָזען אויף דער װאַנדערשאַפֿט קײן האַלבער-שטאַדט. אויפֿ'ן װעג אָבער, אין װאַלדענבורג, האָט מײַן װײַב אַ יונגעל גע-האַט. מײַן װײַב איז געװען זעהר קראַנק און איך האָב איהר נישט גע-קאָנט עֶרלאָזען. יעצט אָבער איז איהר שוין בעסער און אַט בין איך אַ גאַנצע נאַכט צו-פֿוס געגאַנגען, כּדי צו בעטען רבּי בערמאַן צו זײַן בײַ מיר מוהל, יעצט הער איך, אַז ער האַלט בײַם אַװעקפֿאָהרען און װײַט אַרום איז דאָך קײן אַנדער מוהל נישטאָ.

— װען איז דאָס קינד געבוירען געװאָרען?

— פֿאָריגען דאָנערשטאָג.

— אַלזאָ איבערמאָרגען איז ברית-מילה.

עזרי' האָט זיך אַ װײַלע פֿערטראַכט. אַ װאונדערליכער געדאַנק איז בײַ איהם ענטשטאַנען: צי איז נישט אָט דער אָרימער יוד אַ שליח פֿונ'ם אויבערשטען צו ראַטעװען זײַן הערר.

— הערט נור — האָט עזרי' געזאָגט — װען איהר װעט זאָגען, אַז דער ברית דאַרף פֿאָרקומען דאָנערשטאָג, װעט מײַן הערר געװיס מיט איך נישט געהן, דען מיטװאָך מוז ער זײַן אין דער פֿעסטונג קעניגשטײן און פֿון דאָרט פֿאָהרען װײַטער. װײסט איהר װאָס? זאָגט איהם, אַז דער ברית איז מיטװאָך. װען ער װעט קומען מיט איך אין װאַלדענבורג, װעט איהר שוין בײַ איהם ליכט פּועל'ן, אַז ער זאָל װאַרטען ביז דאָנערשטאָג.

עזרי' האָט אַרײַנגעפֿיהרט דעם אורח צו זײַן הערר.

— רבּי בערמאַן — האָט ער געזאָגט — אָט דער יודעל'ס פֿרוי ליגט

אין קינפּעס אין וואַלדענבורג, בײַ איהר איז אַ יונגעל געבוירען געוואָרען. מאָרגען איז דער ברית און ווײַט אַרום איז קײן מוהל נישטאָ. איהר קאַנט הײַנט קומען קײן וואַלדענבורג, מאָרגען פריה מלה זײַן דאָס קינד און דערנאָך קומען בעצײַטענס קײן קעניגשטײן.

דער רעזידענט האָט אַ ווײַלע זיך מישב געווען. דאַן האָט ער גע־שאָנקען דעם יודען פינף דוקאַטען און געלאָזט זיך געבוי אָנווײַזען, וואו ער וואוינט.

— געהט אַהײם צו אײַער ווײַב און קינד, הײַנט אין אָוועגד וועל איך בײַ אײַך זײַן — האָט ער געזאָגט.

---

# 31) דער מלאך הברית.

ווען דער יוד לעב האָט דערהאַלטען דעם גינסטיגען ענטפער פון רעזידענט האָט ער זיך תיכף געלאָזען צוריק אין וועג אַרײַן צו זײַן ווײַב מיט דער פרעהליכער בשורה און צוגרײטען איהר, אַז זי זאָל אויך זאָגען דעם רעזידענט, דאָס דער ברית וועט זײַן מאָרגען, מיטוואָך.

בינו לבינו האָט רבי בערמאַן געענדיגט זײַנע הכנות צו דער רײַזע. צווײ פערד זענען געשטאַנען געזאָטעלט פאַר זײַן הויז. אײן פערד פאַר'ן רעזידענט, דאָס אַנדערע פאַר זײַן דינער יאָחאַן, וועלכער האָט איהם געזאָלט בעגלײטען.

עזרי' האָט אין דער לעצטער מינוט ווידער פרובירט אָבהאַלטען זײַן חתן פון דער רײַזע.

— טהוט מיר די טובה — האָט ער געזאָגט — קומט באַלד פון ברית אַהער צוריק. פאָהרט נישט קײן קעניגשטײן.

— דו ביזט אַ נאַר — האָט רבי בערמאַן געענטפערט מיט אַ געלעכ־טער — איך בין אומעטום אין ג—טס האַנד, דאָ, ווי אין קעניגשטײן. זײַ געזונד!

און האָט זיך געזעצט אויפ'ן פערד און מאַרש אין וועג אַרײַן. יאָהאַן איז געפאָהרען נעבען איהם.

עזרי' האָט איהם בעגלײט אײניגע שריט און געזאָגט:

— יברכך ד' וישמרך! יאר ד' פניו אליך ויחונך; ישא ד' פניו אליך וישם לך שלום (דער אויבערשטער זאָל דיך בענשען און היטען; זײַן פּנים זאָל דיר לײַכטען און זײַן דיר גנעדיג; זאָל דער אויבערשטער דיר צוּווענדען זײַן פּנים און געבען דיר פרידען).

דאַן איז עזרי׳ צוריק אַרײַן אין שטוב און האָט אָנגעהויבן ווידער שוכען נײַע פּלענער, ווי אַזוי צו דערגרײכן, וואָס פאַר אַ געפאַהר עס שטעהט פאַר זײַן הערן, און אויב ס׳וועט מעגליך זײַן—צו ראַטעווען איהם.

רבי בערמאַן איז זיך געריטען רוהיג ווייטער, אָבער ערנסטע געדאַנקען האָבען איהם בעשעפטיגט. דאָס שטענדיגע בעטען זיך פון זײַן בוכהאַלטער, אַז ער זאָל נישט פאָהרען, האָט דאָך פאָרט געמאַכט אויף איהם אַ שטאַרקען אײַנדרוק. צי זאָל דען ווירקליך איהם פאָרשטעהן אַ געפאַהר אויף קעניגשטײַן? ערשט יעצט איז איהם עפּעס-וואָס פאָרגעקומען אויפפאַלענד, אויף וואָס ער האָט פריהער גאָר נישט אַכטונג געגעבען. די וואונדערליכע בליקען, וואָס דער קעניג און די גרעפין האָבען געוואָרפען איינע די אַנדערע, קוקענדיג אויף איהם, בשעת זײַן לעצטער אוידיענץ. די וואונדערליכע ערקלערונגען פון דער גרעפין: „אויב דו וועסט קומען צוריק פון דער רײַזע, וועל איך זיך מגייר זײַן“. בכלל איז דער גאַנצער צוועק פון דער רײַזע געווען אַזוי געהיימניספול, אַזוי אײַנגעהילט אין מיטעטער טונקעלהייט. מעגליך, אַז דער פּערטאַסקירטער, וואָס האָט מזהיר געווען עזרי׳, איז אפשר טאַקי געווען גערעכט? מעגליך, אַז מען וויל איהם פערהאַלטען אין געפאַנגענשאַפט אין קעניגשטײַן? אָבער פאַרוואָס? וואָס פאַר אַ גרונד האָט געהאַט דער קעניג, וועלכען ער איז שטענדיג געווען אַזוי געטרײַ און האָט איהם געדיענט מיט אַזאַ מסירות-נפש, צו לאָזען איהם נעהמען אין געפאַנגענשאַפט? אָה, יאָ, אין הויף פון זאַקסישען קעניג ברויך מען דען צו האָבען דווקא אַ גרונד עמיצען צו פערדערבען? וואָס פאַר אַ גערעכטיגקײַט הערשט דען דאָרט! די מיניסטאָרען, די גענעראַלען, די הויף-לײַט—„זיי אַלע זענען דאָך פערברעכער, חברים פון גנבים“! — האָט רבי בערמאַן גערעדט פאַר-זיך מיט׳ן אויסדרוק פון׳ם נביא. דער בירגער און דער פויער האָט דאָך בײַ זיי גאָר קײַן רעכט נישט; מען בעגעהט זיך מיט זיי, ווי מיט קנעכט און מען עקספּלואַטירט זיי. אפילו דער אַדעל, וועלכער האָט שוין יאָ מאַכט און אײַנפלוס מיט פּריווילעגיעס — אפילו בײַ׳ם אַדעל שטרעבט מען אויך אײַנצושלינגען איינער דעם אַנדערען, צו שטירצען און פערניכטען. אײַנמאָל האָט אַן׳אַדעל-מאַן, פאָן האַרטהויזען, געבעטען אַ שטעלע בײַ׳ם מיניסטער פלעמינג. זײַן שתדלן האָט איהם רעקאָמענדירט אַלס אַ „אָנע-טאָם“—ס׳הייסט אַלס אַן׳ערענמאַן. „נו נע וואוילאָן פאַ ז׳איט, ד׳אָנעטאָם, מעט דע פּריפאָן“ (מיר ברויכען דאָ נישט צו האָבען קײַן ערליכע לײַט נאָר שווינדלער)—האָט דער מיניסטער פלעמינג געענטפערט, אָבוועגדענדיג זיך פון שתדלן. און אָט דער פרעמיער גופא, צי איז ער דען נישט געווען אַ מענש, וואָס שרעקט זיך נישט פאַר קײַן שום פערברעכען! און צי איז ער דען נישט געוואָרען אין דער לעצטער צײַט זײַן פערביטערטער פײַנד? צי האָט דען נישט געשוואוירען זיך פירשט לובאָמירסקי צו נעהמען פון איהם נקמה? יאָ, אָבער אין וואָס קאָן מען איהם דען בעשולדיגען? ווי אַזוי האָט מען עס געקאָנט פועל׳ן בײַ׳ם קעניג אָנצוטאָן אַ

װעלכע-עס-איז ביז זײַן געטרײַען דינער? נײן, ס'גלױבט זיך אים גאָר ניט. דװקא די אזהרה פֿונ'ם פֿערמאַסקירטען מענשען איז געװען אַ אינטריגע: מען האָט איהם געװאָלט בעװעגען צו װערען אונגעהאָרכזאַם דעם קעניג, כדי איהם דערנאָך צו פֿערדערבען.

אָט אין װעלכע געדאַנקען רבי בערמאַן איז געװען פֿערטיפֿט אױף דער רײזע, װען זײַן דינער האָט זיך פּלוצלונג אַ קעהר געטהון צו איהם מיט אַ ביטע צו פֿאָהרען אָן אַ זײַט פֿון װעג.

רבי בערמאַן האָט זיך אַרומגעקוקט און דערזעהען ניט װײַט פֿון זיך אַ בערגעל, אױף װעלכען ס'איז געשטאַנען אַ תליה. דאָ האָט מען מיט אַ קורצער צײַט פֿאַר דעם אױפֿגעהאָנגען דעם רױבער-הױפּטמאַן ליפּס טוליאַן, װעלכער האָט זיך געהאַט צוזאַמענגעשטעלט אַ באַנדע רױבער פֿון די אַנטלאָפֿענע שפּאַנישע סאָלדאַטען אין האָט מיט זײ געראַבירט און געטאָרדעט אין לאַנד אין דער גאַנצער סביבה. ענדליך האָט מען איהם מיט 50 פֿון זײַנע לײַט געכומען געפֿאַנגען און געלאָזען אױפֿהענגען ניט װײַט פֿון דרעזדען. דעם הױפּטמאַן האָט מען פֿריהער צעריסען אױפ'ן ראָד און דאַן האָט מען די שטיקער פֿלײש געלאָזט אױפֿהענגען; זײַנע חברים האָט מען אױפגעהאָנגען לעבעדיגערהײד. אַלע אױפגעהאָנגענע זענען געהאָנגען אַזױ לאַנג, ביז די רױב-פֿױגלען האָבען זײער פֿלײש אױפֿגעפרעסען, ערפֿילענדיג די לופט מיט זײערע שרעקליכע געשרײען.

— און פֿאַרװאָס זאָלען מיר ניט פֿאָהרען דאָ גלײַך? — האָט רבי בערמאַן געזאָגט.

— איך האָב מורא—האָט יאָהאַן שטיל געענטפֿערט.

— דו האָסט מורא?

— אָה, העֶרר, ס'טוז זײַן שרעקליך צו װערען אַרױפגעצױגען אַזױ אין דער לופטען, מיט'ן שטריק אַרום האַלז, כדי דערנאָך צו געהן אַװעק אַרום אין גהינום.

— געװיס. אָבער דאָס דאַרף דאָך אונז ניט שטערען צו פֿאָהרען פֿאַרבײַ דער תליה!

— יאָ, אַבער די נשמות פֿון די אױפֿגעהאָנגענע! הערט נור, װי עס קרעכצט שרעקליך!

— דאָס זענען ניט די גײַסטיגער, נאָר די רױב-פֿױגלען, װעלכע פֿרעסען דאָס פֿלײש פֿון די אױפֿגעהאָנגענע. לאָמיר פֿאָהרען װײַטער!

אָבער יאָהאַן האָט אָבגעשטעלט זײַן פֿערד.

— הערר—האָט ער זיך געבעטען—לאָמיר פֿאָהרען אָן אַ זײַט!

— אפֿשר האָסטו אַ פֿערברעכען אױפ'ן האַרצען?

יאָהאַן האָט אָנגעהױבען ציטערן מיט'ן גאַנצען לײַב. ער האָט זײַן פֿערד אָבגעפֿיהרט אָן אַ זײַט און װילענדיג צו ניט, האָט רבי בערמאַן

געשטויס אויך מאַכען דעם אַרומיגען וועג.

שפּעט אין אָוועגד זעגען ביידע רייטער געקומען אין וואַלדענבורג, וואו ס׳האָט זיי ערוואַרטעט דער בעל-ברית אויפ׳ן וועג און האָט זיי אַריינגעפיהרט אין אַנ׳אַיינפאָהר-הויז.

דאַן איז רבי בערמאַן געגאַנגען מיט׳ן בעל ברית אין הויז, וואו דער ייד האָט זיך אויפגעהאַלטען. רבי בערמאַן האָט געהייסען ווייזען איהם דאָס קינד: דאָס איז געווען אַ קרעפּטיג, שעהן יונגעלע.

— דאָס קינד איז געזונד—האָט רבי בערמאַן געזאָגט—דער ברית קאָן מאָרגען פאָרקומען.

דער פאָטער פון׳ם קינד האָט אַ קוק געטהון אויף זיין פרוי. ביידע האָבען געשמייכעלט. רבי בערמאַן האָט זיי אָנגעקוקט פערוואונדערט; ער האָט זיך דערמאָהנט אָן די אייגענע קינדער, וועלכע ער האָט שוין געהאַט בעמערקט צווישען דעם קעניג און דער גרעפין קאָזעל.

אויף צומאָרגענס איז רבי בערמאַן ווידער געקומען צום בעל ברית, כדי מל׳ן צו זיין דאָס קינד. ער האָט געפינען דעם בעל-ברית מיט זיין פרוי אין גרויסער פערלעגענהייט.

— גנעדיגסטער הערר רעזידענט—האָט דער ייד לעבע געזאָגט—איך בעט אייך, זייט אויף מיר נישט בייז, אָבער איינער בוכהאַלטער האָט מיך אַליין געלערנט צו זאָגען, אַזוי...

— וואָס צו זאָגען?—האָט רבי בערמאַן געפרעגט ערשטוינט.

— מיין פרוי האָט נולד געווען דאָס קינד דאָנערשטאָג 12 בייטאָג.

— דאָנערשטאָג?

— יאָ, דאָנערשטאָג, דער ברית קאָן אַלזאָ פאָרקומען ערשט מאָרגען.

— מענש, וואָס האָט איהר געטהון? גאָר אומזיסט איז מיר אויסגעקומען צו מאַכען אַזאַ לאַנגען וועג. איך פאָהר תיכף-אָב צוריק.

— איך בעט אייך, גנעדיגסטער הערר רעזידענט, שילט מיך, שלאָגט מיך, לאָזט מיך וואַרפען אין טורמע אַריין—איך האָב עס פערדינט, ווייל איך האָב אייך אָבגענאַרט. אָבער טהוט נור דאָס נישט — פאָהרט נישט אַוועק! בלייבט דאָ ביז מאָרגען און זייט מל׳ה מיין קינד, לאָזט נישט פערפאַלען די גרויסע מצוה פון מילה בזמנה. יאָ, איך האָב אייך געזאָגט אַ ליגענד! אָבער ווען איך וואָלט דאָס נישט געטהון, וואָלט איהר אַהער נישט געקומען, און אין דער גאַנצער סביבה איז נישטאָ קיין מוהל.

— איך וועל אייך נישט שילטען, נישט שלאָגען און נישט וואַרפען אין טורמע, אָבער בלייבען דאָ וועל איך נישט. איך מוז היינט זיין אין דער פעסטונג קעניגשטיין, דער קעניג האָט עס מיר בפירוש בעפוילען.

— איך בעט אייך, גנעדיגסטער הערר רעזידענט, ערלויבט מיר, אַ אָרעמען יודען, צו זאָגען אייך אַ וואָרט. דער קעניג פון פוילען און פון זאַקסען

האָט בעפֿוילען, אַז איהר זאָלט היינט זיין אין קעניגשטיין, און דער מלך מלכי המלכים, דער הגרשער איבער אַלע וועלטען, ברוך הוא וברוך שמו, האָט בעפֿוילען, אַז איהר זאָלט מיין קינד מל'ן זיין. ווײַטענס געבעט מוזט איהר פֿריהער פֿאָלגען?

— איהר האָט אַ טעות, ליעבער יוד. נישט איך מיר ליעגט דער חוב מל'ה צו זיין אייער קינד אינ'ם טאָג. ווען דער קעניג שיקט מיך אין אַנ'אַנדער אָרט. איהר מעגט מיר גלויבען, מיר אַליין איז עס זעהר שווער אייך אָבצוזאָגען, אָבער איך קאָן נישט בלייבען, איך טאָר נישט.

— רבי בערמאַן, איך בין נור אַנ'אָרימער יוד, אָהן אַהיים און אָהן אַ הויז; איך בין נאָך דערצו אויך נישט קיין למדן, איהר אָבער זענט יאָ אַ למדן, אָבער וויסען זאָלט איהר, ווען איהר זאָלט מיר אָבגעבען אייער גאַנץ פֿערמעגען און אייער גאַנצע לומדות, וואָלט איך נישט געוואָלט געהמען אויף זיך די עבירה נישט אַריינצובריענגען אַ יודיש קינד בבריתו של אברהם אבינו! אַפילו משה רבנו אַליין איז דאָך אויך בעשטראָפֿט געוואָרען דערפֿאַר, וואָס ער האָט פֿריהער געזאָרגט פֿאַר אַנ'אָרט, וואו צו נעכטיגען און ערשט דאַן פֿאַר'ן ברית מילה. רבי בערמאַן, ווי איהר קוקט מיך אָן, בין איך אָרעם און נאַקעט, אָבער איך האָב זיך שוין מוסר-נפש געווען און האָב פֿערלוירען מיין הויז און מיין היים, אַבי נור נישט צו לאָזען זיך אָב'שמד'ן. רבי בערמאַן, בלייבט ביז מאָרגען!

— איך קאָן נישט, איך קאָן נישט!

— איהר קאָנט! אליהו הנביא, דער מלאך הברית, וועט אָבווענדען פֿון אייך אַלעס אינגאַנגענעהמעס, וואָס קאָן פֿאַר אייך אַרויסקומען דערפֿון. שיקט אייער דיענער קיין קעניגשטיין, און זאָל ער דאָרט אויספֿיהרען אייער שליחות!

רבי בערמאַן האָט גאָרנישט געענטפֿערט. ער האָט זיך טיעף פֿערטראַכט: צי איז די גאַנצע זאַך נישט געוועזען אפשר אַ ישועת אלקים? סוף-כּל-סוף האָט ער נאָכגעגעבען און איז געבליעבען אין וואַלדענבורג. דעם בריעף פֿון קעניג האָט ער אָבגעשיקט דורך זיין דיענער יאָהאַן צום קאָמענדאַנט פֿון דער פֿעסטונג קעניגשטיין.



# דער שוידערהאפטער טויט.

ווען די, ליעבער לעזער, וועסט אמאל פאהרען פון דרעזדען קיין פראג, וועסטו ענטציקט ווערען פון דער שעהנער געגענד, דורך וועלכער דיר וועט אויסקומען צו פאהרען. די געגענד רופט זיך „די זאקסישע שווייץ“. די בערג אויף די ברעגען פון דער עלבע זענען בעדעקט מיט ווילדע אָרעם פערפלאנצונגען מיט וואנדערליכע. די בערג זענען אמאל העכער, אמאל משופע'דיגער און דער בעדייטענדסטער צווישען זיי, ביים אריינקומען אין דער זאקסישער שווייץ, שטעהט הויך איבער דער עלבע, — דאס איז דער קעניגשטיין. ער דערהייבט זיך כמעט שטעהענדיג, ווי א הויכער פעלז 1600 פוס העכער איבער'ן וואסער פון דער עלבע. אויבען, אין דער הויך אין דער פעלז פלאטץ; דארט איז אויסגעבויט א פעסטונג, וואס ארומצעהן איהר דארף דויערען א האלבע שעה צייט. דאס איז איינער פון די שענסטע ערטער, און פון דארט האט מען א פרעכטיג בילד אויף דעם טייך עלבע און אויפ'ן פרוכטבארען טהאל, וואס איז בעזייהעט מיט דערפער און שטעדט. אבער אויפ'ן דאזיגען שענעם ארט האט מען שוין פיעל מענשען-עלענד געזעהען. דער קעניגשטיין, א שטארקע טרויעריגע פעסטונג, האט שטענדיג געדיענט אויך אלס א מלוכה-געפענגעניש. פיעל מלוכה-לייט זענען דא געזעסען געפאנגען, אייניגע האט מען דא דעם קאפ אראבגענומען, אנדערע האבען זיך דא אליין דעם טויט גענומען פאר יסורים און צער. אויך אייניגע פערזאָנען פון אונזער געשיכטע האבען דא פיעל יאהרען פערבראכט, ווי, למשל, דער גרויסקאנצלער גראף בייכלינגען, דער פרינץ יאקאב און קאנסטאנטין סאביעסקי. אויך בעטגער, דער בלומר'שטער געלד-מאכער, איז דא איינגעשלאסען געווארען, ווען ער האט קיין געלד ניט געקאנט מאכען, ביז מען האט איהם ארויסגעלאזען און ער האט ערבונ-דען די אויסארבייטונג פון פארצעליי.

יאָהאַן, רבי בערמאַנ׳ס דינער, האָט וועגן אַלעם דעם נישט געטראַכט. ווען ער איז זיך געריטען פּאַרג-אַרויף; ער האָט אויך נישט אַכטונג געגעבען אויף דער שענהייט פון דער אַרומיגער געגענד און נישט געוואוסט וועגן דער טרויעריגער געשיכטע פון דער פעסטונג. גאַנץ אַנדערע בילדער האָבען זיין פאַנטאַזיע בעשעפטיגט: איהם האָט נישט געלאָזט רוהען דער געדאַנק וועגען דעם רויבער-הויפּטמאַן טוליאַן מיט זיינע חברים, וואָס זייערע נשמות האָבען נעכטען, דאַכט זיך, אַזוי שרעקליך געקרעכצט פון דער תליה אַרונטער. יעדען אויגענבליק האָט ער זיך אַ טאַפּ געטהון אויפ׳ן האַלז, צי שפּירט ער שוין דאָרט נישט דעם תליונ׳ס שטריק. ווען אָבער זיין פערד איז, קײַכענדיג און סאָפּענדיג, אַרויפגעשטיגען אויף דער משופּע׳דיגער הויכקייט, האָט ער געטאָוט צו-ווענדען זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט דעם שמאָלען וועג, כדי נישט אַרונטערצופאַלען אין תהום-אַריין. ענדליך איז ער געקומען צום גראָבען פאַר דער אויסערליכער מויער פון דער פעסטונג. די בריק איבער׳ן גראָבען איז געווען אויפגעהויבען. אויף יענער זייט גראָבען האָט זיך געזעהן אַ וועכטער, וואָס איז געזעסען אין זיין הײַזעל.

— וואָס וויל ער? — האָט דער וועכטער געפרעגט.

— אַ קאַבינעט-בעפעהל פון זיין קעניגליכער מאַיעסטעט! — האָט יאָהאַן אויסגערופען, אַרויסנעהמענדיג דעם בריעף פון קעשענע און האַלטענדיג איהם אין דער הויך.

די בריק האָט מיט גערויש זיך אַראָבגעלאָזען. יאָהאַן איז איבער איהר אַדורכגעריטען. דער וועכטער האָט אָנגעטהון די ברילען און ווידער בעטראַכט דעם בריעף.

— זאָל ער פאָהרען ווייטער! — האָט דער וועכטער בעפוילען.

אין אַ צווייטער שטעלע האָט מען יאָהאַנ׳ן ווידער אָבגעשטעלט. אויך דאָרט האָט ער בעקומען דעמזעלבען ענטפער. ענדליך איז ער געקומען צום טויער פון שלאָס און נאָכדעם, ווי ער איז פון פערד אַראָבגעשטיגען, האָט מען איהם אָבגעפיהרט צום קאָמענדאַנט.

דער קאָמענדאַנט האָט אָבגענומען ביי איהם דעם בריעף, געלעזען דעם אַדרעס, בעטראַכט די חתימה און, איידער ער האָט איהם געעפענט, האָט ער געפרעגט:

— ווי הייסט ער?

— יאָהאַן לידעקע פון גראָדנאָרע.

— וואָס איז ער?

— אַ דינער ביים קעניגליכען רעזידענט, בעהרענד לעהמאַן.

— אָה זיין הערר קען איך, כ׳האָב אַמאָל געהאַט די געלעגענהייט איהם צו ריידען אין ביאַלע, אין פּוילען. אָבער זיין הערר האָט, ווי עס שיינט, אַן טויר פערגעסען. דאַמאָלס האָב איך נאָך געהאַט מיינע ביידע גאַנצע פיס.

דער קאָמענדאַנט האָט בעטראַכט מיט וועהטאָג זיין הילצערנעם פוס. דאַן האָט ער דעם בריעף געעפענט. ווען ער האָט דעם בריעף דורכ־געלעזען, האָט ער מיט אַ וואונדערליכען בליק בעטראַכט דעם רוענער. און בריעף איז געשטאַנען:

„צום אָבערסט־לייטענאַנט פאָן קרוקס, קאָמענדאַנט פון דער פעסטונג קעניגשטיין!

„איך, זיין קעניג, בעפעהל איהם תיכף, אָהן טענות ומענות, אויסצופיהרען די טויט־שטראָף איבער'ן דערלאַנגער פונ'ם בריעף. זאָל ער זיך ניט לאָזען פערפיהרען דורך קיינע טענות, אַז מען איז אונשולדיג, דורך קיין פערזיכערונג, אַז דאָ איז פאָרגעקומען אַ טעות.

זיין תאויל־געוויינטער

קעניג אויגוסטוס רעקס.

געגעבען אין אונזער שלאָס אין דרעזדען, זונטאָג, דעם 22־טען פעברואַר.”

— יאָהאַן לידעקע!—האָט דער אָבערסט־לייטענאַנט זיך געווענדעט,—וואָס איז זיין פערברעכען?

— גנעדיגסטער הערר, איך פערשטעה אייך ניט!

— אַלזאָ, ווייס ער גאָרניכט, אַז ער מוז שטאַרבען!

יאָהאַן איז בלאַס געוואָרען.

— שטאַרבען... שטאַר — — בען?—האָט ער קוים אַרויסגעשטאַמעלט.

— יאָ, שטאַרבען! דער קעניג בעפעהלט מיר אויסצופיהרען אויף אייך די טויט־שטראָף אָהן טענות ומענות.

יאָהאַן איז געפאַלען אויף די קניע.

— גנעדיגער הערר!—האָט ער געשריגען,—איך בין אונשולדיג! עס מוז, משמעות, דאָ זיין אַ טעות.

— דער קעניג שרייבט, אַז איך זאָל ניט אַכטען אויף אַזעלכע ערקלערונגען.

— שטאַרבען, שטאַרבען, דאָס איז דאָך גאָר אונמעגליך!

— און דאָך וועט עס באַלד פאָרקומען. וואָס־פאַר אַ טויט וויל ער זיך בעסער אויסקלויבען? צי זאָל איך איהם לאָזען הענגען?

— אָה, גנעדיגער הערר! נור דאָס ניט, נור ניט הענגען!

— אפשר איהם לאָזען אָבהאַקען דעם קאָפּ?

— אָה, איך בעט אייך, הערר קאָמענדאַנט, ניט אָבהאַקען דעם קאָפּ, דאָס ניט!

—נו, איך קאָן דאָך אייך ניט לאָזען דערשיסען! דאָס איז אַ טויט, וואָס פאַסט נור פאַר אַ סאָלדאַט. דאָך, וויל ער שרעקט זיך אַזוי שטאַרק פאַר'ן הענגען אָדער קעפּען, וועל איך איהם לאָזען דערשיסען.

— אָה, גנעדיגסטער הערר, נור דאָס ניט, ניט דערשיסען!

— צום טײװעל, קערל! איך קאָן דאָך אײַך ניש̄ט לאָזן דערטרינקען אין דער פעסטונג, װאו אונז פעהלט װאַסער!

— גײן, גײן, נישט דערטרינקען

— נו, כ׳זאָל אַלזאָ פון זײַנעטװעגן אױסטראַכטען עפּעס נאָר אַ נײַעם מין טױט. פון מײַנעטװעגן: מיר װעלען שטעלען אַ פאַס פולװער, ער װעט זיך דערױף זעצען, און מיר װעלען איהם אונטערצינדען.

— גנאַדע, גנעדיגסטער הער, גנאַדע!

— ער איז אַ נאַר! איך קאָן איהם נישט בעגנעדיגען. דער קעניג האָט איהם פעראורטײלט צום טױט. דאָס קאָן מען נישט ענדערן.

דער קאָמענדאַנט האָט געעפענט די טהיר.

— װערו טמאַן!—האָט ער אױסגערופען,

אַ מאַן איז אַרײַנגעקומען.

— זאָל ער זאָגען דעם אונטער-אָפיציר בוש, ער זאָל תיכף אױס-שטעלען צעהן מאַן גוטע שיסער אױפ׳ן הױף. מען דאַרף אױספיהרען אַ טױט-שטראָף. זאָלען תיכף אַרײַנקומען דרײַ מענשען און פיהרען דעם פער-אורטײלטען צום אָרט, װאו די טױט-שטראָף דאַרף אױסגעפיהרט װערען.

— אַלזאָ מוז איך שטאַרבען!—האָט יאָהאַן געיאָמערט.—אָה, גנעדיגער הער, קאָמענדאַנט, לאָזט קומען אַ גלח, כ׳װיל זיך מתודה זײַן: זאָל ער מיך בעגלײטען און צוגעבען מוט.

— כ׳װאָלט עס גערן געטהון, אָבער דערבײַ װעגען פאַרהאַן שװעריג-קײטען. מען װעט מוזען שיקען אין דאָרף-אַרײַן נאָך אַ גלח. דאָס װעט דױערן צװײ שעה, און דאָס איז געגען דעם קעניג׳ס בעפעהל.

— גנעדיגסטער הער, לאָ׳מיך מאַקי לעבען נאָך צװײ שעה! אָדער אפשר נאָר ביז מאָרגען, ביז מײַן הער װעט קומען, װעלכער װעט אַלץ אױפקלערען. ס׳מיז דאָ זײַן אַ טעות. נישט איך האָב נאָר געדאַרפט איי-בערגעבען דעם בריעף, נאָר מײַן הער, פאַרװאָס זאָל דער קעניג מיך לאָזען דערשיסען? איך האָב דעם קעניג קײנמאָל קײן שלעכטס נישט געטהון.

דער קאָמענדאַנט האָט נישט געענטפערט. די דרײַ סאָלדאַטען זענען אַרײַנגעקומען און האָבען אַרױסגעפיהרט יאָהאַנע׳ן מיט געװאַלט אין הױף, װאו די שיסער זענען שױן געשטאַנען גרײט.

מען האָט דעם אונגליקליכען געדאַרפט צובינדען צו אַ בױם.

— הער קאָמענדאַנט!—האָט ער געשריגען,—לאָזט מיך לפחות פרי-הער מתודה-זײַן זיך פאַר אײַך.

דער קאָמענדאַנט האָט דערױף אײַנגעשטימט. די סאָלדאַטען האָבען אָבגעלאָזען דעם פעראורטײלטען, און יענער איז געפאַלען אױף די קניע.

— איך בין אַ גרױסער זינדיגער,—האָט ער געזאָגט מיט טרעהרען.— איך פערדיען דעם טױט. איך האָב בע׳גנב׳עט מײַן הער, װי איך האָב נור געקאָנט. אױף זײַנע פיעל נסיעות האָב איך בײַ איהם גע׳גנב׳עט דאָס און יענץ און פערקױפט. דאָס געלד האָב איך פער׳שכור׳ט אָדער פערשפּילט,

און מיין הערר איז דאָך געווען אַזוי גענעגען מיר! אויפ'ן ערגסטען אופן בין איך זיך בעגאַנגען מיט מיין הערר אין בראַנשוויג, וואו איך האָב אַריינגעפיהרט אין זיין צימער אַ באַנדע גנבים, און מען האָט ביי איהם צוגעגנב'עט פיעל געלד, אַ טייערן פעלץ און אַ גאָלדענע טאַבאַק-פושקע. דאָס געלד האָט ער אפילו ווידער בעקומען צוריק, אָבער די איבריגע זאַכען ניט. און מיין גוטער, איידעלער הערר האָט זיך נאָך אַליין משתדל געווען פאַר די גנבים. אָה, ער וועט אויך מיר מוחל זיין, ווען ער וועט זיך דערוויסען וועגען מיין טרויעריגען שיקזאַל. איך בעט אייך, הערר קאָמענדאַנט, זאָגט מיין הערר, אַז ער זאָל ניט פערלאָזען מיין אָרימער מוטער. זאָל ג—ט מיר, דעם זינדיגען, זיין גנעדיג!

מעהר האָט ער ניט געקאָנט רייד̇ען. טרעהרען האָבען איהם געשטיקט. דאַן איז ער אויפגעשטאַנען. די סאָלדאַטען האָבען געאײַלט איהם צובינדען צו אַ בוים; ער האָט אָבער געזאָגט, אַז דאָס איז ניט נויטיג, ער וועט אַליין אויך פעסט שטעהן. דאַן האָט מען איהם די אויגען פערבונדען. ס'האָט זיך דערהערט די קאָמאַנדאָ; די ביקסען האָבען אויסגעשאָסען, און יאָהאַן איז געפאַלען פערבלוטיגט צו דער ערד. אין אַ פאָר מינוט אַרום איז ער געשטאָרבען. זיין טויטען קערפער האָט מען בעגראָבען פאַר'ן טויער פון דער פעסטונג.

# 33. אַ מוטיגער ענטשלוס.

אויף צו-מאָרגענס איז רבי בערמאַן געקומען צום טויער פון דער באַרג-פעסטונג און בעגעהרט, אַז מען זאָל איהם אַריינלאָזען. ער האָט מל'ה נעוועזען דאָס קינד דאָנערשטאָג גאַנץ-פריה און האָט דעריבער געקאָנט קומען פריה צו דער פעסטונג. ווען ער האָט ערקלערט, ווי ער הייסט, און געזאָגט, אַז ער וויל זיך זעהן מיט'ן קאָמענדאַנט, האָט מען אַראָבגעלאָזען די בריק און אַריינגעפיהרט איהם מיט'ן זעלבען וועג, ווי דעם אונגליקליכען יאָהאַנ'ען מיט אַ טאָג פריהער. דער קאָמענדאַנט איז איהם אַרויסגעקומען אַנטקעגען און אויסגעשטרעקט איהם די האַנד.

— ברוך הבא אין קעניגשטיין, הערר רעזידענט!—האָט ער געזאָגט,—דערמאָהנט איהר זיך נאָך אָן מיר?

— גנעדיגער הערר!—האָט רב, בערמאַן געענטפערט,—איך האָב אָפט געטראַכט וועגען אייך. מיט בעדויערן האָב איך געהערט, אַז איהר האָט אין דער שלאַכט ביי פרויענשטאַדט פערלוירען אַ פוס. איך בין נאָך אייער בעל-חוב, הערר אָבערסט-ליינטענאַנט, דאָס וואָרט, וואָס איך האָב אייך געגעבען אין ביאַלע, האָב איך נאָך ניט מקיים געווען. איך בעט אייך, געהעט-

און אָט די צוויי הונדערט דוקאַטען אַלס דאַנק פאַר'ן דינענסט, וואָס איהר האָט מיר בעוויזען אין ביאַליע.

— איהר זענט מיר גאָרניט שולדיג, בעהרענד,—האָט דער קאָמענ-דאַנט געזאָגט.—איך האָב דאַמאָלס געטהון נור מיין פליכט. אָבער פונדעסט-וועגען וועל איך אייער גרויססוטיגע מתנה אָנגעהמען, ווייל איך בין יעצט געבליבען אַ קאַליקע און שטעה איינער אַליין אין דער גרויסער וועלט. דאָ נישט-לאַנג האָב איך בעשלאָסען חתונה צו האָבען. אַ רייך מיידעל וועט אָבער נישט חתונה פאַר אַ מאַן מיט אַ הילצערנעם פוס. דעריבער האָב איך מיר אויסגעקליבען אַנ'עהרליך שעהן מיידעל פאַר אַ כלה—פון אַלטען יחוס, אָבער בלוט-אָרים. האָבענדיג נישט מעהר, ווי מיין קליינע פענסיע, וועל איך קאָ-נען בעהאַלטען אייער מתנה אויף אַ שוואַרצען טאָג.

ער האָט צוגענומען דעם זייגענעם בייטעל, וואָס רבי בערמאַן האָט איהם דערלאַנגט. דאַן האָט ער געבעטען זיצען דעם רעזידענט.

— צו איז נור דאָס דער צוועק פון אייער קומען-אַהער?—האָט ער געפרעגט.

— ניין, הערר קאָמענדאַנט! דער קעניג שיקט מיך אַהער, כדי...

— אייער דינער איז שוין געקומען געווען דאָ און האָט מיר גע-בראַכט אַ בריעף. צו איז איך בעקאַנט דער אינהאַלט פונ'ם קעניגליכען קאַבינעט-בעפעהל?

— ניין, איך בין משער...

— שפּאָרט אייערע השערות און לייענט בעסער דעם בריעף אַליין.

ער האָט איהם דערלאַנגט דעם קעניגליכען בעפעהל, און יענער האָט איהם פונאַנדערגענומען און זיך גענומען לייענען...

רבי בערמאַן איז געוואָרען טויט-בלאַס. אַ ציטערניש איז אַדורך זיין גאַנץ לייב. אַלזאָ איז טאַקי גערעכט געווען דער פּערמאַסקירטער מאַן. מען האָט איהם געוואָלט דערהרג'ענען, אָהן אָנקלאַגע, אָהן אויספאָרשונג, אָהן געריכט. אָהן דער מעגליכקייט צו פערטיידיגען זיך, אָהן אַנ'אורטייל!

— נאַטירליך,—האָט דער קאָמענדאַנט געזאָגט,—האָב איך תיכף גע-לאָזען פערשיסען דעם איבערגעבער פון בריעף.

ווידער האָט דורכגענומען רבי בערמאַנ'ען. די קויל, וואָס האָט אַדורכגעלעכערט זיין דינער'ס האַרץ, איז געווען בעשטימט פאַר איהם! אַ הייסע דאַנק-תפילה צו דעם אויבערשטען, דעם אַלמעכטיגען, האָט רבי בערמאַן אָפּגעגעבען בייי זיך אין האַרץ און אויך אַ תפילה, אַז ער זאָל איהם אַרויסראַטעווען פון דער פעסטונג בשלום, ווייל די געפאַהר איז נאָך נישט געווען פאַראיבער.

דער קאָמענדאַנט האָט בעמערקט, ווי שטאַרק דעם קעניג'ס בריעף האָט געווירקט אויף דעם רעזידענט און אויסגעשרעקט איהם.

— איהר בּרויכט זיך נישט אַזוי שטאַרק מצער צו זיין וועגען איהם,—האָט ער געזאָגט,—דאָס איז געווען אַ טריפה'נער יונגג פאַר'ן טויט חאָט

ער זיך מודה געווען, ווי אַפּט ער האָט איך בעגנב'עט; און ברוינשווייג האָט ער אַריינגעפּיהרט צו איך און צימער אַ באַנדע גנבים און גע'גנב'עט בײַ איך פיעל געלד, אַ פּוטער און אַ גאָלדענע טאַבאַקערקע.

רבי בערמאַן איז נישט געווען אימשטאַנד אַ וואָרט צו רעדען. ער האָט זיך אָנגעטהון אַ גרויסען כח צו בלײַבען רוהיג. ענדליך איז דאָס איהם געלונגען.

— מעהר האָט איהר מיר גאָרנישט איבערצוגעבען, הערר קאָמענדאַנט?—האָט ער ענדליך געפרעגט.

— מעהר גאָרנישט.

— איהר ווייסט אויך נישט, פאַרוואָס דער קעניג האָט אויף אַזאַ געהיימניספולען אופן געלאָזט דערשיסען מײַן דינער?

— נו, דאָס איז דאָך לײַכט זיך פאָרצושטעלען. מסתם האָט מען בענומען געפאַנגען די ברוינשווייגער באַנדע גנבים, און זיי האָבען זייער חבר פערראַטען. די ברוינשווײַגער פּאָליציי האָט געמעלדעט וועגען דעם און דרעזדען, און אונזער גוטער און גערעכטער קעניג האָט דאַן געהאָלט בעשטראָפען מיט'ן טויט דעם שולדיגען. אָבער זײַן מאַיעסטעט ווייס דאָך, ווי גוט-הערציג איהר זענט; איהר וואָלט נאָך געווען אימשטאַנד צו בעטען זיך רחמים פאַר'ן שולדיגען און אויסהויבען זיין בעגנעדיגונג. דעריבער האָט דער קעניג און זײַן חכמה געמאַכט דווקא אַזוי; און אָט שיקט ער איך המנט, כדי איהר זאָלט זיך דערוויסען, ווי אַזוי מען בענעהמט זיך מיט די וועלכע בע'גנב'ענען איך.

— יאָ, יאָ, הערר קאָמענדאַנט, אַזוי איז עס, משמעות. געוויס; ווען איך וואָלט דערפון געוואוסט, וואָלט איך קיינמאָל נישט דערלאָזען, אַז דער אָרימער קערל זאָל דערשאָסען ווערען.

— כּ, כאַ, כאַ! אָט זעהט איהר שוין, אַז איך בין גערעכט. אָבער לאָ'מיר בעסער ריידען וועגען עפּעס-וואָס אַנדערש. אפשר וועט איהר מיט מיר עסען אָנבײַסען?

— דאַנק, הערר אָבערסט-לייטענאַנט, מיר, יודען, טאָרען דאָך נישט עסען פון אייער שפּייז.

— אַלזאָ, אַ גלעזעל גוטען רהיין-ווײַן?

— איך דאַנק, דאַנק ווירקליך, אויך דאָס איז אונז פערבאָטען.

— נו, אָבער אַ גלעזעל שנאַפּס. עכטע אַלטע נאָרדהויזער שנאַפּס!

דער קאָמענדאַנט האָט אַרויסגענומען פון שענקעל אַ פלעשעל שנאַפּס, האָט אָנגעגאָסען צוויי גלעזלעך, און מ'האָט געמאַכט „לחיים".

— אַדיע, הערר קאָמענדאַנט, לעבט וואויל! איך ווינש איך מזל-טוב צו אייער חתונה!

— ס'טײַטש, איהר ווילט שוין געהן? בלײַבט נאָך אַ שעה-לאַנג; מיר וועלען פּלוידערן וועגען פוילען. כ'האָב דאָך איך נאָך גאָרנישט דערצעהלט. ווי אַזוי איך האָב מײַן פוס פערלוירען.

— אַנ'אַנדערס מאָל, הערר אָבערסט-לייטענאַנט! איך מוז יעצט פאָהרען צוריק. מיינע דרינגענדע געשעפטען פאָדערען עס.

דער אָבערסט-לייטענאַנט האָט בעגלייט זיין גאַסט ביז'ן טויער פון דער פעסטונג. דאָרט האָט רבי בערמאַן זיך ווידער געזעצט אויף זיין פערד. דעם סאָלדאַט, וואָס האָט זיין פערד געהיט, האָט ער געגעבען אַ מתנה אַ מאַרק. דער רעזידענט איז אַדורכגעפאָהרען דעם טויער, אָבגעפאָהרען אַ היבשען מהלך; פּלוצלונג האָט ער דערהערט הינטער זיך אַנ'אויסרוף: „וואַרט! וואַרט!" דערשראָקען האָט ער זיין פערד אָבגעשטעלט און אומגעקעהרט זיך צוריק.

— וואָס זאָל זיין מיט'ן פערד פון אייער דינער יאָהאַן?—האָט דער קאָמענדאַנט געפרעגט.— ס'איז אַ גוט פערד און איז ווערט 20 קאַראָלינען. ווילט איהר עס נעהמען מיט זיך?

רבי בערמאַן האָט לייכטער אָבגעאָטעמט.

— איך שענק עס אייך,—האָט ער געזאָגט,—אַ מתנה צו אייער התונה.

— דאַנק, דאַנק! אַ שיינע מתנה!

דער רעזידענט איז ענדליך אַריבער די בריק; הינטער איהם האָט מען די בריק ווידער אויפגעהויבען. ערשט יעצט האָט ער לייכטער אָבגעאָטעמט: ער איז גליקליך אַרויס פריי פון לייבען-הייהל.

ער האָט מיט פערגניגען אָנגעהויבען אָטעמען די קאַלטע און ריינע ווינטער-לופט. דורך ברייטע שטיין-פלאַטען האָט זיך געצויגען דער וועג, אויף וועלכען ער איז יעצט געריטען באַרג-אַרונטער. אַביסעל ווייטער האָט זיך דערהויבען אַ געדיכט וועלדעל פון דעמבעס, בושאָזעס, סאָסנעס און בוקען. שטאָלץ האָבען זיך דערהויבען די שלאַנקע שטאַמען מיט זייערע פיעל-גליעדריגע צווייגען. הויכע, צום הימעל-אויפשטייגענדע פעלזען זענען געשטאַנען אייגער נעבען דעם אַנדערען, ווי וועכטער און בעשיצער פון קעניגשטיין; צווישען האָט זיך, ווי אַ שלאַנג, געוואָרפען אַ ליכטיג-זילבערנער פאַס—דער טייך עלבע! דער פראָסט איז גישט געווען שטאַרק; די עלבע איז נאָך גישט געווען געפרוירען. און אט זענען אויף איהר געשוואומען מיט'ן וואַסער-אַראָב גרויסע באַרקעס, בעלאָדענט מיט שטיינער און האָלץ; פונדערווייטענס האָבען זיי אויסגעזעהן, ווי קינדער-שפּיעלצייג. ווייטער צו דרום-מזרח איז געלעגען דאָס שטעדטעל קעניגשטיין אונטער דער פעסטונג. פון די קוימענס האָט זיך געצויגען אַ רויך-וואָלקענדעל, און ס'האָט זיך גערעכט, אַז אָט זעהט מען פאַר זיך די געטריישע בעל-הבית'טע, שטעהענדיג ביים וואַרימען אויווען און צוגרייטענדיג וואַרים עסען פאַר דער טשפחה. אין מיטען שטעדטעל איז געשטאַנען אַ קירכע און אָט איז דער שטאָדט-פייפער אַרויפגעשטיגען אויפ'ן קירכען-טורם און, ווי ס איז דאַמאָלס געווען דער מנהג, האָט ער אָנגעהויבען בלאָזען אין אַ טרומייטער און אויסגערופען: „יעצט דאַנקט אַלע דעם בורא עולם!"

רבי בערמאַן האָט געפּאָלגט דער דאָזיגער אײַנלאַדונג. קומענדיג צו אַ בערגעל, איז ער אַראָבגעשפּרונגען פון פערד, צוגעבונדען עס צו אַ בוים און זיך געשטעלט דאַוונען מנחה. מיט וואָס־פאַר אַ טיעף־וואַרים און פרום געפיהל דער פון טויט געראַטעוועטער האָט דעם רבונו־של־עולם יעצט גע־דאַנקט פאַר זײַן שוץ און הילף! ווי היים ער האָט מתפלל געוועןן, אַז אויך ווײַטער זאָל פון איהם די אייביגע בעשירמונג נישט אָבגעטהון ווערען! וואָרום ערשט יעצט האָט זיך געשטעלט פאַר איהם די פראַגע: וואָס טהוט מען ווייטער? זאָל ער פאָהרען צוריק קיין דרעזדען און זיך נעמען אונטער דער געפאַהר פון זײַנע פײַנד אָדער אפשר גאָר אַנטלויפען? אין אָט דעם לעצטען פאַל וועט זײַן פערמעגען קאָנפיסקירט ווערען, און ער וועט מוזען אַרומוואַנדערן אויף דער וועלט, אָהן אַ היים. נע ונד, וואָרום אין קיין אָרט וועט ער זיך נישט קאָנען אָבשטעלען. אין פּרייסען וועט דער קעניג איהם אַרויסגעבען דעם זאַקסישען קעניג אויף זײַן פאָדערונג, און אַזוי וועט עס אויך זײַן אין אַנדערע לענדער. וואָס־זשע טהוט מען אַלזאָ? און אָט האָט ווידער אָנגעהויבען ענגבערן איהם אין מח די פראַגע: אין וואָס אייגענטליך בעשולדיגט מען איהם? ער אַליין איז געווען ריין פון יעדען פערברעך און ער האָט עס אויסגעצייכענט געוואוסט.

— ניין,—האָט ער פאַר זיך גערעדט,—איך וועל נישט אַנטלויפען. איך געה־צוריק אין דרעזדען, טרעט־אַרויס פאַר'ן קעניג און פרעג איהם, אין וואָס מען בעשולדיגט מיך. איך וועל דערווייזען, אַז מײַנע פײַנד האָבען אויסגעטראַכט אויף מיר שקרים און רכילות. דער אַלמעכטיגער, וואָס האָט מיך היינט פון טויט געראַטעוועט, וועט מיך אויך ווײַטער בעשירמען און זײַן מיר צו־הילף!

---

## 34. די רעכטפערטיגונג.

„ען רבי בערמאַן איז אויף מאָרגען דורכ'ן פירנער טויער אַרײַנגע־פאָהרען אין דרעזדען, האָט ער זיך בעשלאָסען תיכף צו געהן צום קעניג, נאָך איידער ער וועט אַרײַנקומען צו זיך אַהיים. ער האָט, נעמליך, בע־שלאָסען נישט צו רוהען, ביז ער וועט אַראָבריַיסען די מאַסקע פון זײַנע פײַנד. ס'איז שוין געוועזן אַרום מיטאָג־צײַט, און דער קעניג איז געוועזן אויף אַ פריהשטיק ביי דער גרעפין קאָזעל. ער האָט געהאַט געגעבען אַ שטרענגען בעפעהל, אַז מען זאָל איהם נישט שטערן.

רבי בערמאַן איז צוגעריטען צום קעניגליכען שלאָס, איבערגעגעבען דאָרט זײַן פערד דעם שטאַל־קנעכט און דאַן האָט ער אויפגעזוכט דעם קע־ניגליכען קאַמערדינער און געבעטען איהם, אַז ער זאָל איהם מעלדען בײַם קעניג.

— זײַן מאַיעסטעט,—האָט דער קאָמענדירענדער געזאָגט, — פֿרישטיקט יעצט בײַ איהר ערלױכט, גרעפֿין קאָזעל. איהר װעט שװער יעצט קאָנען אַרײַנקומען, הערר רעזידענט!

דער קעניג האָט געלאָזט אױסבױען מיט אַ קורצער צײַט פֿאַר דעם אַ פֿירשטליכע װאױנונג פֿאַר דער גרעפֿין נעבען דעם שלאָס: די װאױנונג איז געשטאַנען אין פֿערבינדונג מיט׳ן שלאָס דורך אַ געהײמען גאַנג. ר׳ בער־מאַן האָט דערינער זיך געטװױט אימקערען, כדי פֿון דער הױפּט־גאַס אַרײַנצוקומען אין פּאַלאַץ פֿון דער גרעפֿין.

אין פֿאָדערצימער האָט ער געפֿונען פֿיעל דינער, אָבער קײנער האָט איהם נישט געװאָלט מעלדען. אומזיסט האָט רבי בערמאַן געבעטען צעהן דוקאַטען פֿאַר דער מעלדונג—קײנער האָט נישט געװאָלט ריזיקירען און נעהמען אױף זיך דעם קעניג׳ס צאָרן. אָבער פּלוצלונג איז צוגעגאַנגען צו רבי בערמאַנ׳ען אַ קאַרליק, אַ מענשעלע—צװײ און אַ פֿירטעל פֿוס די הױך. ער האָט זיך געהאַלטען מעשה עלטער אַדעל־מאַן. ער איז אַדורכגעלאָפֿען צװישען די פֿיס פֿון הױכע קאַמערדינער גלײך צו רבי בערמאַנ׳ען.

— רעזידענטכען!—האָט ער געזאָגט,—גיב־אַהער דײַנע דוקאַטען; איך מעלדע דיך בײַם קעניג.

רבי בערמאַן האָט העפֿליך אַראָפּגענומען דעם הוט פֿאַר׳ן קלײן־מענשעלע.

— אָה, הערר האַנטע, — האָט ער געזאָגט, — איך בעט אײַך, טהוט מיר די גנאָד צו מעלדען מיך בײַם קעניג, דען די זאַך איז זעהר דרינגענד.

— גוט, רעזידענטעלע, גוט!—האָט דאָס קלײן־מענשעלע געענטפֿערט,— גיב־נור פֿריהער דײַנע דוקאַטען.

רבי בערמאַן האָט אַזױ געטהון, און הערר האַנטע האָט זיך געלאָזען גיהן צום קעניג.

— יאָ,—האָט דער עלטסטער און גרעסטער קאַמערדינער געזאָגט,— איך װאָלט גערן גענומען דאָס געלד, אָבער װאָס דאָס קלײן־מענשעלע קאָן זיך ערלױבען, דאָס טאָר קײן אַנדערער נישט.

האַנטע איז געװען דער לײב־קאַרליק בײַם קעניג, װעלכער האָט איהם זעהר ליעב געהאַט. ער האָט זיך אױסגעצײכענט נישט בלױז דורך זײַן קלײנעם װאוקס, נאָר אױך דורך זײַן הײבשען געשטאַלט. דערצו איז ער געװען גוט ענטװיקעלט און קלוג. אינ׳ם קלײן־מענשעלע האָט געלעבט גראָד נישט קײן קלײן נשמה׳לע. ער איז אױך געװען נישט־שלעכט געבילדעט, ער האָט געקאָנט גוט רײַטען, פֿעכטען און שיסען. אַלט איז ער יעצט געװען צװײ און צװאַנציג יאָהר.

דער קעניג איז גראָד אין דעם מאָמענט געװען זעהר שלעכט געשטימט. ער האָט זיך געהאַט געקריגט מיט דער גרעפֿין, װעלכע איז געװען זעהר אײפֿערזיכטיג, און אױגוסט האָט איהר טאַקי גאַנץ־אָפֿט געגעבען די געלעגענהײט צו װערען אײפֿערזיכטיג געגען איהם. אין מיטען דעם חנפֿ־טיגסטען צװערטלען־זיך איז דער קאַרליק האַנטע אַרײַנגעקומען אין זאַל. דער

קעֶניג איז צופּריעדען געווען, וואָס ער האָט אויף וועמען אויסצולאָזען זיין כּעס, און האָט אַ געשריי-געטהון:

— ווער האָט דיר ערלויבט אַהער אַריינצוקומען? איך וועל לאָזען צערייסען דיך אויף שטיקער!

— פאַרוואָס טאַקי נישט?—האָט האַנטע געזאָגט, לאַכענדיג,—קיקט-נור אָן דעם דאַנקבאַרען קעניג! כ'האָב נור-וואָס פערדינענט פאַר איהם פינף דוקאַטען, וועלכע איך האָב געבראַכט איהם אָבצוגעבען, און ער וויל מיך צערייסען אויף שטיקער! פע, שעמען מעגסטו דיך, אויגוסט!

די גרעפין האָט אויסגעווישט די טרעהרען, וואָס זענען איהר געשטאַנען אין די אויגען, און האָט אַ וואונק-געטהון האַנטע'ן, ער זאָל צו איהר צו-געהן.

גאַלאַנט האָט דער קאַרליק געקושט די האַנד ביי דער גרעפין און געזאָגט:

— שענסטע קעניגין! ציי האָט אונזער שלעכטער אויגוסט אַרויסגעפרעסט טרעהרען פון דיינע גלענצענדע אויגען? צי האָט ער זיך דען דערוואוינען טריעב צו מאַכען די דאָזיגע שטראַהלענדע דימענטען? וואַרט-נור, איך וועל שוין דיך בעשטראָפען, דו נישט-גאַלאַנטער קעניג!

— און מיט וואָס וועסטו מיך בעשטראָפען?—האָט דער קעניג געפרעגט, לאַכענדיג.

— כ'וועל דיר נישט געבען די פינף דוקאַטען, וואָס כ'האָב פאַר דיר פערדינענט.

— וואָס-פאַר פינף דוקאַטען?

— נו, זעהסטו, כ'האָב בעקומען צעהן דוקאַטען דערפאַר, וואָס איך זאָל דיר דאָ מעלדען עמיצען, וועלכער איז שוין אַ געוויסע צייט דאָ אין דער מאָדע און זאַמעלט פאַר'ן קעניג פון פוילען און זאַקסען אַ העלפט פונ'ם טרינק-געלד. דער אָרימער פלעמינג האָט דאָך געבעך געמוזט אָבגעבען אַ העלפט פון זיין טרינק-געלד דעם קעניג!

דער קעניג האָט זיך הילכיג צעלאַכט נאָך אָהן שיעור.

דאָס קליין-מענשעלע האָט אָבגעצעהלט די פינף דוקאַטען דעם קעניג אין דער האַנד-אַריין. דער קעניג האָט די דוקאַטען צוזאַמענגעבויגען אין אַ רונד קיילעכל און עס געלאָזען קאָלערן אויף דער פאָדלאָגע. האַנטע האָט זיך געלאָזען לויפען איבער'ן זאַל אויפקלויבען די זילבערנע קיילעכלעך. דאַן האָט ער זיך געשטעלט פאַר'ן קעניג אין אַ טוליטערישער פּאָזע און געזאָגט:

— איך האָב די עהרע צו מעלדען, אַז פאַר דער אַלערהעכסטער מאַיעסטעט פון פוילען און זאַקסען ווינשט צו ערשיינען דעם קעניג'ס אונטערטעניגסטער רעזידענט, דער יוד בעהרענד לעהמאַן.

דער קעניג און די גרעפין זענען אויפגעשפרונגען פון זייערע ערטער.

— ווער?—האָבען זיי אויסגערופען אין איין קול.

— דער קעניגליכער רעזידענט, בעהרענד לעהמאַן,—האָט דאָס קליינ-מענשעלע איבערגע'חזר'ט.

— אונמעגליך!—האָט דער קעניג אויסגערופען.

— זעהט-נור דעם איינגעבילדעטען קעניג, וועלכער האָט זיך איינגעשטועסט, אַז ער ווייס אַלץ! שטאַרקער אויגוסט! צי האָסטו דען ניט נור-וואָס צוזאַמענגעבויגען די דוקאַטען, וואָס דער יוד האָט מיר דאָ ערשט געגעבען? ווי אַזוי-זשע קאָנסטו זאָגען, אַז עס איז אונמעגליך, דאָס ער פערלאַנגט אַנ'אוידיענץ?

— ער זאָל תיכף אַריינקומען!

דאָס קליינ-מענשעלע איז אַרויסגעלאָפען, צו ברענגען לעהמאַנ'ען די בשורה, אַז ער האָט אויסגע'פועל'ט אַנ'אוידיענץ פאַר איהם.

האַ!—האָט דער קעניג אויסגערופען, ווי-נור האַנטע איז פערשוואונדען געוואָרען,—דער יוד האָט זיך דערוואויגען מיך ניט צו פאָלגען! ער האָט דערשפירט, אַז די זאַך איז געפעהרליך, און איז ניט געגאַנגען קיין קעניגשטיין. וואַרט, וואַרט, בעהרענד, איך וועל דיך לאָזען צערייסען אויפ'ן ראָד!

אינ'ם דאָזיגען אויגענבליק האָט דער רעזידענט זיך בעוויזען אין טהיר און זיך טיעף פערנויגט פאַר'ן קעניג.

— פאַרוואָס ביסטו ניט געווען אין דער פעסטונג קעניגשטיין?!—האָט דער קעניג אויסגערופען שאַרף.

— מאַיעסטעט!—האָט רבי בערמאַן געענטפערט, — איך קום גלייך פון דאָרט.

— דו קומסט פון דאָרט? און דער קאָמענדאַנט האָט מיין בריעף ניט דערהאַלטען?

— דער קאָמענדאַנט האָט דעם בריעף פון אייער מאַיעסטעט ריכטיג דערהאַלטען.

— און ער האָט זיך דערוואויגען מיר צו זיין אונגעהאָרכזאַם?

— דער קאָמענדאַנט האָט פינקטליך ערפילט דעם בעפעהל פון אייער מאַיעסטעט.

— ווי אַזוי איז דאָס מעגליך? דאָ שטעהסטו דאָך דאָ געזונד פאַר מיר!

— אָה, מאַיעסטעט! וואָס איז מיין פערברעכען, מיט וואָס האָב איך געזינדיגט, אַז מיין קעניג טראַכט נאָך מיין לעבען? אייער מאַיעסטעט האָט ניט קיין טרייערען דינער, ווי איך בין! צי האָב איך דען דאָס נאָך ניט גענוג דערוויזען? צי האָב איך ניט געדיענט שטענדיג מיין קעניג מיט מסירת-נפש? צי האָב איך דען ניט איינגעשטעלט מיין לעבען, כדי צו ראַטעווען אייער מאַיעסטעט פון שענדליכער געפאַנגענשאַפט? מיט וואָס האָב איך עס דען פערדיענט, אַז מיין קעניג זאָל וועלען מיך פון לעבען אַבּ-רוימען, ווי אַ געמיינעם פערברעכער?

— מען האָט דיך, בעהרענד, אָנגעקלאָגט אין הויך־פֿערראַט.

— אין הויך־פֿערראַט? רכילות, מאַיעסטעט, נישט מעהר, ווי פּוסטע רכילות!

— מען האָט מיר איבערגעגעבען דאָקומענטען, פֿון וועלכע מען זעהט אַרויס, אַז דו שטעהסט אין פֿערבינדונג מיט'ן פֿירשט סאַפּיעהאַ און מיט'ן שוועדישען קעניג, כדי צו פֿערטרייבען די זאַקסען פֿון פּוילען און פּראָקלאַמירען ווידער סטאַניסלאַוו לעשטשינסקי'ן פֿאַר אַ פּוילישען קעניג.

— מאַיעסטעט! די דאָזיגע דאָקומענטען זענען זיכער פֿאַלש; איך האָב קיינמאָל אַזעלכע אין די אויגען נישט געזעהן, כ'האָב קיינמאָל נישט געהאַט קיין געהיימע בעציהונגען מיט'ן פֿירשט סאַפּיעהאַ, מיט'ן קעניג פֿון שוועדען אָדער מיט נאָך עמיצען.

— און דאָך האָט מען די דאָזיגע דאָקומענטען געפֿונען אין דיין פּוטער, אין דעמזעלבען פּוטער, וואָס איך האָב דיר אַמאָל געשאָנקען און וועלכען דעם פֿירשט לובאָמירסקי'ס יעגער האָט אַראָבגעריסען ביי דיר פֿון לייב, בשעת ער האָט זיך מיט דיר איין דער גאַס געשלאָגען.

— שקרים, מאַיעסטעט, פּוסטע שקרים! דאָס פּוטער, וואָס איער מאַיעסטעט האָט געהאַט די גנאָד מיר צו שענקען, איז ביי מיר אָבגע'גנב'עט געוואָרען נאָך מיט אַ האַלב יאָהר צוריק, ווען איך בין געווען אין בראָנישוויג און האָב געפֿיהרט דאָרט די אונטערהאַנדלונגען וועגען דעם פֿערקויף פֿון זאַקסען לוינעבורג.

דער קעניג האָט שאַרף אָנגעקלונגען. אַ קאַמערדינער איז אַריינגעקומען.

— גראַף בינוי זאָל מיר תיכף שיקען אַהער דעם פּוטער מיט די דאָקומענטען פֿון רעזידענט בעהרענד לעהמאַן!

דער קאַמערדינער איז תיכף אַרויסגעגאַנגען.

— דו האָסט אונז נאָך נישט ערקלערט, — האָט די גרעפֿין קאָזעל געזאָגט, — פֿאַרוואָס דער קאָמענדאַנט פֿון דער פֿעסטונג קעניגשטיין האָט דיך נישט געלאָזט פֿויטען, ווי עס איז בעפֿוילען געוואָרען.

— גנעדיגסטע פֿירשטין! דער רבונו של עולם האָט געשיקט זיינע מלאכים, וואָס דאַרפֿען בעשיצען דעם אונשולדיגען, און ער האָט מיך געראַטעוועט.

— ווי, אַ נ'אמת'ן מלאך מיט פֿליגלען?

— ניין, נור די ערפֿילונג פֿון זיינע מצוות. איך האָב געפֿונען אין דער אַנ'אָרימע יודישע משפחה, וואו די פֿרוי איז אין קינפּעט מיט אַ בן־זכר געלעגען. איך האָב זיך געלאָזט איבעררעדען מל'ה צו זיין דאָס קינד, מחמת אין דער גאַנצער אומגעגענד איז קיין מוהל נישט געווען. איך האָב געשיקט מיין דיענער יאָהאַנ'ען מיט'ן בריעף קיין קעניגשטיין, און אַנשטאָט מיך, האָט מען איהם דערשאָסען. פֿאַר זיין טויט האָט ער זיך מודה געווען,

אַז ער איז מיר געווען אַ נישט־געטרייער דינער; ער פלעגט מיך שווינדלען, גנב'ענען און אויך און דער גנבה און ברוינשווייג האָט ער מיטגענומען.

— בעהרענד! — האָט די גרעפין געזאָגט, — דיין וואָרט האָט זיך אויף אַ וואונדערליכען אופן אַרויסגעשטעלט ריכטיג. דיין ג—ט האָט דיך בעשיצט און געראַטעוועט. איך האָב איינגעזעהן (?) גאָר אַ סך... — זיך יעצט מגייר־זיין און ווערען אַ יודין; איך האָב עס צוגעזאָגט צו טהון, אויב די וועסט קומען צוריק פון דיין רייזע קיין קעניגשטיין. וואָס מיינסטו, איגנאַץ, זאָל איך ווערען אַ יודין?

דער קעניג האָט זיך הערצליך צעלאַכט.

— ווער בעסער אַ טערקין, — האָט ער געזאָגט, — וועסטו מיך צוויי נישט פייניגען מיט דיין איינפערזיכטיגקייט.

דער קאָמענדירענדער איז אַריינגעקומען, האָט אַנידערגעלעגט דאָס פּיטשער מיט די דאָקומענטען פאַר'ן קעניג און איז צוריק אַרויסגעגאַנגען.

דער קעניג האָט דערלאַנגט די דאָקומענטען דעם רעזידענט און בעפוילען איהם צו לייענען. דער רעזידענט האָט זיי דורכגעלייענט...

---

## 35. דער יוד בעט פאַר זיינע פיינד.

— מאַיעסטעט, — האָט רבי בערמאַן נאָכ'ן אויסלייענען די דאָקומענטען געזאָגט, — די דאָזיגע דאָקומענטען האָב איך קיינמאָל נישט געהאַט און האָב זיי קיינמאָל ביז יעצט נישט געזעהן פאַר מיינע אויגען; זיי זענען געפעלשט. דער פירשט לובאָמירסקי איז מיין פיינד, ווייל איך האָב איהם דאַמאָלס געשטערט נקמה צו נעהמען אין דעם ביאַלער רב מיט זיינע קינדער, ווי אויך דערפאַר, וואָס איך האָב איהם שפּעטער געשטערט צו ווערען פּוילישער קעניג. ער האָט עטליכע מאָל געשוואוירען צו נעהמען פון מיר נקמה.

— אָבער לובאָמירסקי איז נישט קיין ברית צו פעלשען דאָקומענטען.

— מאַיעסטעט! אויך גראַף פלעמינג איז אויף מיר אין כעס, ווייל...

— ווייל ער האָט געמוזט אַרויסגעבען צוריק די העלפט פון זיין טרינק־געלד, ווי האַנטע זאָגט. מעגליך, אַז דו ביסט גערעכט, בעהרענד; פלעמינג איז אויף אַזעלכע זאַכען פעהיג. אָבער דאָס פּיטשער! ס'איז דאָך דאָסזעלבע פּיטשער, וואָס איך האָב דיר אַליין געשאָנקען אין וואַרשא!

רבי בערמאַן האָט גענומען דאָס פּיטשער און אויסגעשפּרייט איהם פאַר'ן קעניג.

— מאַיעסטעט! — האָט ער געזאָגט, — דער דאָזיגער פּעלץ איז אַפילו יאָ עהנליך צו מיינעם, אָבער מיינער איז ער דאָך נישט. מיין פּיטשער האָב איך גענוצט אין פיעל רייזען און ער איז שטאַרק אָבגעטראָגען, דאָס איז

אָבער נאָך גאָר ניט. אײַער מאַיעסטעט קאָן זיך לײַכט איבערצײַגן, אַז דאָס דאָזיגע פּוטער האָט מיר קײנמאָל ניט געהערט. זאָל זיך נור דערמאָהנען אײַער מאַיעסטעט, אַז דער הויף-שנײַדער דיוואַל האָט אין אײַער געגענוואַרט...

— אויפגעטרענט די נעהט און אַרויסגענומען די לײַוונטענע פּאַטשעווקע! יאָ, כ'דערמאָהן זיך.

דער קעניג האָט אָנגעקלונגען, און אַ קאַמערדינער איז אַרײַנגעקומען.

— דיוואַל זאָל קומען!

— וואָס בעדײַטעט דאָס?—האָט די גרעפין געפרעגט.

— גנעדיגסטע גרעפין!—האָט רבי בערמאַן געזאָגט,—מיר ייִדן טאָרן ניט טראָגן קײן קלײדער פון פלאַקס און וואָל געמישט. ווען זײַן מאַיעסטעט האָט מיר געשאָנקען אַ פּוטער, האָב איך, אײדער איך האָב איהם אָנגעטהון, געלאָזט אַרויסנעהמען די לײַוונט און פערטוישט עס מיט זײַדענס.

— וואָס-פאַר אַ וואונדערליך געבאָט!—האָט די גרעפין געזאָגט,—צי איז אויך דאָס געבאָט אַ שיצענדער מלאך?

— אײַער ערלויכט וועלען זיך באַלד איבערצײַגן. איך האָב דאַמאָלס ניט געטראַכט, אַז דורכ'ן אָבהיטען די דאָזיגע מצוה וועל איך אַמאָל קאָנען דערוויזען די שולד פון מײַנע פײַנד. איך האָב עס אַלזאָ געטהון נור דערפאַר, וואָס ג-ט האָט עס אַזוי געבאָטען אין זײַן תורה.

דער הויף-שנײַדער, פראַנסואַ דיוואַל, איז אַרײַנגעקומען. אויפ'ן בעפעהל פון קעניג האָט ער אויפגעטרענט די נעהט אין פּוטער; די נעהט זענען געווען פון לײַוונט-פאָדים און אויך די אינערליכע פּאַטשעווקע איז געווען פון לײַוונט.

— וואָהרהאַפטיג!—האָט דער קעניג אויסגערופען, — אײַער ג-ט איז דער וואָהרהאַפטיגער ג-ט און די געבאָטען, וואָס ער האָט אײַך געגעבען, זענען אמת און פול הויכער חכמה. גליקליך איז, ווער עס דינט איהם און היט-אָב זײַנע געבאָטען. אויך איך דאַנק איהם, וואָס ער האָט מיך פערהיט פון פערגיסען אונשולדיג בלוט. די ביסט געראַכטפערטיגט, בעהרענד, גלענצענד געראַכטפערטיגט. כ'וועל שוין מעהר קײנמאָל קײנעם ניט גלויבען געגען דיר, ווען מען וועט דיך וועלען בערעדען. אָבער דײַנע פײַנד און רכילות'ניקעס וועלען עס מיר טײַער בעצאָהלען. פלעמינג און לובאָמירסקי זאָלען העכסט בעשטראָפט ווערען. די שטראָף, וואָס זיי האָבען פאַר דיר אויסגעטראַכט, זאָל זיי אַליין טרעפען.

— ערלויבען מיר אײַער מאַיעסטעט אַ וואָרט צו רעדען?

— רעד, בעהרענד!

— ווען דער אָרימער ייִד האָט מיך אָבגעשטעלט אין וואַלדענבורג מיט דער ביטע מל'ה צו זײַן זײַן זוהן, האָב איך דאָרט געמוזט פערברענגען אַ גאַנצען טאָג אָהן אַרבײַט. און אַט האָט דער אָרימער ייִד, דער פאָטער פון קינד, מיר דערצעהלט זײַן געשיכטע. ער איז געווען פריהער אַ וואוילהאָבענדער מאַן און פראַנקען. פאַנאַטיקער האָבען זײַן פרײַנד דער'הרג'עט

ער האָט זיך בעקלאָגט בײַם נעריבלט, און מען האָט די מערדער בעשטראָפט אָבער דער המון האָט נקמה-גענומען אָן דעם אָרימען ייד. ער האָט געמוזט לאָזען פאַלען זײַן גאַנץ פערמעגען און לאָזען זיך אויף דער וואַנדערשאַפט מיט זײַן ווײַב, ווי אַ בעטלער. מאַיעסטעט! אונזער ג—ט האָט אונז בעפוילען: „לא תקום ולא תטור!“—דו זאָלסט נישט נעהמען קיין נקמה און נישט טראָגען קיין שנאה אין האַרץ! איך וויל נישט, אַז פון מײַנעטוועגען זאָלען שטאַרבען אַזעלכע צוויי מעכטיגע לײַט מיט אײַנפלוסרײַכע קרובים, ווי גראַף פרעמינג און פירשט לובאָמירסקי. זייער בלוט וועט אין די שפּעטיגסטע דורות דיענען אַלס אַ קוואַל פון שנאה געגען מײַנע יודישע ברידער. און ווען אײַער מאַיעסטעט וויל מיר דערווײַזען אַ גנאָד, בעט איך, אַז איהר זאָלט מײַנע פײַנד מוחל זײַן, ווי איך האָב זיי מוחל געווען.

— יאָ, בעהרענד,—האָט די גרעפין אויסגערופען,—וואָס-פאַר אַן'אײַדעלער גוטער מענש דו בּיסט! זײַ מוחל אויך מיר! אויך איך וואָלט געהאַט אַ גרויסען חלק אין דײַן אונגליק, ווען ג--ט וואָלט דיך נישט געראַטעוועט אויף אַזאַ וואונדערבאַרען אופן. איך האָב גאָרנישט געקענט די יודען. בײַ מיר אין דערהיים, אין האָלשטײַן האָבען געוואוינט נור זעהר וועניג יודען, און איך בין נעווען שלעכט געשטימט פאַר די יודען. שוין אַלס קינד האָט מען מיך געלערנט, אַז זיי זענען פערשאָלטען, ווײַל זיי האָבען קריסטוס' דערהרג'עט, אַז זיי זענען נישט מעהר, ווי פּראָצענטניקעס, שווינדלער און גנבים. דעם דאָזיגען פאָראורטהייל האָב איך אַריבערגעטראָגען אויך אויף דיר און געדרייצט געגען דיר דעם קעניג.

— גנעדיגסטע גרעפין! איך האָב אײַך נישט וואָס מוחל צו זײַן. ס'איז זעהר ביטער, וואָס אַזעלכע פאָראורטהיילען הערשען געגען אונז יודען אין די נישט-יודישע קינדער וויגען-אײַן די שנאה צו אונז מיט דער מוטער'ס מילך. אפשר וועט נאָך אַמאָל קומען אַ צײַט, ווען אַזאַ שנאה וועט פערשווינדען. מײַן טיעפסטער וואונש איז צוצוגרייטען אַזאַ צײַט און דערפאַר בין איך גערן מוחל מײַנע פײַנד, כדי זיי זאָלען אָנערקענען, אַז מײַן רעליגיע בעפעהלט צו ליעבען די פײַנד און מוחל זײַן זיי אַלין.

— אָבער לפחות דערניעדריגען זיי דאַרף מען—האָט דער קעניג געזאָגט.

— אויך דאָס זאָל בעסער אײַער מאַיעסטעט גנעדיג מיר צוליעב נישט טהון. די מחילה וועט זײַן נור אַ האַלבע, ווען זי לאָזט-איבער אַ שטאָך, און דורכ'ן דערניעדעריגען דעם פײַנד מאַכט מען איהם נישט פאַר אַ פרײַנד, נאָר מען פערביטערט איהם נאָך מעהר.

— זאָל זײַן, ווי דו ווילסט. אָבער דו זאָלסט נישט אַוועקגעהן אָהן אַ צייכען פון מײַן קעניגליכער גנאָד צו דיר.

— איך דאַנק אײַער מאַיעסטעט פאַר אײַער גוטהערציגער הבטחה; איך האָב שוין טאַקי געהאַלט בײַם בעטען אַ חסד בײַ אײַער מאַיעסטעט. איך שפּיר, אַז איך הויב-אָן צו ווערען אַלט. זאָלקען מיר אײַער מאַיעסטעט ער-

ליבן, אַז מײַן זוהן זאָל איבערנעהמען דאָ דאָס געשעפט. איך װיל אַלײן פאָהרען צוריק קײן האַלבערשטאַדט און בלײַבען דאָרט.

— איך ערלויב עס דיר, כאָטש מיר איז שװער אױסצוקומען אָהן דײַן דיענסט. דאָך, װען מען װעט דיך ברויכען גיכטיג צו האָבען װעסטו דאָך קומען?

— איך שטעה שטענדיג געגרייט צו דיענען אײער מאַיעסטעט. אָבער איך האָב נאָך עטװאָס צו בעטען. מײַן זוהן איז נאָך צו־יונג און דערום װאָלט דערױבער װעלען געבען איהם אַ געװיסען קאָמפּאַניאָן.

— און װער זאָל דאָס זײַן?

— מײַן קינדפּעהיגער אײדעם עזרי' מײער.

— עזרי', נײן, צוזאַ גאָמען איז פאַר מיר צו־שװער. דײַן ביטע װיל איך ערפילען און װעל לאָזען אױסשטעלען אַ שוץ־בריעף דײַן אײדעם, אָבער בתנאי, אַז ער זאָל ענדערן זײַן נאָמען.

— און װי אַזוי בעפעהלען אײער מאַיעסטעט, אַז ער זאָל הײסען?

— זאָג דו, אַנגאַ, װי זאָל הײסען דעם רעזידענט'ס אײדעם?—אַברהם, יצחק, יעקב אָדער יוסף?

— איך מײן—האָט די גרעפין געזאָגט,—אַז מען זאָל איהם אַ נאָמען געבען יונה—יאָנאַס, הײסט עס, צום אָנדענקען, אַז זײַן שװער איז אַרוים געזונד און פריש פונ'ם רױב־פיש, װאָס האָט איהם שוין געהאַט אײַנגעשלונגען——

דער קעניג האָט װידער אָנגעקלונגען און בעפױלען דעם אַרײַנקומענדען קאַמערדיענער צו רופען דעם געהײמען קאַבינעטס־סעקרעטאַר, העררן פאָן קענערינטש.

װען דער סעקרעטאַר איז אַרײַנגעקומען, האָט איהם דער קעניג בעפױלען אױסצופערטיגען אַ דעקרעט, דורך װעלכען לעהמאַן בעהרענד, דער זוהן פון קעניגליכען רעזידענט בעהרענד לעהמאַן, װערט בעשטימט אַלס צװײטער רעזידענט און אַ שוץ־בריעף פאַר'ן סותר יאָנאַס מײער, װעלכער װעט פון יעצט אָן װאױנען אין זײַן דרעזדען און זײַן קאָמפּאַניאָן פון צװײטען רעזידענט.

העדר פאָן קענערינטש האָט זיך פערנויגט.

— צי ערלויבען אײער מאַיעסטעט—האָט ער דערבײַ געפרעגט,—אַז איך זאָל פערבײַגעהענד מאַכען אַ מיטטײלונג דעם העררן רעזידענט?

דער קעניג האָט די ערלױבניש געגעבען.

— פאַר'ן קעניגליכען רעזידענט—האָט דער געהײם־סעקרעטאַר געזאָגט—איז אין היגען געריכט דערהאַלטען געװאָרען אַ פּאַקעט פון האַנאָװער, װעלכער בעשטעהט פון אַ פּושער מיט אַ טאַבאַקערקע. אין האַנאָװער האָט מען געכאַפּט אַרעסטירט אַ רױבער־באַנדע, װעלכע האָט זיך מודה געװען, אַז אין סעפּטעמבער פון פאָריגען יאָהר האָט זי בע'גנב'עט דעם העדר

רעזידענט מיט דער הילף פון זיין דינער און ברוינשווייג. דאס געלד האט מען דעמאלס באלד געפונען און אבגעגעבען דעם הערן רעזידענט, אבער יאָם פוגער מיט דער טאבאקערקע האבען די גנבים בעהאלטען בעצייטענס. יעצט זענען ביידע זאכען אהער אנגעקומען און געפינען זיך אין קאבינעט. געגען א קוויטאנג קאן דער הערר רעזידענט ביידע זאכען תיכף אבנעהמען.

— וואונדערבאר, וואונדערבאר! — האט אויסגערופען דער קעניג. — אויב מען האט געברויכט צו האבען א בעשטעטיגונג פון דיין ערקלערונג, בעהערענד, האבען מיר דא די בעסטע.

— א שאד, — האט די גרעפין געזאגט, — וואס דו, בעהערענד, פאהרסט ארויס פון דרעזדען. איך וואלט געוואלט לערנען בעי דיר די יודישע רעליגיע.

— דו ווילסט טאקי ווירקליך זיך מגייר-זיין? — האט דער קעניג זיך צעלאכט.

— גאנץ ערנסט, — האט די גרעפין געענטפערט.

— אויף אזא אופן וואלט איך לפחות נישט געווען דער ערשטער פוילישער קעניג, וועלכער האט געליעבט א יודין. קעניג קאזימיעז דער גרויסער האט אויך געליעבט א יודין. ווי האט זי דאך געהייסען, בעהערענד?

— אסתר'קע רעגינא, — האט די גרעפין געענטפערט. — צי הייסט דאס נישט אזוי פיעל, ווי אסתר המלכה? ווען די קעניגין וועט שטארבען און איך וועל ווערען דיין ווירקליכע פרוי, אויגוסט, וועל איך פריהער זיך מגייר-זיין און דאן אננעהמען דעם נאמען אסתר-המלכה.

---

## 36) א שלעכטער סוף.

בעי רבי בערמאן אין שטוב זענען אלע דערווייל געווען שטארק בעזארגט. עזרי' האט נישט געקאנט געפונען קיין רוה און דערצעהלט זיין דאנה רבי בערמאנ'ס קינדער, לעהמאן און רייזעל. די דריי יונגע לייט זענען געזעסען טרויעריג בעזארגט אין רבי בערמאנ'ס קאבינעט און בעראטען זיך, וואס מען זאל טהון. פלוצלונג האט זיך די טהיר געעפענט און רבי בערמאן איז אריינגעקומען.

— געלויבט דער אייבערשטער! — האט עזרי' אויסגערופען — מיין זארג איז אלזא געווען אומזיסט!

— ניין, מיין זוהן — האט רבי בערמאן געענטפערט, — דיין זארג איז געווען זעהר און זעהר בעגרינדעט און מיין רעטונג פערדאנק איך קודם דעם אייבערשטען און דערנאך דיר און דעם פערמאסקירטען מענשען, וואס האט זיך מאתיר געווען.

און רבי בערמאַן האָט דערציילט, וואָס מיט אים איז פאָרגעקומען און וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרע רעטונג דער אייבערשטער האָט אים צוגעשיקט.

— איך בין שוין זאַט מיט'ן לעבען בײַ'ם קעניגליכען הויף — האָט רבי בערמאַן ערקלערט, ענדיגענדיג זיין דערציילונג — איך געה צוריק קיין האַלבערשטאַדט און בלייב דאָרט וואוינען אויף שטענדיג. דו, לעהמאַן, בלייבסט דאָ אין שפּיץ פון מיין געשעפט. דו ביזט אָבער נאָך יונג און דעריבער האָב איך דיר אויסגעזוכט אַ געטרייען קאָמפּאַניאָן. אַ געוויסער יאָנאַש מייער וועט זיין דיין קאָמפּאַניאָן און שוואָגער. דו, ריוועלע, וועסט שרייבען תנאים מיט'ן דאָזיגען יאָנאַש מייער.

ריוועל איז בלאַס געוואָרען. אין איהרע אויגען האָבען זיך בעוויזען טרעהרען. עזרי' איז געזעסען טרויעריג און האָט ניט אויפגעהויבען די אויגען.

— אויך פאַר דיר, עזרי', האָב איך געזאָרגט — האָט רבי בערמאַן געזאָגט. — דער קעניג וויל דיר לאָזען אויספערטיגען אַ שוץ-בריעף, אָבער דו וועסט מוזען הייסען „יאָנאַש" און ווייל דיין פאָטער, עליו השלום, האָט געהייסען מאיר, וועסטו הייסען יאָנאַש מאיר. אויב דו ווילסט קאָנסטו ווערען מיין איידעם און מיין זוהנ'ס קאָמפּאַניאָן.

ס'איז שווער צו בעשרייבען, וואָס פאַר אַ שמחה רבי בערמאַנס דאָזיגע ווערטער האָבען אַרויסגערופען. די יונגע לייט האָבען זיך אים געוואָרפען אויפ'ן האַלז און בעדעקט זיין פּנים מיט הייסע קושען אונטער וואַרימע דאַנק-טרעהרען.

אויף צומאָרגענס האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג און דערזוהען, אַז דער קעניג האָט אָבגעשאַפט זיין גזרה פון פירשט לובאָמירסקי און דער לעצטער איז אָבגעפאָהרען צוריק קיין פּוילען. אויך פלעטינג האָט געזאָלט האָבען אַ מאוס'ען פסק. מען האָט שוין געהאַט אָנגעגרייט זיין דעמיסיע און זי האָט געזאָלט אַריינגעשיקט ווערען אין דער קעניגליכער קאַנצעלאַריע. אָבער ווען פלעטינג האָט זיך דערפון דערוואוסט האָט ער אויסגענוצט די מיטלען, וועלכע זענען אים נאָך בעוואוסט געווען, כדי צו מאַרקען אויפ'ן קעניגס שוואַכע זייטען. דער קעניג האָט געהאַט שטרענג פאַרבאָטען אַריינצולאָזען פלעטינג'ען צו זיך. פלעטינג האָט זיך אָבער דערשלאָגען צו אַן אוידיענץ.

— פלעטינג — האָט דער קעניג אויסגעשריען תיכף, ווי ער האָט אים דערזעהען — אַוועק פון מיינע אויגען, אָדער איך לאָז דיך אַרעסטירען און אָבשיקען קיין קעניגסשטיין!

— און אַלץ צוליעב דעם יודען!

— דער דאָזיגער יוד איז מעהר ווערט, ווי טויזענדער פון דיינע גלייכען! דער איידעלער מאַן האָט דיר מוחל געווען און געבעטען מיך, אַז

איך זאָל דיך ניט בעשטראָפֿען. ווען ניט זײַן בײַטע וואָלט איך דיר אַ פּראָצעס געמאַכט. נאָר אים צוליעב וועל איך דיך ניט בעשטראָפֿען פֿאַר דײַן שלעכטסקייט, פֿעלשונג און מערדערײַ, אָבער דעמיסיע מוזטו בעקומען.

— אויגוסט, אין נאָמען פֿון אונזער אַלטער פֿרײַנדשאַפֿט בעט איך דיך ניט צו פֿערייאָגען מיך פֿון דײַן געגענוואַרט, איידער דו ווערסט מיך אויסהערען.

— דו ווילסט זיך נאָך פֿערטיידיגען?

— איך בעט דיך, אויגוסט, הער מיך אויס איך בין מודה, אַז עס איז געווען שלעכט דאָס, וואָס איך האָב געטהון. איך האָב זיך געלאָזט פֿערפֿיהרען דורך מײַן ליידענשאַפֿט און געוואָלט פֿערדערבען דעם דאָזיגען יודען. אָבער געטהון האָב איך עס ערשט דאַן, ווען איך האָב אײַנגעזעהען, אַז דו דאַרפֿסט אים שוין מעהר ניט. וואָרום אַלץ, וואָס איך טהו, איז נאָר דיר צו דאַנקען. דו האָסט ניט קיין געטרײַערען דיענער ווי איך בין און דו דאַרפֿסט מיך ניט מעסטען מיט'ן געוועהנליכען מאַסשטאַב פֿון דער מאָראַל. ווער האָט דיר דען פֿערשאַפֿט די פּוילישע קרוין, אויב ניט איך? צי וואָלט עס דען מעגליך געווען, ווען איך וואָלט זיך געהאַלטען שטרענג אָן די געזעצען פֿון רעכט און ווירקליכקייט? און דו אַליין, אויגוסט, מיט דיר הויבט זיך אָן אַ נײַע עפּאָכע אין דער וועלט־געשיכטע. דו ביזט בעשטימט צו געבען אייראָפּאַ אַ בײַשפּיעל ווי מען מאַכט אַ סוף מיט טראַ־דיציעס פֿון דער טרויעריגער צײַט פֿון די רעליגיאָנס־מלחמות. דו האָסט בעפֿרײַט זאַקסען פֿון פֿערשטײַנערטען בונד פֿון לוטעראַנער; דורך דײַן איבער־גאַנג צום קאַטוילישען גלויבען האָסטו אויפֿגעשריבען אויף דײַן פֿאָהן די רעליגיעזע טאָלעראַנץ; דו האָסט אָנגעהויבען שטיצען קונסט און וויסענ־שאַפֿט, האָסט געגרינדעט זאַמלונגען פֿון קונסטווערק, וועלכע דײַטשלאַנד האָט נאָך קיינמאָל ניט געזעהען; האָסט אײַנגעלאַדען אַהער פֿראַנצויזישע און איטאַליעניסשע קונסטלער־זינגער און זינגערינס, טענצער און טענצערינס; דו האָסט זיך בעפֿרײַט פֿון די אַנשוי׳אונגען פֿון דײַנע אבות און האָסט פֿון דרעזדען געמאַכט אַ וועלט־שטאָט, וואָס מײַנסטו, ווען דײַן פֿאָטער, יאָהאַן געאָרג דער דריטער אָדער נאָך דײַן זיידע יאָהאַן געאָרג דער צווייטער, וואָלט יעצט צוריקגעקומען,— ווי שטרענג וואָלטען זיי דיך פֿעראורטהיילט. דיך מיט דײַן הויף, מיט דײַן אָפּעראַ, מיט דײַן אָראַטאָריע, מיט דײַן אָגנאַ, מיט דײַנע פֿערליבקייטען, פֿײַערשפּיעלען און טענצערקעס! מיך אָבער פֿאַר מײַן וועלען בעפֿרײַען די וועלט פֿון אַ יודען, מיך וואָלטען זיי בעטראַכט אַלס אַ מענש מיט די גרעסטע פֿערדיענסטען און נאָר דיך וואָלטען זיי פֿעראורטהיילט. צי ווילסטו אָבער צוליעב דעם חרטה האָבען און תשובה טהון? ניין, מײַן גרויסער, ערהאַבענער קעניג האָט געמאַכט אַ סוף מיט די אַלטע פֿערשימעלטע פֿאָראורטהיילען, זינט ער האָט מיט זײַן שטאַרקען אָרעם אַרויס־געשלײַדערט און ווקן אַ גלח דורכ'ן פֿענסטער, ווען יענער האָט געפּרובט אָבשרעקען

דעם דאמאלינגען רוימישען קעניג און יעצטיגען דייטשען קייזער דורך כשוף־אבנארעריי. דערמאהנסטו זיך דאס נאך אויגוסט? דאס איז געווען אַנ׳אוס־געצייכענטער שפאס. דער גלה האט געוואלט מאכען א פירוד צווישען דיר און דעם רוימישען קעניג; ער האט זיך דערצו פערקליידעט אלס א רוח, האט געשראקען דעם קעניג און מזהיר געווען איהם, אז ער זאל מיט דיר נישט האבען קיין מגע־ומשא. אזוי איז דאס פארגעקומען צוויי נעכט נאכאנאנד. די פיערטע נאכט ביזט געבליבען ביי׳ם קעניג, וועלכער איז געווען האלב טויט פון שרעק. דו אבער האסט מיטיג אנגעכאפט דעם „רוח" און אט האט זיך ארויסגעוויזען, אז דאס איז געווען אַנ׳אמת׳ער בשר ודם. דו האסט איהם אנגענומען מיט דיין אייזערנער האנד און ארויסגעשלידערט איהם דורכ׳ן פענסטער. און אט ערשט האט מען דערהערט דאס געהויל פונ׳ם גלח. דער ארימער האט זיך דערביי צעבראכען א פוס!

דער קעניג האט זיך צעלאכט אויפ׳ן קול. פלעמינג האט איינגעזעהען אז ער האט שוין ווידער דעם קעניג אין זיין איינפלוס און גערעדט ווייטער:

— דאמאלס האסטו געמאכט א סוף מיט׳ן נארישען אבערגלויבען און געבראכען די הערשאפט פון די גלחים. די גראבקייט, וואס האט ביז יענער צייט געהערשט אין די דייטשע קעניגליכע הויפען, וואס האט נישט געוואוסט פון קיין אנדער פערגעניגען, ווי שלאגען זיך און יאגען, טרינקען און עסען, — אט די גראבקייט האסטו פערטריבען און אנשטאט איהר האסטו געמאכט די שענהייט פאר דיין אבגאט און האסט דיר ערווארבען בערי־המטקייט, אלס דער שענסטער און נאלאנטעסטער מאן אויף דער וועלט. אזא העלד בעדארף האבען ארום זיך מענשען, וועלכע זאלען שטעהן העכער פאר דער געוואוינליכער מאראל. איך בעט דיך, אויגוסט, משפט מיך נישט צו שטרענג. אויב דו ווילסט מיך דורכאויס פערטרייבען פון זיך, מאַ טויט מיך בעסער שוין דא אויפ׳ן ארט, ווייל דאס לעבען וואלט דאך סיי ווי סיי קיין ווערט נישט געהאט פאר מיר. מחשבות׳ן, אויגוסט, צי ווייסטו שוין, אז היינט ביי נאכט איז אנגעקומען אהער דער נאלדמאכער, דער אפטייקער בעטגער?

— איז ער שוין ענדליך דא? בעוואָרגט, אז מען זאל איהם נוט אבהיטען און נישט לאזען איהם אוועקנעהמען פון אויגן. ווען וועט ער אנהויבען מאכען זיינע פראבעס?

— די קומענדיגע נאכט.

— טא געה און מאך די נויטיגע הכנות. אויסער דעם גאלד־מאכער זאל קיינער דערביי נישט זיין, ווי איך, פירשטענבערג און דו.

פלעמינג האט זיך פערבויגען און איז אוועקגעגאנגען. אזוי־ארום איז עס דעם חונף געלונגען ווידער צו בלייבען א חשוב ביי׳ם קעניג. ער איז תיכף אוועקגעגאנגען אין דער קאנצעלאריע און האט צעריסען דארט דעם דעקרעט וועגען זיין דעמיסיע.

ווי ווייניג אויגוסט איז פעסט געווען אין זיין גנאָד, האָט פלעמינג פערהיזען צו בלייבען ביי איהם א חשוב כל ימיו, אָבער די פּרוּבּטען פון זיינע בעמיהונגען איז איהם נישט געלונגען צו געניסען. זיין ערשטע פרוי, די פירשטין סאפיעהא, האָט איהם געמאַכט די שטוב פאַר א גיהנום; זיין צווייטע פרוי, די פרינצעסין סאפיעהא, האָט איהם אָנגעטהון נאָך גרעסערע יסורים. אָבער אַלין, אַלין האָט פלעמינג געדולדיג געטראָגען, אַבי נור צו דערגרייכען צום ציעל פון זיין לעבען, צו ווערען הערצאָג פון קורלאַנד. אָבער ער איז געשטאָרבען אין די בעסטע יאָהרען, צוויי יאָהר פריהער פאַר'ן הערצאָג פון קורלאַנד, וואָס זיין קרוין האָט ער געוואָלט ירש'ענען. ער איז געשטאָרבען אין ווין, וואוהין ער איז געפאָהרען אין דער שליחות פון קעניג. די קירכע האָט דאַן פערלאַנגט 20 טויזענד מארק קבורה־געלד, און דעריבער האָט זיין קראנקע פרוי געלאָזט צושניידען זיין טויטען קערפּער אויף דריי חלקים, איינפּאַקען אין רייזע־קאַסטענס און אבשיקען קיין דרעזדען. קיין קינדער האָט פלעמינג נישט איבערגעלאָזען. זיין פערמעגען האָט בע־טראָפען א סומע פון זעכצעהן מיליאָן טהאַלער — וואָס איז אין יענער צייט געווען אומגעהויער גרויס. אויסער זיינע גרויסע גיטער האָט ער איבערגע־לאָזען צוועלף טאָן רייין גאָלד. נאָך זיין טויט האָט דער קעניג געלאָזט איהם מאַכען א פּראָצעס, אַנ'אויספאָרשונגס־קאָמיסיע האָט דערוויזען, אַז דעם גרעס־טען טהייל פון זיין פערמעגען האָט ער ערוואָרבען אויף א נישט־כשר'ן אופן. זיין אלמנה האָט געמוזט אָבגעבען אַכט מיליאָן פון דער ירושה דער קעניג־ליכער קאַסע.

פירשט לובאָמירסקי איז אַריינגעטראָטען אין פּוילען אין דער אַרמעע. די געשיכטע דערצעהלט וועגען איהם נור דאָס, אַז ער האָט אויסגע'הרג'עט פיעל פּראָטעסטאַנטען אין טהאָרן און דאַדורך בעפלעקט זיין נאָמען. טהאָרן איז דאַמאָלס געווען א פּוילישע שטאָדט. בשעת א פּראָצעסיע איז עס געקו־מען צו א קריעגעריי צווישען פּראָטעסטאַנטען און קאַטויליקען. דאַן איז פירשט לובאָמירסקי אַריינגעקומען אין שטאָדט אין שפּיץ פון 2400 מאַן און געלאָזט אויספיהרען א טויט־אורטהייל איבער'ן בירגערמייסטער רוזנער און ניין אַנדערע פּראָטעסטאַנטישע מאַגיסטראַט־פּערזאָן. די גאַנצע וועלט איז א פערציטערטע געוואָרען, הערענדיג וועגען דער רציחה. מען האָט אויך געמאַכט וועגען דעם א אינטערפּעלאַציע ביי'ם קעניג אויגוסט אויפ'ן רייכסטאַג אין רעגענסבורג. דער קעניג האָט ערקלערט, אַז ער איז נישט שולדיג, ווייל דאָס פערברעכען איז בעגאַנגען פירשט לובאָמירסקי אָהן זיין וויסען און געגען זיין ווילען. ווי אַזוי מען האָט דעם פירשט בע־שטראָפט דערפאַר—וועגען דעם דערצעהלט די געשיכטע גאָרנישט.

לאָמיר זשע ענדליך אומקעהרען זיך צוריק צו די הויפּט־העלדען פון אונזער געשיכטע.

## 25) פרומע מעשים פון א יוד אנ'עושר.

רבי בערמאן איז מיט זיין חתן-כלה אוועקגעפאָהרען קיין האלבער-שטאדט, וועהרענד זיין זוהן לעהמאן איז געבליבען אין דרעזדען, כדי צו בעזאָרגען דאָרט די לויפענדע געשעפטען, וועלכע זענען געוואָרען פון טאָג-צו-טאָג בעדייטענדער, וויל די פערטהוענדונג פון קעניג האָט זיך אלץ מעהר פערשטארקט און דער נאָלדמאכער בעטגער האָט גישט פערווירקליכט די האָפנונג, וואָס מען האָט געהאט געלעגט אויף איהם.

אין האלבערשטאדט האָט מען געפייערט עזרי'ס חתונה מיט ריזעל לעהמאן מיט גרויס פאראד. די גאנצע קהלה איז איינגעלאדען געוואָרען; אויך דער פאָטער פון קינד, וואָס רבי בערמאן האָט איהם מל'ה געווען, האָט געמוזט קומען. רבי בערמאן האָט בעקומען פאר איהם אנ'ערלויבניש צו בעזעצען זיך אין האלבערשטאדט. דעם יודען האָט מען גערופען לעב דרעזדען און זיינס אנ'אייניקעל, אויך א רבי לעב דרעזדען, האָט אין אנהויב פון 19-טען יאָהרהונדערט געשפיעלט א ראָלע אלס איינער פון די רייכסטע באנקירען נישט בלויז אין האלבערשטאדט, נאָר אויך אין דער גאנצער סביבה, די קינדס-קינדער פונ'ם דאָזיגען לעב דרעזדען האָבען פון האלבערשטאדט זיך פערשפרייט אין האמבורג און פיעל אנדערע דייטשע שטעדט, וואו זיי פערנעהמען נאָך עד היום אנגעזעהענע ערטער אין דער געזעלשאפט.

אויף דער חופה-וועטשערע, ווען די געסט האָבען זיך געלאָזט וואויל-געהן ביי פולע בעכערס וויין, האָט רבי בערמאן דערצעהלט די געשיכטע, ווי אזוי ער איז ניצול געוואָרען פון זיכערען טויט אויף א וואונדערליכען אופן. די געסט זענען נשתומם געוואָרען און האָבען בעוואונדערט דעם אופן, ווי אזוי דער אויבערשטער האָט געשיקט זיין הילף דעם פרומען מאן דווקא דורכ'ן מקיים זיין א גרויסע מצוה. דאן האָט רבי בערמאן זיך אויפגעהויבען און געזאָגט:

מיינע פריינד! ווען יעקב אבינו איז ענדליך ניצול געוואָרען פון אלע געפאהרען, וואָס האָבען איהם געדראָהט, ווען דער אויבערשטער האָט איהם בעפרייט פון לבנ'ס הנגה, וועלכער האָט איהם און זיינע ווייבער און קינדער געסטראשעט מיט'ן טויט, ווען דער אויבערשטער האָט איהם גע-ראטעוועט פון די הענד פון זיין ברודער עשו, וועלכער האָט געוואָלט אומ-ברענגען זיינע פרויען מיט זייערע קינדער, דאן איז יעקב אבינו אנגעקו-מען גליקליך אין סוכות, נישט ווייט פון שכם, געזונד און פריש, ווי

איך אויפגעקלערט אין ג—ט׳ס תורה, וועלכע ער האָט גישט פֿאַרלאָזען אויף אין לבנ׳ס הויז, וואויל-דערהאַלטען מיט זיין פערמעגען, — און דאַן האָט יעקב אבינו געזאָגט: „איך וויל שוין גיט דער דאָזיגער שטאָדט, נאָכדעם ווי איך בין געראַטעוועט געוואָרען פון אַלע געפאַהרען“. ווי אונזערע חכמים דערצעהלען אין מסכת שבת, האָט אויך אַזוי געזאָגט דער תנא, רבי שמעון בן יוחאי, ווען דער אויבערשטער האָט איהם בעפרייט פון די הענד פון רוימישען קייזער, וועלכער האָט איהם געשטראַשטעט מיט׳ן טויט. און אַזוי זאָג איך אויך היינט: איך וויל איינאָרדנען עפעס-וואָס גוטס פאַר מיין שטאָדט און פאַר מיין קהלה, ווארום אויב איך ליעב היינט אַלע מענשען און בעזונדערס אַלע יודען, איז דאָך מיר בעזונדערס ליעב און טייער מיין קהלה, די יודישע קהלה און מיין געבורטס-שטאָדט. איך וויל דערויבער גרינדען עפעס אַ גרויסאַרטיגע זאַך, וואָס זאָל בלייבען אויף עולמות און איך בעט אייך, רבי, מאַכט מיר אַ געהעריגען פאָרשלאַג מכח דעם.

דער רב, רבי הירש, האָט זיך תיכף דערהויבען און געזאָגט:

— יברכך אלקים, רבי בערמאַן! ג—ט׳ס נגאָד האָט זיך אַראָבגעלאָזען אויף אייך אין אַ גאָר גרויסער מאָס, און איהר קאָנט גישט אויפטהון קיין בעסערע זאַך, ווי גרינדען דאָ אַ ישיבה פאַר׳ן למוד התורה. גרינדעט אַ בית-המדרש, אַ ישיבה און זעצט אַוועק דריי ראשי-ישיבה, וועלכע וועלען קיין אַנדער זאַך נישט דאַרפען טהון ווי לערנען אַליין און לערנען מיט תלמידים. נישט דער רב אַליין קאָן ענטוויקלען דעם למוד-התורה, ער מוז אויך חברים האָבען, וואָס זאָלען איהם בעהילפיג זיין און ביי וועלכע די תלמידים זאָלען געפינען תמיד געטריי וועקער און בעלוינער. דערויבער בעט איך אייך, רבי בערמאַן, גרינדעט אַ קלויז, וואָס זאָל זיין אָבגעשלאָסען פון דער גאַנצער וועלט און זאָל זיך בעשעפטיגען גור מיט „ללמוד וללמד“, מ׳היימט אַליין לערנען און לערנען מיט׳ן אַנדערען. קיין גרעסערע וואוילטהעטיגע זאַך איז נישטאָ און איהר וועט דאַדורך ווערען דער וואוילטהעטער פון האַלבערשטאַדט.

רבי בערמאַן האָט דערויף באַלד איינגעשטימט. אויף מאָרגענס האָט ער שוין געקויפט אַ גרויסען פּלאַץ, נישט וויט פון דער שוהל און האָט דאָרט געלאָזט אויפבויען צוויי פּרעכטיגע בנינים, וואו מען האָט אויך איינגעאָרדנעט בעקוועמע דריי דירות פאַר די ראשי ישיבה. אויסערדעם איז דאָרט געווען אַ גרויסער בית המדרש און וואוינונגען פאַר די ישיבה-בחורים כדי די רביים און תלמידים זאָלען פערשפּאָרען צו פערלאָזען אַמאָל די ישיבה אָהן נוצען. מען האָט אויך איינגעאָרדנעט אַ ווערטפולע ביבליאָטעק מיט פיעל ספרים. נעבען די בנינים האָט זיך געפונען אַ גרויסער גאָרטען, כדי צו האָבען פאַר די ישיבה-לייט איינענע פּרוכטען און ירקות און די ישיבה-לייט זאָלען דאָרט קענען שפּאַצירען געהן, ווען זיי וועלען ברויכען זיך אויסרוהען און הייבען בעוועגונגען אויף דער פרייער לופט.

דאָס אַלץ האָט רבי בערמאַן געלאָזט אויפֿבויען און איינגעאָרדנעט מיט אייגענע מיטלען, און דערביי האָט ער גאָר נישט געטראַכט וועגן דעם אייגענעם כּבֿוד: נישט ער האָט פֿערלאַנגט, אַז מען זאָל נאָך איהם קדיש זאָגען, נישט ער האָט געפֿאָדערט, אַז מען זאָל פֿייערען זיין יאָהרצייט און מאַכען נאָך איהם אַ הזכּרה; ער האָט נור געטראַכט וועגען דער זאַך אַליין און די גאַנצע גרינדונג איז געווען געווידמעט נור דעם למוד־התּורה. ער האָט נישט בלויז אַליין געקויפֿט פֿאַר זיין געלד, ער האָט געפֿונדעוועט גרויסע קאַפּיטאַלען מיליאָנען אין בערלינער בענק, טייל וויז אין האַלבערשטאַדטער, כּדי אַז מיט די פּראָצענטער זאָל מען קאָנען אויסהאַלטען די לומדי תּורה, און די דאָזיגע גרינדונג עקזיסטירט נאָך עד היום. נאָר די צאָהל פֿון די תּלמידי חכמים האָט מען שוין מיט פֿיעל יאָהר צוריק פֿערקלענערט אויף צוויי, וויל מיט די פּראָצענטער קאָן מען שוין מעהר נישט אויסהאַלטען קיין דריי ראשי ישיבה מיט זייערע משפּחות. ביי'ם פֿערשמאַרקטען יקרות אין דער לעצטער צייט קאָן מען שוין צוויי תּלמידי חכמים אויך שווער אויסהאַלטען. וואָס פֿאַר אַ ברכה רבי בערמאַן האָט געבראַכט מיט זיין גרינדונג אין פֿערלויף פֿון שוין צוויי הונדערט יאָהר, איז גאָרנישט צו בעשרייבען. אָה, שענע יוגענד־צייט, אָה, הייליגע זכרונות! אויך איך, דער ערצעהלער פֿון דער דאָזיגער געשיכטע, האָב רוהיג געלערענט אין רבי בערמאַנ'ס קלויז. ווי אָפֿט האָב איך זיך געוואַרימט אין קאַלטען ווינטער דאָרט ביי'ם געהייצטען אויבען, וועלכע רבי בערמאַן האָט אַליין געלאָזט אויפֿשטעלען! דאָס איז אַנ'אייזערנער אויבען, וועלכען רבי בערמאַן האָט געלאָזט אויסגיעסען אין זיינע גוס־אייזען־פֿאַבריקען אין בלאַנקענבערג. אויף די אייזערנע פּלאַטען געפֿינט זיך זיין נאָמען, דער נאָמען פֿון זיין פֿרוי און זיין הערב, וואָס דער פּרייסישער קעניג, דאַמאָלס נאָך בראַנדענבורגער קורפֿירשט האָט איהם געגעבען: אַ בער מיט צוזאַמענגעבונדענע פֿאָדער־פֿיס, וועלכען אַ מענש פֿיהרט אויף אַ שטריק. — זומער־צייט פֿלעגען מיר דאָרט שפּאַצירען געהן אין גאָרטען און מיר פֿלעגען שפּיעלען און בעהעלטעניש הינטער די ביימער און דער שטאָדט־מויער, וואָס ציהט זיך דאָרט. יעצט עקזיסטירט שוין מעהר נישט די דאַמאָליגע שטאָדט־מויער, מען האָט זי אַרונטערגעריסען און אויך די קלויז־געביידע איז שוין אַנ'אַנדערע געוואָרען. די אַלטע הייזער, וועלכע רבי בערמאַן האָט געהאַט אויסגעבויט, זענען במשך פֿון דער לאַנגער צייט אַלט געוואָרען און איינגעפֿאַלען, און דער קאָמערציען־ראַט יאָזעף הירש, עליו השלום, האָט מיט אַ יאָהר פֿופֿציג צוריק, צוזאַמען מיט אייניגע פֿריינד, געלאָזט אויפֿבויען אַ נייע געביידע פֿיעל שענער און גרעסער, ווי די פֿערצייטיגע. דאָרט געפֿינט זיך שוין היינט אויך, אויסער דער שוהל מיט'ן בית־המדרש, אַנ'עלעמענטאַר־שולע. רבי בערמאַן איז געווען דער גרינדער, רבי יאָזעף הירש — דער איבערבויער און בעניייער פֿון דער קלויז.

פֿאַר רבי בערמאַן איז יעצט געקומען אַ צייט פֿון רוה און פֿריידען. זיין קלויז האָט אַנגאַזשירט דריי ראשי-ישיבה; תלמידים זענען געקומען פֿון אַלע זייטען זעהר פֿיעל; די צאָהל בעלי-בתים אין דער קהלה האָט זיך פֿערגרעסערט פֿון טאָג-צו-טאָג און אָט האָבען זיי שטאַרק מקרב געווען די פֿיעל ישיבה-לייט. דערווייל איז געשטאָרבען רבי בערמאַנ'ס פֿרוי די פֿרומע מרים, וועלכע האָט שוין לאַנג געקרענקט. רבי בערמאַן האָט שטאַרק געטרויערט נאָך איהר, אָבער דאָך האָט ער געמוזט נאָכגעבען דאָס נורייערען פֿון זיינע פֿריינד, בעזונדערס פֿונ'ם רב, און ער האָט צום צווייטען מאָל חתונה געהאַט. זיין צווייטע פֿרוי, חנה, איז געווען אַ טאָכטער פֿונ'ם פראַנקפֿורטער פּרנס, רבי מענדעל בער. זי איז אפילו געווען בעדייטענד יונגער פֿאַר איהר מאַן, אָבער איז איהם געווען געטריי, אַן אמת'ע חבר'טע אין לעבען. זי האָט איהם געבוירען אַ זוהן, וועלכען ער האָט אַ נאָמען געגעבען קאַסמאַן. קיין דרעזדען איז רבי בערמאַן שוין מעהר נישט געפֿאָהרען. זיין זוהן און זיין איידעם האָבען דאָרט געפֿיהרט די געשעפֿטען מיט גרויס הצלחה.

רבי בערמאַנ'ס הויפּט-געשעפֿט איז געווען זיין קלויז. די עניני הקהלה, די ערציהונג פֿון זיין זוהן קאַסמאַן, וועלכען ער האָט געלאָזט לערנען תלמוד ביי אַ טיכטיגען למדן. אָבער אָט איז פּלוצלונג געקומען אַ שליח-מיוחד—נישט פֿונ'ם קעניג, נאָר פֿון דער גרעפֿין קאָזעל, וועלכע האָט איהם דרינגענד געבעטען צו קומען תיכף קיין דרעזדען.

---

# 38) גרויסע יודישע משפחות.

די גרעפֿין קאָזעל האָט ענדליך זיך צוגעגעסען דעם קעניג אויגוסט. אין וואַרשא האָט דער קעניג זיך בעקענט מיט דער גרעפֿין דענהאָף, אַ טאָכטער פֿון פֿירשט ביעלינסקי, דעם פּוילישען קרוין-גרויס-מאַרשאַל. די גרעפֿין האָט ווי פֿריהער גרעפֿין לובאָמירסקאַ, זיך געלאָזט שיידען פֿון איהר מאַן און איז אָבגעפֿאָהרען מיט'ן קעניג קיין דרעזדען. די גרעפֿין קאָזעל האָט דערווייל דערהאַלטען אַ בעפֿעהל פֿון קעניג צו פֿערלאָזען דעם פּאַלאַץ אין דרעזדענער שלאָס, כלומר'שט דערפֿאַר, וואָס דער קעניג וויל אונטערנעהמען נייע בוי-אַרבייטען. דערביי האָט מען איהר אָנגעזאָגט, אַז זי זאָל זיך אַריבערציהען אין לוסט-שלאָס פּילניטש.

ווען רבי בערמאַן איז געקומען קיין דרעזדען, איז די גרעפֿין שוין געווען אין פּילניטש. ביי רבי בערמאַן אין קאַנטאָר האָט זי איבערגעלאָזען אַ ביטע, אַז ער זאָל קומען צו איהר אין שלאָס אַריין.

— אָה, אָט ביזטו ענדליך דאָ! — האָט די גרעפֿין בעגעגענט דעם אַריינקומענדען רבי בערמאַן—זיי שטאַרק האָב איך געבענקט נאָך דיר! אָה, בעהרענד, נור דו אַליין ביזט בראַוו און געטריי; אַלע איבריגע קאָבען מיך

פֿאַרלאָזן און זענען מײַנע פֿײַנד געוואָרן. מענטשן, וועלכע איך האָב פֿון שטוב דערהויבן, וועלכע פֿאַרדאַנקען מיר זייער גאַנצן גליק, רודפֿ'ן מיך יעצט זינט דער קעניג האָט פֿון מיר אָפּגעטאָן זײַן גנאָד. איך מוז זײַן ליעבשאַפֿט ווידער בעקומען, און דו, בעהרענד, זאָלסט מיר דערין בעהילפֿיג זײַן. אָה, גיב מיר דערצו אַ מיטעל און איך וועל דיך קעניגליך בעלוינען!

— גנעדיגע גרעפֿין, איך פֿאַרשטעה אײַך ניט!

— ס'איז דאָך פֿאַרהאַן אַ געהײמע וויסענשאַפֿט בײַ אײַך יודען, וועלכע מען רופֿט קבלה!

— געוויס.

— און דו ביזט דאָך אַ בקי און אין דער וויסענשאַפֿט, ליגט עס ניט אָב. ווארום ווי אַזוי וואָלסטו דען געקאָנט אָהן איהר ראַטעווען זיך פֿון זיכערען טויט אין קעניגשטיין?

— איך ווייס ניט פֿון דער קבלה. אמת, דער אויבערשטער האָט מיך געראַטעוועט אויף אַ וואונדערליכען אופֿן, אָבער דאָס איז פֿאָרגעקומען גאַנץ נאַטירליך. דאָס איז געווען אַן אַקט פֿון השגחה פּרטית, וואָס דער רבונו של עולם האָט מיר דערוויזען, כאָטש כ'האָב עס גאָר ניט פֿערדינט.

— בעהרענד, דו ווייסט, אַז בשעת דער קעניג האָט זיך צו מיר געשראָכ'ט (?) האָט ער מיר געמוזט אַרויסגעבען אַ שריפֿטליכע הבטחה, אַז ער וועט מיט מיר חתונה האָבען. איך האָב זיך תמיד בעטראַכט אַלס זײַן פֿרוי. יעצט וויל ער מיך אָבשטויסען אָן אַ זײַט און צוגעהמען בײַ מיר זײַן שריפֿטליכע הבטחה, אָבער ער וועט זי בײַ מיר ניט בעקומען. שטאַרבען וועל איך, אָבגעבען וועל איך זי איהם ניט. בעהרענד העלף מיר, ראַטעווע מיך! גיב מיר אַ מיטעל ווידער צו געווינען די ליעבשאַפֿט פֿון קעניג!

— גנעדיגע גרעפֿין, איהר פֿערלאַנגט פֿון מיר אַן אוממעגליכע זאַך!

— בעהרענד, איך ווייס, אַז דו טהוסט אַלץ פֿאַר דײַנע יודישע ברידער. דו שענקסט פֿאַר זיי דײַן לעבען און פֿערמעגען. אָה, העלף מיר, בעהרענד, און איך בין דיר מבטיח מגייר צו זײַן זיך!

דער רעזידענט האָט אַ שמייכעל געטהון.

— און ווען איהר וואָלט מיר מבטיח געווען אפֿילו, אַז אויך דער קעניג וועט אַ יוד ווערען, וואָלט איך אײַך אויך ניט קאָנען העלפֿען.

— און די קבלה?

— איך פֿערשטעה ניט אין איהר.

— טאָ וויַיזט מיר אָן לפחות אַ רב, וועלכער זאָל מיר געבען אַ קמיע, וואָס דורך איהר זאָל איך ווידער קאָנען צובינדען דעם קעניג צו זיך.

— אפֿילו ווען דאָס זאָל מעגליך זײַן, וואָלט קײן רב און דער וועלט ניט אָנגעווענדעט דערויף די קבלה און מיסברויכען אויף אַזאַ אופֿן ג—ט'ס הייליגען נאָמען.

— טאָ גיעבט מיר אַן עצה: וואָס זאָל איך טהון?

— אונטערגעבען זיך געדולדיג אַ זאַך, וואָס מען קאָן נישט ענדערן. ווירמעט פון יעצט אָן אייער גאַנץ לעבען דער ערציהונג פון אייערע קינדער.

די גרעפין האָט פערוואונדערט אָנגעקוקט רבי בערמאַן. אַ שטראָם טרערען האָט זיך אַ גאָס געטהון פון איהרע אויגען.

— בערהערענד—האָט זי געזאָגט—אויב דו הילפסט נישט, אָדער קאָנסט טאַקי נישט העלפען מיר, וועל איך דאָך פאָרט ווערען אַ יודינע! זיינט איך קען דיך, ווייס איך, אַז דאָס יודענטום איז די ריכטיגסטע און איינציגסטע רעליגיע, ס'איז פאַרהאַן נור איין ג—ט! דער ג—ט פון ישראל איז דער שעפער פון דער גאַנצער וועלט און ישראל איז זיין אויסערוועהלט פאָלק. נור ביי דיר בערהערענד האָב איך געפונען געטריישאַפט, אמונה און ריכטיגע צדקות. דו האָסט אַליין דיינע פיינד מוחל געווען! דעם איבערשטענס געבאָטען, ווי איהר, יודען, היט זיי אָב, זענען אמת און חערליך. אַלע אפילו די אונפערשטענדליכע געבאָטען, ווי למשל, דאָס געבאָט נישט צו טראָגען אין די מלבושים קיין וואָל מיט פלאַקס צוזאַמען (שעטנז) זענען אויך ריכטיג, ערהאַבען און ריינע וואַהרהייט, ווי איך האָב עס אַליין דערלעבט צו זעהען. בערהערענד, נעהם מיך צו זיך קיין האַלבערשטאַדט, איך וויל דאָרט ווערען אַ יודינע!

— גנעדיגע גרעפין—האָט רבי בערמאַן געזאָגט—דאָס איז אונמעגליך. די געזעצען בעשטראָפען מיט'ן טויט פאַר'ן איבערגעהן פון קריסטענטום צום יודענטום. אָבער עס איז אויך גאָר נישט נויטיג פאַר אייך איבערצוגעהן צום יודענטום. אונזערע חכמים לערנען אונז: „חסידי אומות העולם יש להם חלק לעולם הבא“—די פרומע לייט, יודען ווי נישט־יודען האָבען אַנטייל אין קינפטיגען לעבען, ווי נור זיי פערעהרען ג—ט און שטרעבען אויפריכטיג צו אַן ערהליך לעבען. ס'איז גענוג, ווען זיי טראָגען אין האַרצען די וואַהרהייטען פון דער יודישער אמונה און אָנערקענען אונזער הייליגע רעליגיע. איך וועל אייך צושיקען אונזערע פרקי־אבות, ס'הייסט, די עטיק פון אונזער רעליגיע. איך וועל עס לאָזען ספּעציעל פאַר אייך איבערזעצען אויף דייטש.

— אָה, טהו עס, בערהערענד. פאַר מיר ליגט אַ לאַנג לעבען, פול טרויער. איך מוז זוכען טרייסט און געפינען, כדי צו קאָנען טראָגען דאָס לעבען. איך וועל פלייסיג לערנען די שריפטען, וואָס דו וועסט מיר שיקען און דאַן... דאַן וועל איך, אויף להכעיס אַלע געפאַהרען, זיך עפענטליך מגייר זיין.

רבי בערמאַן האָט גענומען אָבשיעד פון דער גרעפין און איז געקומען צוריק קיין דרעזדען, וואו ער האָט נאָך פאַרבראַכט עטליכע טעג ביי זיינע קינדער.

בינו לבינו האָבען די נײַע געליעבטע פֿון קעניג און זייער אויבער־הויף־מאַרשאַל באַראָן לעווענדאל בעוויזען דעם קעניג אַנצונעהמען ערנסטע מיטלען געגען גרעפֿין קאָזעל. באַראָן לעווענדאל, אַ לאַנדסמאַן און אַ קרוב פֿון גרעפֿין קאָזעל — זײַן פֿרוי איז געװען קוזינע פֿון דער גרעפֿין — איז געװען דערהויבען צו זײַן שטעלע נור דורך דעם חסד און דער השתדלות פֿון גרעפֿין קאָזעל. דערדורך האָט זיך זיך צוקריגט מיט'ן גאַנצען זאַקסי־שען אַדעל. און אָט האָט יעצט דער באַראָן אַרויסגעװיזען זײַן דאַנקבאַרקייט: ער האָט נע'רודפ'ט די גרעפֿין מיט אַלערליי מיטלען, ביז ער האָט דערזעהען, אַז זי האָט פֿערלוירען דעם חן בײַ'ם קעניג. ער האָט זי אַרומגערינגעלט מיט שפּיאָנען און האָט געמעלדעט אויף אַ העפֿליכען אופֿן דעם קעניג יעדעס װאָרט איהרס.

רבי בערמאַן איז נאָך געװען אין דרעזדען, װען דער קעניג האָט אַרויסגעגעבען אַ בעפֿעהל צו אַרעסטירען די גרעפֿין. די לעצטע האָט זיך אָבער דערוואוסט װעגען דעם בעדײַטענד פֿריהער און איז אַנטלאָפֿען קײַן פּרײַסען, אין בערלין, וואו זי איז אָנגעקומען אין הויף פֿון קעניג פֿרידריך װילהעלם דעם ערשטען, אַ זוהן פֿון קורפֿירשט פֿרידריך, װעלכער האָט זיך אַליין אָנגעטהון די קעניגליכע קרוין און װעלכען מיר האָבען בעגעגענט אין אַנ־הויב פֿון אונזער ערצעהלונג. לויט דער פֿאָדערונג פֿון קעניג אויגוסט, האָט דער פּרײַסישער קעניג געלאָזט אָבפֿאָהרען די גרעפֿין קײַן האַלע, װאו ס'האָבען זי ערװאַרטעט זאַקסישע בעפֿולמעכטיגטע און אָבגעפֿיהרט איהר אין שלאָס שטאָלפּען, װאו ס'איז פֿריהער געװען די זומער־רעזידענץ פֿון די בישאָפֿען פֿון מאַסען.

רבי בערמאַן איז אָבגעפֿאָהרען צוריק קײַן האַלבערשטאַדט. דאָרט האָט ער אײַנגעלאַדען צו זיך אַ פּראָטעסטאַנטישען גלח, בערענשאַץ, װעל־כער האָט אונטער זײַן אָנװײַזונג איבערזעצט אויף דײַטש די פּרקי־אבות. דעם דאָזיגען כתב־יד האָט רבי בערמאַן געלאָזט איבערשיקען דער גרעפֿין קאָזעל.

די גרעפֿין האָט דעם דאָזיגען ספֿר געלעזען, װידער געלעזען און נאָך אַמאָל איבערגעלעזען און זיך ניט געקאָנט זאַט אָנלעזען. די יודישע עטיק, װאָס זי האָט דאָ געפֿונען, איז געװען פֿאַר איהר גאָר נײַ. זי האָט אויסערדעם אויך פֿיעל געלעזען דעם תנ"ך. זי איז דאַמאָלס אַלט געװען זעקס און דרײַסיג יאָהר און איז געשטאַנען אין דער פֿולער ענטװיקלונג פֿון איהר װאונדערבאַרער שענהײַט, װעלכע זי האָט דערהאַלטען ביז אין די עלטעסטע יאָהרען אַרײַן. װען דער פֿירשט פֿון ליק האָט איהר אײַנמאָל בעזוכט, האָט זי איהם דערצעהלט, אַז זי האַלט עס פֿאַר אַן אמת'ן גליק, װאָס זי איז געצװאונגען צו פֿיהרען אַן אײַנזאַמען לעבען. אין איהר אײַנזאַמ־קײַט האָט זי זיך גרינדליך בעקאַנט מיט אַלע רעליגיעס און אײַנגעזעהען, אַז דאָס יודענטום איז די אײנציגע אמת'ע און ריכטיגע רעליגיע, צום אָבּ־

שפּעטער האָט זי געשאָנקען דעם פּירושט אַ תנ"ך מיט בעמערקונגען, וואָס האָט מיט דער אייגענער האַנד געשריבען אין פערשידענע ערטער. דער פּירושט האָט עס דערצעהלט און זיינע זכרונות, וועלכע זענען שפּעטער פערעפענטליכט געוואָרען אין דרוק אין אַ פראַנצויזישען זשורנאַל.

רבי בערמאַן האָט דערלעבט אַ גאַנץ גרויסען עלטער. אַ קורצע צייט פאַר זיין טויט האָט ער אָבגעזאָגט די קהלה־פירערשאַפט זיין זוהן רבי קאָסמאַן, וועלכער איז אין צדקה־ענינים געווען אַן עכטער זוהן פון זיין פאָטער. ניט לאַנג פאַר דעם איז אויך קעניג אויגוסט געשטאָרבען. מיט זיין טויט האָט די גרעפין קאָזעל צוריק בעקומען איהר פרייהייט. זי איז תיכף אָבגעפאָהרען קיין האַלבערשטאַדט, כדי עפענטליך איבערצייגען זיך צום יודענטום אונטער רבי בערמאַנס הנהגה. אָבער זי האָט דעם שוין נישט געפונען בחיים לעבען. זי האָט בעזוכט זיין קבר און האָט דאָרט לאַנג געוויינט. דאָרט האָט זי זיך דערטאָהנט רבי בערמאַנס ווערטער, אַז ס'איז בכלל נישט נויטיג פאַר איהר מגייר צו זיין זיך, אויב זי זאָל נור אָבהיטען ג—ט'ס געבאָטען, די יודישע צניעות און די מענשענליעבע, ווי די יודישע תורה און די יודישע חכמים לערנען עס. זי איז אָבגעפאָהרען צוריק קיין סטאָלפּען וואו זי האָט נאָך געלעבט איבער 30 יאָהר. זי האָט דערלעבט, ווי איהר יונגסטע טאָכטער פרידעריקע, וועלכע האָט חתונה געהאַט מיט גראַף מאָסרינסקי, איז געוואָרען די פאַקטישע הערשערין אין דרעזדען. אויב די גרעפין קאָזעל איז פאַקטיש אפילו נישט איבערגעגאַנגען צום יודענטום האָבען אַלע איהרע בעקאַנטע ערקלערט, אַז זי האַלט זיך פאַר אַ ווירקליכע יודינע. געשטאָרבען איז זי אין יאָהר 1765, אַלט 85 יאָהר לויט ווי עס זאָגען די וואָס האָבען איהר געקענט שוין אין טיעפען עלטער איז זי אויסער איהר פרומקייט געווען שעהן ביז'ן טויט.

ווען דו, ליעבער לעזער, וועסט אַ מאָל קומען קיין האַלבערשטאַדט, פאַרגעס נישט צו בעזוכען דעם דאָרטיגען יודישען בית־החיים. דאָרט רוהען די ביינער פון רבי בערמאַן און פון זיין פרוינה, רבי הירש חריף, וועלכער איז געקומען מיט איהם אַמאָל פון פוילען צו פערנעהמען די רבנות אין האַלבערשטאַדט. פון ביידע קברים איז אַרויסגעוואַקסען צו אַ זילבער־ווייסע קעריטע, ביידע פּיסטער פעראייניגען זייערע שפּיצען און זענען אַזוי אַרום אַ בילד פון דער ווירקליכער פריינדשאַפט, וואָס האָט פעראייניגט ביידע יודען בחיים לעבען.

רבי בערמאַנס קינדס־קינדער האָבען זיך פערשפּרייט איבער גאַנץ דייטשלאַנד. זיי טיילען זיך איין אין צוויי צווייגען: דער דרעזדענער הייסט „לעהמאַן" נאָכ'ן עלטסטען זוהן פון רעזידענט, וועלכער פלעגט זיך אונטערשרייבען לעהמאַן בעהרענד. דער האַלבערשטאַדטער צווייג הייסט בעהרענד, רבי קאָסמאַנס אַ זוהן האָט געהייסען אויך רבי בערמאַן און זיין זוהן איז געווען רבי מיכאל בעהרענד, דער גרינדער פון באַנק־הויז בעהרענד

אין האַנאַווער. פֿון דער דאָזיגער משפּחה זענען אויך אַרויסגעקומען פֿיעל לומדים מפורסמים, ווי למשל, רבי יעקב האַנאָווער, וועלכער האָט געלעבט אין האַלבערשטאַדט אין קלויז אַלס ראש-ישיבה, און דער בעוואוסטער חכם צחק בערנייס, דער אָבער ראַבינער פֿון האַמבורג.

אָבער נישט בלויז מיט זיינע קינדס-קינדער איז רבי בערמאַן בעוואוסט, נור אויך מיט זיינע מעשים-טובים, דורך וועלכע ער איז געוואָרען דער גרינדער פֿון דער האַלבערשטאַדטער קהלה. זיין גייסט האָט אַרויפגעלעגט זיין שטעמפּעל אויף דער קהלה. נאָך עד היום בליהט דאָרט דער למוד התורה אינ'ם זין, ווי רבי בערמאַן האָט עס פֿערלאַנגט. די פֿיעל גאונים, וועלכע האָבען אין האַלבערשטאַדט קלויז זייער תורה געשעפּט, זענען געוואָרען אַ צירונג פֿאַר'ן יודענטום. אַזוי אויך, למשל, דער גרויסער גאון, ד"ר הילדעסהיימער זכרונו לברכה, דער בערלינער רב, וועלכער האָט זיך אויך געשטעלט פֿאַר אַ צוועק אין לעבען צו פֿערברייטען דעם למוד-התורה.

רייך איז רבי בערמאַן קיינמאָל נישט געווען און נאָך זיין טויט האָט ער אויך קיין גרויסע עשירות נישט איבערגעלאָזען. דאָס פֿיעל געלד, וואָס ער האָט פֿערדיענט, האָט ער תמיד בעטראַכט נור אַלס מיטעל צו דערגרייכען זיינע גרויסע צילען אין לעבען, וועלכע זענען געווען: תורה און צדקה. ער האָט געטיילט צדקה מיט אַ רייכער האַנד, ווען ס'האָט זיך נור געהאַנדעלט וועגען טהון ווירקליך מעשים-טובים. ג—ט'ס ברכה רוהט נאָך עד-היום אויף זיינע מעשים. **זכר צדיק לברכה!**

## ענדע.

